

ל. מלאך: „פון פוילן ביז טערקיי“

רעפּאָרטאַזשן

אַרויסגעגעבן פון „ל. מלאך-קאָמיטעט“ אין פּאַריז

ל. מלאך

# פון פוילן ביז טערקײַ

רעפּאָרטאַזשן

פֿאַרלאַג פון אַ. ב. צעראַטא / פּאַריז

1 9 3 9

# זוכצעטל

זייט

זייט

ר ו מ ע נ י ע :

זייט



ג ר י כ נ ל אַ נ ד :



ט ע ר ק י י :



ב י ל ד ע ר :

# פאָרוואָרט

...ם פאָרליגנדיקע בוך „פון פוילן ביז טערקיי" איז א ווייטערדיקער ציקל ...פאָרטאַזשן פונעם פאַרשטאָרבענעם שרייבער ל. מלאך.

אי... עם לעצטן רעפּאָרטאַזשן-בוך „פון שפּאַניע ביז האָלאַנד" (פאַרלאַג ...ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע 1937) האָט ל. מלאך געגעבן פיל-...פאַרביקע און באַדייטיקע בילדער פון לעבנס-שטייגער, מנהגים, קולטור און קאַמף-שטרעמונגען פון די אייראָפּעאישע פעלקער און פון די יידישע קבוצים — נייע נעסטן פון אונדזער עמיגראַציע אין די לעצטע יאָרן.

דאָס בוך רעפּאָרטאַזשן „פון פוילן ביז טערקיי" פאַרמאָגט אין זיך א סך אינטערעסאַנטע אויפצייכענונגען, סקיצן, עטיודן. די טעמאַטיק גיט אונדז ניט נאָר אויפגעכאַפּטן מאַטעריאַל פון א קינסטלער, נאָר א ווי...ניקע דאָקומענטאַציע פונעם לעבן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און פ... ...יידן אין די פאָלגנדיקע אַכט לענדער: פוילן, עסטלאַנד, ליטע, לע... טשעכאָסלאָוואַקיי, רומעניע, גריכנלאַנד און טערקיי.

זייער א רייכן, ערנצטן און קולטור-געשיכטלעכן שטאָף אנטהאַלט... רעפּאָרטאַזשן, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דאָס יידישע ... לעבן אויפן פאָן פון אַרבעט, פרייהייטס-קאַמף, צוזאַמענלעבן מיט ד... הערשנדיקער באַפעלקערונג אין די איצטיקע צייטן פון עקאָנאָמישן בויק... און יידן-אויסראָטונג. א באַזונדערן קאָלאָריט האָבן די נאַטור-ב... שרייבונגען, וואָס אַנטפּלעקן זיך פאַרן אויג ווי גרויסע פּלאַסט... בילדער, געמאָלטע מיט דער געניטער פּען פון קינסטלער-רעפּאָרטער, גע-פירעמט אין פיל פרעכטיקע פאַרגלייכן, וואָס פאַראיידלען און דערנענ...ן צו אונדז יעדע ווייטקייט פון א לאַנד. אין אַלע רעפּאָרטאַזשן, פאַרנעמ... דאָס דאָמינירנדיקע אָרט דער מענטש אין זיין פרייהייטס-געראַנגל.

— די רעפּאָרטאַזשן זענען טיילווייז שוין געווען פאַרעפנטלעכט ... צייטונגען און זשורנאַלן. דער גאַנצער רעפּאָרטאַזשן-מאַטעריאַל איז זאָ...פעלטיק צונויפגעקליבן געוואָרן פון פרוי לאָטע פּידלער-מלאך ... ...יאַקטירט פון א. ב. צעראַטאַ און י. טאַפּטשע.

...בערגעבנדיק דאָס דאָזיקע בוך צו ...ער עפנטלעכקייט, רופט דער „מלאך-קאָמיטעט" ...ין פּאַריז די יידישע לייענער צו ווערן מיטהעלפ... פאַר די ווייטערדיקע אויסגאַבעס פון ל. מלאכס ווערק, וואָס זענען ... געבליבן אין מאַנוסקריפּט מיט זייער שטיצע ...ן די לייענער אַרויס... די צוגעבונדנקייט ...ן פאַרשטאָרבענעם קעמפער-שרייבער, וועלכער ה... שטענדיק גערופן: „צו ליכט און וויסן".

פּאַריז, יאַנואַר 1939.

„ל. מלאך-קאָמיטעט" אין פּ...



# יוגנט הימן

בלאָנדזשע מער נישט אין דער פינצטער,
וואַנדער מער ניט אין דער נאַכט, —
פריי און מוטיק, פאָרויס, ברודער,
ליכט און וויסן איז דיין מאַכט !

ניט לאָז פון צווייפל זיך באַהערשן,
טויט דעם יאוש אין דיין ברוסט,
פריי און מוטיק פארויס, ברודער,
ס׳וועט דער קאַמף נישט זיין אומזיסט.

ס׳וועט אַ העלע זון אויפשיינען
און באַשטראַלן פריש די ערד,
נאָר ביז דאַן זיי מוטיק, ברודער,
ניט פאַרלאָז פון האַנט די שווערד !

מעג דער וועג זיין פול מיט שטיינער,
שרעק זיך, ברודער־יוגנט, ניט —
פאַר דער פרייהייט מוז מען קעמפן
ביז צום לעצטן טראָפן בלוט.

לייב מלאך.

# פּעקלעך

פּאַר מיין אָפּפאָרן פון פּאַריז קיין פּוילן האָבן זיך אַ סך מענטשן צו מיר געווענדעט מיט דער בקשה:

„איר פאָרט קיין פּוילן? נעמט עפּעס מיט פאַר מיינע נאָענטע און אייגענע. אַ פּעקעלע, וואָס עס זאָל ניט זיין... אַלטע מלבושים, שיך, עסנוואַרג און דער עיקר — פּאָמעראַנצן."

דער עלנט פון די יידישע מאַסן אין פּוילן שרייט אַריבער אַלע גרענעצן. אין אויסלאַנד וויל מען העלפן, נאָר — מען לאָזט ניט. פּוילן איז נאָך דערצו אַ פאַרשייטע קבצנטע. און עס שטייט איר ניט אָן, אַז מען זאָל פון דער פרעמד אַריינשיקן פּעקלעך שפּייז און קליידער. פאַרקערט! אויף די מאַרקעס פון פּאָסט־קאַרטלעך און בריוו־קאָנווערטן קלאַפּט די רעגירונג אַרויף פּראָפּאַגאַנדע־שטעמפּלען, וואו עס ווערט אַגיטירט דער עקספּאָרט פון היימישער אויסאַרבעטונג. וואָס שייך אַלטע מלבושים? עס זענען פאַראַן געגוג נייע אין לאַנד. די לאַגערס מיט סחורות ברעכן זיך. די טעקסטיל־ און וועב־פאַבריקן פון לאָדזש און ביאַליסטאָק שטייען שטיל. ניטאָ וואו אַהינצוטון אַזויפיל שטאָפן, וויפיל זיי קאָנען אויסאַרבעטן. ביז ערשט ניט לאַנג צוריק האָט די רעגירונג געגעבן פּרעמיעס — עטלעכע זלאָטעס — פאַר יעדן קילאָ עקספּאָרטירטן שטאָף. וואָסזשע דאַרף עפּעס אויסלאַנד „רחמנות" האָבן און אַריינשיקן אַלטע קליידער? פעלט דען שטאָף אויף נייע? זשאַווערן דען ניט די שערן ביי די שניי־דערס, שטייען דען ניט פאַרלאָשן די פּרעס־אייזנס און וואַרטן מען זאָל זיי אָנצינדן...

די מערסטע פון דער באַפעלקערונג, און דער עיקר די אַרבעטער־באַפעל־קערונג, און צען מאָל דער עיקר די יידישע אַרבעטער־באַפעלקערונג, גייען אַרום קריע־בליע, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, נאַקעט און באָרוועס. נו, וועגן דעם האָט שוין די רעגירונג אַן אַנדערן חשבון און אַן אַנדערן תירוץ:

„קריזיס. וועלט־קריזיס!"

דערווייל וואַלגערן זיך אַרום אין די פּאָרט־לאַגערס און אין די גרענעץ־שטייער־קאַמערן הונדערטער קאַסטענעס מיט אָפּגעטראָגענע, אָבער נאָך נוצלעכע קליידער און שיך און ווערן ניט אַריינגעלאָזן אין לאַנד. סיידן, דער אָפּגעריסענער, צו וועמען דאָס אַלטוואַרג איז געשיקט, זאָל באַצאָלן

אַ גרויסן אָפּצאָל־שטייער. די מלוכה וויל זיין אַ שותף צום געשיקטן ביסל קיצבה.

דעריבער איז פֿאַרשטענדלעך געווען פֿאַר מיר, וואָס יעדער פֿון די באַקאַנטע האָט אויסגענוצט מיין פֿאָרן, און אַלס פּאַסאַזשיר מעג איך פֿאַרן „אייגענעם געברויך" מיטברענגען עטלעכע מלבושים, עטלעכע פּאָר שיך, וועש, האַנטעכער, קאַפּעלושן און מאַנטלען... צו מיינע צוויי וואַליזעס, וואָס איך האָב זיך באַמיט, זיי זאָלן זיין וואָס קלענער, כּדי איך זאָל ניט באַשווערט ווערן אין דער רייזע מיט איבעריקער לאַסט, וואָס איז שוין גאָר אַ גרויסע לאַסט איבער אייראָפּעאישע באַנען — זענען צוגעקומען נאָך עטלעכע פּעקלעך, און איך האָב געמוזט צוקויפֿן נאָך אַ וואַליזע. אָבער מיט מלבושים־פּעקלעך בין איך נאָך ניט יוצא געווען. עס איז אנטשטאַנען די „פּרוכטן־פּראַגע". אַ סך האָבן זיך פּשוט געבעטן איך זאָל מיטנעמען פֿאַר זייערע קרובים ניט מער ווי אַ... פּופּצן פּאָמעראַנצן, מחמת נאָר פּופּצן פּאָמעראַנצן און צען באַנאַנעס איז דערלויבט מיטצונעמען פֿאַרן „אייגענעם געברויך".

פֿאַרשטייט זיך, אַז אייניקע האָבן מיר געזאָגט, אַז עס איז אַביסל אַ הוצאה פֿון די מענטשן מיטצוגעבן פּאָמעראַנצן. ווייל אויב מיטנעמען, דאַרף דאָך יעדער פֿאַר זיך. מיאָלט אייך, עס האָבן זיך געפֿונען מער ווי... פּופּצן פּאָמעראַנצן און צען באַנאַנעס אין יעדן פּעקל. אַ̈ין טאָמער איז דאָס ווינציק, האָט מען נאָך געבראַכט פּעקלעך צו דער באַן.

איך האָב אפילו געהאט אַ גרונד חושד צו זיין, אַז דער היפּשער עולם, וואָס איז געקומען צו דער סטאַציע זיך געזעגענען מיט מיר, האָט אין דער אמתן געמיינט מיטצוגעבן עטלעכע פּעקלעך. און אַזוי איז טאַקע געווען.

און אַז איך האָב זיך געבעטן און געגעבן צו פֿאַרשטיין, ווי אַזוי וועל איך זיך שלעפּן איבער די גרענעצן (און בפֿרט עס איז אַזוי שטרענג מיט די פּעק? האָט מען מיר אַן עצה געגעבן: איך זאָל בעטן אַן אַנדערן פּאַסאַזשיר, וואָס וועט אַוודאי פֿאָרן אין מיין וואַגאָן, וועט ער נעמען אַ פּאָר פּעקלעך, אויפֿן חשבון פֿון זיין „אייגענעם געברויך", און אפֿשר וועל איך געפֿינען עטלעכע פּאַסאַזשירן מיט „אייגענעם געברויך".

און כּך־הוה — אַזוי איז טאַקע געווען. ווי נאָר די באַן האָט גערירט, האָבן זיך עטלעכע פּאַסאַזשירן פֿון וואַגאָן צו מיר געווענדט: אפֿשר קאָנט איר נעמען אויף אייער חשבון, „אייגענער געברויך", אַ פּאָר פּעקלעך פּרוכטן, וואָס זיי האָבן לרוב...

•

פאַרשטייט זיך, אַז פון פּאַריז ביז צו דער דייטש-פּוילישער גרענעץ — זבאָנזשין, איז די טעמע געווען — פּעקלעך. די אויסלענדער האָבן זיך שטאַרק געחידושט:

„מילא, עס איז אַ גרויסער קאָנטראָל און אַ הויכער אָפּצאָל אויף מלבושים און אַנדערע זאַכן. אָבער פּרוכטן? און ספּעציעל פּאָמעראַנצן און באַ־נאַנעס — אַרטיקלען, וואָס פּוילן האָט עס ניט, און עס איז אַ פּשוטע נויטווענדיקייט.“

דערציילן די פּאַסאַזשירן, אַז אַ פּאָמעראַנץ קאָסט אין פּוילן אַ האַלבע זלאָטע. דאָס הייסט אַזויפיל באַלד וויפיל עס קאָסט אַ מאָלצייט, וויפיל עס קאָסט אַ פּלאַץ אין אַ קינאָ. אָדער... וויפיל אַ קוואַליפיצירטער אַר־בעטער פאַרדינט אין דריי שעה אַרבעט. אַן אַנדערער דערציילט:

„די באַפעלקערונג אין פּוילן איז ווי פאַרסמט מיט איבערפלוס פון קאַלעך, וואָס זיי האָבן אין זייערע געדערים. קיין פּרוכטן עסט מען ניט. ווער קאָן צוקומען דערצו? אפילו אַן עפּעל אין ווינטער־צייט, קאָן זיך נאָר פאַרגינען דער רייכער. פון גאָרטנוואַרג אין ווינטער האָט מען אפילו קיין אַנונג ניט. מען עסט אַ סך ברויט, קאַרטאָפל, פלייש און אייער. פאַר קראַנקע פאַרשרייבט מען פּאָמעראַנצן אויף אַ רפואה... און ניט יעדער קראַנקער קאָן צוקומען צו דער רפואה. און די רעגירונג טוט זיך דאָס איריקע: זי דערקלערט, אַז פּאָמעראַנצן און באַנאַנעס זענען... לוקסוס־אַרטיקלען. און ווי אויף יעדן לוקסוס־אַרטיקל, איז דער אָפּצאָל אַ הויכער.“

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס יעדער פון די פּאַסאַזשירן פירט מיט זיך אַ היפּשן פּאַק פּרוכטן, און סיי מיטגענומענע פאַר עמעצן, סיי איי־גענע. מען נעמט אויף ריזיקע. וויפיל קאָסטן עס דען אין אויסלאַנד עט־לעכע שטיק פּאָמעראַנצן?

די פאָרנדיקע פילן, אַז אַזוי גיך וועט מען אין פּוילן קיין פּרוכטן ניט האָבן, און אַז מיט די גאָלדענע קאַליפאָרניער, שפּאַנישע, אָדער פּאַלעס־טינער פּרוכטן מעג מען זיך געזעגענען, און ווער ווייסט, צי דאָס, וואָס מען פירט, וועט מען אויף דער גרענעץ ניט צונעמען? עסט מען דערווייל וויפיל עס קאָן נאָר אַריין. מען האַלט פון כלל: „פון בית עולם שלעפּט מען ניט צוריק“. איטלעכער מען קוקט זיך אַרום, ווערן די פּעקלעך אין וואַגאָן פאַרוואַנדלט אין אַ קופּע מיט... שאָלעכץ. אַ פרוי מאַכט אויפמערקזאַם: „אין פּוילן וואַרפט מען אפילו די שאָלעכץ פון פּאָמעראַנצן אויך ניט אַוועק... מען טרוקנט עס און מען מאַכט דערפון איינגעמאַכטס.“

•

דאָס ערשטע אָפּקומעניש איז גראָד ביי דער דייטשער גרענעץ.

פֿון אומעטום איז דער אַרויספֿיר פֿון לאַנד אַ פֿרייער. מען קאָן אַרויספֿירן, וואָס דאָס האַרץ וויל נאָר. נאָר „יעקע“ האַלט ניט פֿון דעם. דער דייטש האַלט אָן אויג אויף די אַרויספֿירערס. קודם מוז מען זיין אין אָרדענונג מיט די וויזעס. מען רעווידירט די פּעסער, מען קוקט נאָך, צי האָט מען זיך חלילה ניט פֿאַרשפּעטיקט מיט אַ טאָג אין לאַנד. און טאָמער יאָ — איז אַרעסט, משפּט, שטראָף. דערנאָך קומען ארויף באַאַמטע פֿונעם פֿינאַנץ־מיניסטעריום, און ווי דער שטייגער איז אין דייטשלאַנד, אַלע באַמונדירטע. גרינע מאַנטלען מיט גילדענע שליפֿעס און בלישטשענדיקע קנעפּ. מיט אַ פֿריינדלעך, שטרענגער בקשה, בעט מען, מען זאָל עפֿענען די וואַליזעס... און ווייזן די קעשענעס. מען וויל הייסט עס וויסן, צי פֿירן ניט די פּאַסאַזשירן אַרויס געלט און צי פֿירט מען ניט קיין גאָלד און זילבער, איידל־שטיינער און צי האָט מען ניט קיין וועקסלען אָדער אַנדערע ווערט-פּאַפּירן. זיי באַגנוגענען זיך ניט מיטן געוויינלעכן ענטפֿער „ניין“. נאָר זוכן טאַקע און נישטערן. דאָס, וואָס ס'האָט גענומען עטלעכע שעה איינפּאַקן — ווערט איצט צעוואָרפֿן. צום סוף אַנטשולדיקן זיי זיך מיט „פֿייערלעכער“ פֿריינדלעכקייט, גייען אַראָפּ פֿון די וואַגאָנעס. פֿון דעם מאָמענט אָן געפֿינט זיך די באַן אין רשות פֿון דער פּוילישער מאַכט. די גאַנצע באַן אייגנטלעך איז אַ פּוילישע, דאָס איז דער אינטערנאַציאָנאַלער צוג, וואָס גייט פֿון פּאַריז קיין וואַרשע. די וואַגאָנעס זענען מיט אַלע נייעסטע באַקוועמלעכקייטן. אפֿילו דריטע־קלאַס־וואַגאָנעס זענען גאַנץ לייטישע. נאָר ווי לאַנג די באַן געפֿינט זיך אויף אַ פֿרעמדער טעריטאָריע געהערט זי אויטאָמאַטיש צו יענער מלוכה. איצט, ארויף אויף פּוילישן באָדן, האָבן די ווייסע אָדלערס געעפֿנט די אויגן...

•

שוין באַלד צוועלף יאָר, ווי איך בין איבערן זעלבן וועג געפֿאָרן. דעמאָלט איז נאָך פּוילן געווען יונג און ניט דערפֿאַרן אין מלוכה־פֿירונג.

אינעם קופּע זיצן עטלעכע פּאַסאַזשירן און איך. מיר, וואָס געדענקען נאָך פּוילן פֿון די צאַרישע צייטן, האָבן זיך געשראָקן. מען האָט זיך שוין אָפּגעוואוינט: אַמעריקע, מערב־אייראָפּע, אויסערלעך ציוויליזירטע וועלט. אַן עלטערע דאַמע פֿון דער שווייץ איז זיכער, אַז דאָ פֿאָרט מען אַריין אין אַ באַרבאַריש לאַנד. עס זאָל איר כאָטש גאָרניט געשעען...

די פּוילישע בירגער גופֿא, וואָס פֿאָרן פֿון אַ קורצער רייזע אין אויסלאַנד, פֿילן זיך זער נערוועאיש. אין אויסלאַנד האָט מען זיך צוגעוואוינט צו דער אויסערלעכער פֿרייהייט און פֿריינדלעכקייט.

דאָס שטיקל „פּאַס" פון דער דייטשער ביז דער פּוילישער גרענעץ-וואַך פּאָרט מען עטלעכע מינוט און אָט...
די טיר פון קופּע עפנט זיך און עס קומט אַריין אַ פּוילישער פּאָליציאַנט. עפּעס טראָגט ער שוין מיט זיך אַ גרוס פון פּיביר... אָנגעפּעלצט, באַוואָפנט. אַ היטל מיט אַ גרויסן, שאַרפן דאַשעק, אַרום דאַשעק אַ מעטאַלענע לענטע. אַ פּוטערנער קאָלנער, אַ רעוואָלווער און אַ קורצע שווערד. ער דערמאָנט די צייטן פון צאַרישן רוסלאַנד. די פּוילישע, מאַנירלעכע פריינדלעכקייט האָט זיך דאָ לגמרי ניט אַריינגעפּאַסט, און קוים האָט מען אים שוין געזעען מיט אַ באַנק ווייטער, איז אַרויפגעקומען דער אָפּצאָלבאַאַמטער.
די דאָזיקע לייט האָבן אַ געניט אויג און מיט איין קוק אויף די פּעק שאַצן זיי אָפּ צי מען קאָן געטרויען אויפן וואָרט.
מיינע מיטגעגעבענע פּעק מיט אַלטוואַרג און פרוכטן, האָבן גראָד געפונען חן אין די אויגן פונעם פּירשפּיציקן היטל מיטן שאַרפן דאַשעק ווי אַ שנאָבל. דער באַאַמטער האָט בלויז באַמערקט: עס איז אַביסל צופיל פאַר איין פאַרשוין און — ניט גערירט. דאַקעגן אַ מיטפאָרער, וועלכער איז געפאָרן „כמעט לייִדיק" איז באַזוכט געוואָרן. ער האָט מיט זיך געפירט עטלעכע „אָנדענקונגען" פון פּאַלעסטינע. נאָר אַזוי ווי די „אָנדענקונגען" זענען געווען בלויז ווייבערישע זאַכן, האָט דער באַאַמטער פאַרלאַנגט אַזאַ הויכן אָפּצאָל, אַז עס האָט בעסער געלוינט די זאַכן איבערצולאָזן. און אַזוי האָט דער פּאַסאַזשיר טאַקע געטון.
ביז פּויזן פילט מען נאָך אין צוג אַביסל מערבדיקייט. נאָך פּויזן שווינדלען דערפער, פעלדער פאַרביי די פענצטערלעך. עס איז דאָס זעלבע, זעלבע פּוילן. דאָס פּוילישע לשון, וואָס איז אין משך פון די צוועלף יאָר געווען אַזאַ זעלטנקייט אין מיינע אויערן, שטייט איצט אויף רעאַל, עכט. און דאָך, עס קלינגט מיר מאָדנע. דער סלאַווישער קלאַנג קומט אויס עקזאָטיש. די עטלעכע אויסלענדער פילן זיך גאָר ווי פאַרלוירן.
פריער פון אַלץ פאַרנעמט די „יידן-פראַגע" דאָס אָרט אין קופּע. די עטלעכע אַרויפגעקומענע פּאָליאַקן, און צווישן זיי אַ העכערער, מונדירטער רעגירונגס-באַאַמטער, ווייסן, אַז די „אויסלענדער" זענען טאַקע געוועזענע פּוילישע יידן. פונדעסטוועגן האָט מען דרך-ארץ פאַרן פרעמדן פּאַס און מען שטרענגט זיך אָן צו זיין פריינדלעך...
דאָס בינטל פּוילישע ווערטער צינדט זיך אַרום פּאַלעסטינע. פּאַלעסטינע איז איצטער דער ברען-פּונקט ניט נאָר אין דער יידישער, נאָר אויך אין דער גוישער גאַס.
דער מונדירטער באַאַמטער וויל זיין אויפריכטיק און זאָגט:

„מיר פּאַליאַקן, זענען שטאַרק פאַרינטערעסירט אין דער אויפבויאונג פון יידישן פּאַלעסטינע, וועגן עקאָנאָמישע מאָטיוון.“
און נאָך אַ ווײַלע גיט ער מיר צו דערקלערן:
„יעדע גרויסמאַכט זוכט צו האָבן ווייטע קאָלאָניעס. פּוילן איז אַ גרויס־מאַכט, האָט אַן אינדוסטריע, אַ פאַבריקאַציע, מינעס, אייזן, קוילן, נאָר ניטאָ דאָס אַלץ וואו אהין צוטון. ניטאָ קיין מאַרק. די וועלט האָט זיך אָפּגעשלאָסן מיט טאַריף־שלעסער. נו, אַ יידישע אויפלעבונג אין פּאַלעס־טינע קאָן גורם זיין, אַז דער יידישער סענטימענט צו פּוילן, זאָל אַנט־וויקלען אַ האַנדל צווישן פּוילן און דעם נאָענטן מזרח. יידן וועלן האָבן זייער אַמאָליקע מיסיע, צו פאַרמיטלען, שאַפן אַ „טעאָרעטישע“ קאָלאָניע פאַר פּוילן מיט פּראַקטישע „מאָטיוון“. עס איז נאָר שלעכט, וואָס ענגלאַנד וויל ניט געבן קיין וויזעס אויף פּוילישע פּעסער. דאָס איז די „טובה“ פון מאַנטשעסטער פאַר לאָדזש...“
רעדנדיק וועגן דער עמיגראַציע־באַוועגונג צווישן די פּוילישע יידן קיין פּאַלעסטינע, רופט זיך אָן אַ פּאָליאַק, גראָד אַן „ענדעק“:
„אייך, זשידקעס איז גוט, וואָס איר האָט כאָטש וואוהין צו פאָרן, אונדז פּאָליאַקן איז נאָך ערגער, מיר האָבן אפילו ניט וואוהין אויסצו־וואַנדערן...“
דער פאַרטאָג בלויט זיך אין די פענצטער, דער מאָרגן שטייט אויף אין די וואַרשעווער הייזער. דער צוג לויפט שוין איבער דער יערוזאָלימסקע אַלייע. אָט איז די ווינער סטאַציע, וואָס הייסט היינט הויפּט־סטאַציע. עס איז אַלץ אַזוי פאַרשימלט, קליין־שטעטלדיק, נעבעכדיק, און דאָך שלאָגט דאָ דער נערוו פון מעטראָפּאָליע, די הויפּט־שטאָט פון פּוילן, „פּאַריז“ פון מזרח־אייראָפּע — וואַרשע.

---

## וואַרשע־וואַרשע

### וואַרשע נומער איינס

פאַראַן צוויי וואַרשעס. איינע הויבט זיך אָן ביים הויפּט־וואָקזאַל און פאַרנעמט דעם לינקן טייל פון שטאָט און שליסט זיך אָן אין די גאַסן מאַרשאַלקאָווסקע און נײַ־וועלט, קראָקעווער פאַרשטאָט און יערוזאַ־לימסקי אַלייע. דער אויאַזדאָווער פּאַרק־וועג און דער שווייצער־טאָל. די

יאַסנע-גאַס, וויעזשבאָווע-גאַס, טעאַטער־פּלאַץ, פּאָניאַטאָווסקע-פּלאַץ און צענדליגער אַנדערע גאַסן און געסלעך, אַלייען און בולוואַרן.

דאָס איז וואַרשע נומער איינס. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז דאָס פּוילישע וואַרשע, דאָס אייראָפּעאישע, דאָס גרויסוועלטיקע, דאָס „מעטראָפּאָלישע“. דאָרט זענען די הייזער ריין, אפילו ווען זיי זענען אַלט און אָפּגעקראָכן, סיי פון סטיל און סיי פון טונק, נאָר ריין זענען זיי, אויסגעבלאַנקט און אָפּגעפּוצט פּונקט, ווי די גאַסן דאָרט געוואַשן און אָפּגעשאַרט פונעם ברודיקן שניי.

געווען אַמאָל אין פּוילן אַ קלוגער אינערן־מיניסטער, סקלאַדקאָווסקי האָט ער געהייסן. האָט ער איינגעפירט „רעפאָרמען“ ניט ווינציקער, ווי אַ שטייגער קעמאַל פּאַשאַ אין דער טערקיי, ער האָט געוואָלט שאַפן פון פּוילן אַ... „פּאָלאָניאַ“, דאָס הייסט, אייראָפּעאיזירן, דערנעענטערן דאָס מזרח־סלאווישע צום מערב־אייראָפּעאישן. ער האָט געוואָלט שאַפן אַ סינטעז פון דייטשער ריינלעכקייט און פראַנצויזישן גלאַנץ.

נאָר דאָס איז דערווייל ניט געוואָרן. מען האָט געוואָלט מאַכן פון וואַרשע אַ שפּיגל, נאָר פרעמדע אויסלענדער שפּיגלען זיך ניט אין איר. וואַרשע איז אַלץ אַ קליין שטעטל. אַ פּראָווינץ, הגם מען קריכט פון דער אייגענער הויט אַרויס אויסצוזעען לייטיש און אייראָפּעאיש.

סקלאַדקאָווסקיס „גזירה“, צו רייניקן די גאַסן, איז געוואָרן אַ געזעץ בלויז אין וואַרשע נומער איינס. נאָר דאָרט, אין דער אויאַזדאָווער אַלייע, איז סייווי געווען ריין. דאָרטן האָבן פון תמיד אָן געוואוינט די פּוילישע שליאַכטע, דער אַדל, דאָס פּרעזידענטעגטום. און די מאַרשאַלקאָווסקע האָט זיך תמיד געצירט אין אויסערלעכן גלאַנץ און אינערלעכן פּוץ.

•

די אַרטיסטין, אָלאַ לילית האָט אין ניו־יאָרק אויסגעזונגען אַן אָדע צו דער שטאָט, וואו מיין טריט שפּאַנט איצט און מיין אויג זוכט אַ שפּריצל כאָטש פון ליליתעס באַגייסטערונג. לויט איר זינגען און אויסטייטשן דאָס אָפּעד־רעטן־לידל, קומט אויס, אַז וואַרשע, די שטאָט, איז די הערלעכסטע פּאָעמע צווישן וועלט־שטעט. אַ סך מענטשן, אַזעלכע ווי איך, האָבן מסתמא אזוי געטראַכט, ווען מיר האָבן איבערגעלאָזט דאָס אַמאָליקע וואַרשע און האָבן פון קיין אַנדער, גרעסערער שטאָט ניט געוואוסט. איצט, האָבן מיר דעם איינדרוק, ווי מען פאַרלאָזט אַ מאַמע, אַ שיינע, אַ יונגע, מיט אַלע זיבן חנען און אַליין טראָגט מען זיך איבער דער וועלט, און מען קומט צוריק נאָך יאָרן לאַנגע. די איבערגעבליבענע מאַמע, צו

ווערן אַלע בענקשאַפטן זענען געוועגדעט, איז נאָר אַן איינגעשרומפּענע, אַן איינגעדאַרטע און אַ פאַרצערטע.

עס איז אפשר ניט אַזאַ געלונגענער פאַרגלייך, דאָך אַזוי איז עס. מיינע אויגן, וואָס האָבן געמאָסטן וועלט־שטעט, קאָנען ניט אַנדערש אויפנעמען די קאַפּיטאַל־שטאָט פון מדינת פוילן אַלס אַ כרך.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסן.

•

אַ וואָקזאַל איז דער טויער צו אַ שטאָט, דער פאַראַדנער אַריינגאַנג. קלוגע שטעט מאַכן שענערע און אימפּאָזאַנטערע וואָקזאַלן. דאָס אָנקומען און אַוועקפאָרן זאָל זיך איינקריצן. די וואַרשעווער וואָקזאַלן צייכענען זיך אויס מיט ניט...־איינדרוקלעכקייט. דער הויפּט־וואָקזאַל, דער אַמאָליקער ווינער באַן־הויף, וואָס איז בשעת דער מלחמה חרוב געוואָרן, שטייט נאָך אַלץ אין חורבות. אָנשטאָט דעם, איז אויפגעבויט געוואָרן אַ ריזיקע שאָפּע פון האָלץ. פינצטער און אָנגערויכערט, לאַנגע הילצערנע בענק אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן, מערסטנטייל אין קוטשמעס און פוטער־טולופּלעך. דאָס איז שוין דער סלאַווישער שפּור און ניט דער מערב־אייראָפּעאישער. דערווייל בין איך געקומען צו גאַסט אין מ י י ן וואַרשע, אין וואַרשע נומער צוויי, אין געטאָ, וואו עס וואוינט די אָרעמקייט.

ו ו אַ ר ש ע נ ו מ ע ר צ ו ו י י

וואַרשע נומער צוויי הייבט זיך אָן פון דאַנציקער וואָקזאַל און ציט זיך איבער דעם רעכטן טייל פון שטאָט און עס ווערן אַריינגעשלענגלט די גאַסן אַרום מוראַנאָוו. די דאָזיקע גאַסן זענען די נאַלעווקעס און געוועזענע דזשיקע און איצטיקע זאַמענהאָף. נאָך אַ גרויסן קאַמף האָט דער שטאָט־ראָט פון וואַרשע מסכים געווען, אַז די דאָזיקע גאַס, וואָס איז דער וועלט־סימבאָל פון יידישער נויט, זאָל אָנגערופן ווערן אויפן נאָמען פון עספּעראַנטאָ־באַשעפער ד"ר לודוויק זאַמענהאָף.

אין דער דאָזיקער גאַס האָט געוואוינט ד"ר לודוויק זאַמענהאָף. און וואָלט ער ניט געוואוינט אין דער דזשיקע, נאָר ווי מענטשן פון זיין קלאַס, ערגעץ אויף האָזשע, צי באַגאַטעליע, וואָלט קיין רייד ניט געווען, אַז אין ריטערלעכן וואַרשע זאָל אַ גאַס אָנגערופן ווערן אויפן נאָמען פון אַ ייד.

אַרום נאַלעווקעס פאַרצווייגן זיך ביידע זייטן גאַסן און געסלעך, די נאָוויניאַרסקע און גענשע, פראַנציסקאַנער און סמאָטשע, וואָלינסקע און

אָסטראָווסקע. דאָס זענען די טיפּישע גאַסן פון יידישער אָרעמקייט און יידישן אייגנאַרט. דאָרט וואוינט דער יידישער לופטמענטש, דער שטעקעלע־דרייער און דער שוועדער האָרעפּאַשניק. דער אַרבעטער און קליין־בעל־מלאכה. דער חושך אין יענע גאַסן איז אזוי געדיכט, אפילו ווען די זון שיינט און גיסט ימים ליכט, איז דאָרט פינצטער און מרה שחורה־דיק און פאַרוואָרלאָזט. שפּאַצירנדיק איבער די יידישע גאַסן, דוכט זיך, אז די גאַנצע וועלט מיט פיין באַהאַלט זיך אוים אין די דאָרטיקע שמאַטעס, אין די צויטן, אומעטום — מיסט. די מענטשן, ווי פון מיסטקאַסטנס אַרויס, פאַרוואַקסן און פאַרפאַפט. מיניסטער סקלאַדקאָווסקים גזירות וועגן אויסערלעכער ריינלעכקייט, האָבן דאָ גאָרניט געהאָלפן, מיט בלויזע פאַראָרדענונגען פאַרענטפערט מען ניט די „עסטעטישע געפילן“. דאָס אָפּגעלאָזנקייט איז אַ פּראָבלעם און איז באַהאָפטן מיטן טיפסטן עלנט. בוידעם־שטיבלעך — פאַרשטאָפּטע דאַך־פענצטער מיט שמאַטעס. דער שניי, ווי לאַנג ער איז פאַרפרוירן, ליגט ער און ווארעמט זיך אויף די שמאַטעס. קוים ווערט ער צעגאַנגען, דאַן רינט ער אריין אין דער וואוינונג און ווייקט די ווענט. קעלער־שטיבער, וואָס זענען על פּי רוב . . . אונטער־קעלערס. נאַסע רערן פון דער וואַסער־לייטונג און קאַנאַליזאַציע — די ווענט. דאָרטן וואוינען צו עטלעכע משפּחות. מען וואוינט אין אַ בעט אין אונטערן טיש. יעדעס שטיקל אָרט איז פאַרנומען, פאַרדונגען. רייזענס לידל „אַ געזינדל זאַלבע אַכט“ איז אַ באַזונגענער פּאַלאַץ קעגן דעם, וואָס מען זעט דאָ.

פונדעסטוועגן האָט מיניסטער סקלאַדקאָווסקים „ציוויליזאַציע“ געהאט א פּעולה. דער פּאָליציאַנט אין דרויסן, אויף דער גאַס, איז שטאַרק מקפּיד אויף דער ריינלעכקייט: פאַר אַוועקוואַרפן אַ טראַם־בילעט ניט אין מיסטקעסטל, נאָר אויף דער גאַס, צאָלט מען אַ זלאָטע. פאַר אויסשפּייען, אריבערקרייצן אין מיטן גאַס — אַ זלאָטע. מען „מענטשלט“ אוים די אָרעמקייט. נאָר די אָרעמע מאַסע קאָן זיך ניט צופּאַסן צו דער „עסטעטיק“. מען ווייסט ניט וועגן־וואָס פריער צו זאָרגן, זאָל מען פאַרקויפן „פיר בייגל פאַר אַ צענער“, כדי פאַר הונדערט פאַרקויפטע בייגל זאָל מען האָבן אַ שטיקל ברויט, צי זאָל מען אין זינען האָבן דאָס ביסל בלוטיקע שפּייעכץ, וואָס ווארעמט זיך צווישן די אויסגעפּוילטע ציין? מוז מען אַראָפּשלינגען און ניט אויסשפּייען.

•

ווארשע האָט זיך תמיד, אין די „גוטע יאָרן“ אויסגעצייכנט מיט איר אָרעמקייט. נאָך פאַר דער מלחמה האָט קיין ארבעטער, קיין אַרבעטנדיקער

מענטש, קיין קליין-הענדלער, זיך ניט געקאָנט פאַרגינען צו וואוינען מער ווי אין איין צימער. די סטאַוועקע און שליזקע און קראַכמאַלנע, זענען שטענדיק געווען נעסטן פון גרעסטן דלות, און דער מין גאַסן-האַנדל מיט „שמינגע-דעגינגע", האָט תמיד פאַרנומען אַן אויבן-אָן אין יידישן „קאָ-מערץ", אָבער היינט איז עס ממש אַ פאַרצווייפלונג.

קינדער פון זעקס יאָר זענען „סוחרים" צוגלייך מיט זקנים, און צום מייסטן האַנדלט מען מיט בייגל, דאָס קלינגערייַ פון די קינדערישע שטימעלעך איז אויסגעמישט מיט די הייזעריקע קולות פון די עלטערע לייט:

בייגל, בייגל...

„בייגל, בייגל, פיר פאַר אַ צענער", זענען ווי אַ פינצטערע סימפאָניע אויס־געקלונגען פון געהיימע, פחדיקע גלאָקן. איבער גאַנץ וואַרשע נומער צוויי, פון מוראַנאָוו ביז טוואַרדע, שטייען זיי, די בייגל-הענדלערס, מיידלעך, יינגלעך מיט גרויסע קוישן, איינער שרייט איבער דעם צווייטן. און טאָמער גייט צו אַ קונה צו איין קויש — לויפט אונטער אַ דערבייאיקער הענדלער פון אַ יאָר זיבן און וויל אַרויסרייסן דעם קונה פון יענעמס הענט. ער ווייס אַלע קונצן פון „קאָנקורענץ" און פאַרמיאוסט יענעמס סחורה און לויבט זיין אייגענע און צום סוף, שלאָגט ער פאַר אַ פאַרצווייפלטער: „פינף בייגל פאַר אַ צענער". דערמיט ציט ער דעם קונה שוין אינגאַנצן אַריבער אויף זיין זייט, נאָכדעם, ווי דער קונה האָט שוין געהאט אויסגעטאַפּט אַלע בייגל פון זיין פריערדיקער זעקס־יאָריקער סוחרטע... און די זעקס־יאָריקע הענדלערין זאָגט מיט טרערן אין די אויגן:

„סיידן זיי גנבענען דאָס מעל, ווייל קיין געזעלן האַלטן זיי ניט, קאָנען זיי פאַרקויפן אזוי ביליק."

דער זיבן־יאָריקער סוחר ענטפערט מיט אַ חוצפּהדיקן בליק צו זיין „קאָנ-קורענטקע" — און דערביי אַ דראָאונג:

„עסט רעדן אַ סך, וועל איך דיר אַ פיס אויסשרויפן!"

שטעלט דאָס מיידעלע אַרויס די צונג — איר אופן פון נקמה. אַן אַלטער בייגל־הענדלער, וויל אין דעם מוטנעם וואַסער „פיש כאַפּן" און טענהט: „נאָך פון דער ערד ניט אויסגעוואַקסן און האַנדלט שוין מיט בייגל, אַז דעם ווינט רייסן זיי ארויס פון צווישן די פינגער! וואָס קאָן גוט זיין — אַ כאָליערע..."

פונדעסטוועגן, ווען עס דראָט אַ געפאַר, פאַרייניקן זיי זיך אַלע קעגן שונא און שיצן זיך איינס דאָס אַנדערע. און די געפאַר לויערט תמיד. דאָס איז אין געשטאַלט פון דעם פּאָליציאַנט. עס איז גאָרניט קיין טראַגי־

קאָמישערע זאַך, ווי דאָס בילד, בעת אַ פּאָליציאַנט, אָנגעטאָן אין פוטער און ווארעמע שטיוול און וואָלענע הענטשקעס, באַשווערדלט און באַרע־וואָלוועדט, יאָגט זיך נאָך אַן אַכט יאָריקער בייגל־פאַרקויפערין. פאַרשטייט זיך, אַז די בייגל־פאַרקויפערין איז פלינקער. עס טרעפט אָבער, אַז דעם פּאָליציאַנט „געלינגט" צו פאַקן די קליינע „פאַרברעכערין", דעמאָלט פירט ער זי ביי די צעאַדערטע אַרבל, און אַ גרופּע גייט נאָך און גיט צו חשק דער געפאַנגענער: „ווער אַ האָז. אַנטלויף. רייס זיך אַרויס!"

---

## וואַרשע-יידיש

י י ד י ש ק י י ט

פּוילן איז יידיש. קיין ספק ניט. אין אַלע פאַזן און אַלע שאַטירונגען. די כמעט צען פּראָצענט יידן אין פּוילן זעען זיך שטאַרק אָן, מיט זייער הלבשה און די תנועות, מיט זייער לשון און די מנהגים, מיט זייער אייגנאַרט און קולטור, מיט זייער עקאָנאָמיק און זייערע קאַמפן.

איך האָב זיך עטלעכע טעג געפונען נאָר אין וואַרשע נומער צוויי — אינעם יידישן וואַרשע. מען ווערט אַזוי צוגעוואוינט, אַז ס'דוכט, קיין אַנדער וואַרשע איז גאָר ניט פאַראַן. ווען ניט דער קריסטלעכער בית עולם, וואָס געפינט זיך גראָד אין דער יידישער געגנט, און ווען ניט דאָס, וואָס דורך די יידישע גאַסן ציען זיך די לויה-פּראָצעסיעס, ווי אַ שטיק מיטל־עלטער, מיט קרייצן און קרייצנטרעגערס אין ווייסע העמדלעך, גלחים אין הייליקע מאַנטלען, שווארצע מענער און געלע ליכט, פרעפלערייען און תפילות, וואָס ווארפן אָן אַ פּחד אויף די יידישע אַרומשמייערס אויף די טראָטואַרן, וואָלט מען גאָרניט געדענקט, אַז וואַרשע איז אייגנטלעך אויך אַ . . . קאַטוילישע שטאָט.

צוויי עקסטרעמען פון צוויי פעלקער, וואָס לעבן אין איין שטאָט־שכנות־שאַפט שוין יאָרהונדערטער, און דאָך איז דער תהום צווישן זיי אַ טיפער און דערגרייכן זיך וועט מען קיינמאָל ניט.

די אידייאישע אַסימילאַציע אין פּוילן האָט באַנקראָטירט. דער „פּאָליאַק פון משהס גלויבן" איז ערגעץ איינגעגאַנגען, מען זעט אים מער ניט.

•

דאָס יידישע לעבן אין וואַרשע באַמערקט זיך דורך פאַרשידענע פּאַזן, און פּונקט ווי עקסטרעם עס איז דאָס פּויליש־קאַטוילישע, אַזוי איז דאָס יידיש־אָרטאָדאָקסישע. איך ווייס ניט און איך שטעל זיך ניט פאָר ווי עס וואָלט אויסגעזעען אַזאַ יידישקייט, אַזאַ פאָרעם פון יידישקייט אין אַן אַנדער לאַנד. איך שטעל זיך ניט פאָר, וואָס עס וואָלטן געזאָגט די „באָיעס" פון אַמעריקע, ווען למשל, מען לאָזט איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק, אָדער באָסטאָן אַ הונדערט טויזנט לאַנג־געקליידעטע, פאַר־שלאָכטעטע, גערידבט־באַבאָרדעטע, פאַרפעדערטע און פאַרקאָלטענעוואַטע יידעלעך מיט מאָדנע־קאָמישע, טיבענע, סאַמעטענע און זיידענע היטע־לעך. פאַר אַזעלכע ווערטער ווי איך שרייב דאָ, וואַרפט מען פאָר: „אַנטיסעמיט", אָבער פאַרפאַלן, איך שטעל עס פעסט, בפרט, אַז איך בין אַן „אָנהענגער" פון קעמאַל פּאַשאַ, וועלכער וויל דווקא אייראָפּעאיזירן די טערקיי.

די בינעזער אין דער וועלט, טראָגן שוין לאַנג אייראָפּעאישע קליידער און אין פּוילן קעמפּט מען נאָך מיט אַן עקשנותדיקע פאַרביסנקייט פאַר דער מאָס פון אַנצוג. דאָרט קומען נאָך פאָר „טראַגעדיעס" אין אַזוי־גערופענע חסידישע הייזער וועגן אַ צענטימעטער פאַרקירצונג פון דער קאַפּאָטע ביי איינעם פון די משפחה־מיטגלידער.

די דאָזיקע הלבשה, וואָס האָט אַגב ניט קיין פאָרעם, ניט קיין נאַציאָ־נאַלן כאַראַקטער, איז ניט קאָלירִיק און ניט פאַרביק, איז ניט אַלט־טראַדיציאָנעל. רעליגיעז, אַוודאי ניט, ווערט אָבער באַטראַכט ווי אַ זייל, און היים פאַרטיידיקט.

מיין אויג איז לאַנג אָפּגעוואוינט צו זעען די לאַנגע קליידונג, און בעת איך האָב נאָך צען יאָר ווידער געזעען דעם „אוניפאָרם" אָרומפלאָנ־טערן איבער די גאַסן פון דער פּוילישער הויפּט־שטאָט, האָב איך זיך גאָר פאַרשעמט. פאַרשעמט פאַר מיין „וועלטישקייט", וואָס איז אַריינ־געטראָגן אין יידישן לעבן.

דער סינטעז „יידיש־וועלטלעך" האָט דאָ אויסגעזעען ווי אַ חוזק, באַהאַלטן אין בלאָטיקע פאָלעס מיט אַראָפּהענגענדיקע צוויטן.

•

דעם ערשטן קאַפּאָטע־ייד האָב איך געזעען אויף ביעלאַנסקע־גאַס, איינע פון די הויפּט־גאַסן, און איך האָב געפאָרשט אין די אויגן פון די פיל דורכגייערס, עלעגאַנטע הערן און דאַמען. איך האָב געמיינט, אַז דעם יידס אויסזעען וועט אין זיי וועקן נייגיריקייט, ווי אַן עקזאָטישער מענטש, אַ שטייגער ווי מען וואָלט געזעען אַן אַראַבער מיט אַ ווייסער אַבאַיע.

אָבער קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט. גלייכגילטיק און פאַרשטענדלעך. אַ קינאָ־טעאַטער האָט אין זעלבן טאָג אַרויסגעשיקט פינף נעגערס מיט רעקלאַם־שילדן, איז וואַרשע געגאַנגען אויף רעדלעך. די עטלעכע נעגערס זענען געווען עקסאָטיש און אויסטערליש פאַר זיי.

די לאַנגע קאַפּאָטע און דאָס קליינע היטעלע, איז אַן איינגעוואָרצלטע זאַך, און ספּעציעל, ווען די יוגנט באַנוצט זיך נאָך מיט דעם, קומט עס אויס נאָך מער ווילד, און . . . נאַטירלעך.

ווען מען גייט אין אַ שבתדיקן טאָג איבער וואַרשע נומער צוויי, דוכט זיך, ווי אַ שטיק אַלט־ירושלים האָט דאָ אַראָפּגענידערט. מען גייט מיט שמאָלע שריטלעך איבער דער ברייט פון די גאַסן. אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, אויסגעדריוולטע אויבער־מלבושים איבער גופים איינגעוויקלטע אין טליתים. ווייסע זאָקן און שטעק־שיך. דאָס גייען עלטערע און ייִנגערע, שווערס מיט איידעמס. יונגע ייִנגלעך מיט קײַלעכדיקע היטעלעך ווי שמערצלעך פון טשייניקס אויף די קעפּ, לאַנג־געקרייזלטע פּאהלעך, מיט גאַרטעלעך אויף די קאַפּאָטקעלעך לויפן פּאָרויס, שטעלן זיך אָפּ און הערן זיך איין, וואָס די „גרויסע שמועסן“ און צווישן זיך רעדט מען ייִדיש, הויך און הילכיק, פריי און נאַטירלעך — דאָס איז ווידער אַן איבעראַשנדיקער גרוס פון ייִדיש צו מיר, אַ געקומענעם פון ווייטע ווייטן, וואו ייִדיש, דאָס וואָרט, איז אַ געצוואונגענע זאַך אין מויל פון קינד, וואו ייִדיש איז קאַמף און אָנשטרענגונג.

פאַר אַזעלכע רייד קאָן מען אפשר זאָגן אויף מיר: איך בין פון ש. ניגערס שיטה: אַז ייִדיש לעבט אין די מיילער פון חסידישע הייזער, ביי דער אָרטאָדאָקסיע. איך וועל נאָך וועגן דעם זיך אומקערן, דערווייל פאַרצייכן איך בלויז דעם איינדרוק.

פונדעסטוועגן טראַכט איך: ביים דאָזיקן טיפּ ייִד פון „חסידישן הויז“ קלעקט אַ סך מוט צו קעמפן פאַר זיינע פּרינציפּן און טראַדיציעס.

דער אויסערלעך־צוגעבאַקענער „שמינטעליגענט“ האָט זיכער ניט דעם מוט, ניט נאָר פריי צו רעדן ייִדיש אויף די וואַרשעווער גאַסן, נאָר לייגט אַריין די ייִדישע צייטונג אין דער פּוילישער (ווייל פּויליש קאָן ער ניט) און האַלט זי אַזוי אויפגעוויקלט אין טראַם, אַז דער שכן זיינער, דער ניט־ייִד, וואָס זיצט קעגן איבער זאָל זיך אויסדוכטן, אַז ער לייענט פּויליש.

דער לאַנג־געקליידעטער ייִד איז טאַקע אויסערלעך ניט קולטורעל, ניט דערצויגן, „אַזיאַטיש“. אָבער פעסט איז ביי אים זיין וועלט. ווען ער און צוזאַמען מיט אים, נאָך צען טויזנט ווי ער, דאַרפן פאָרן צום רבין, פאַר־פלייצט מען דעם וואָקזאַל. מען פּאַקט זיך אין די וואַגאָנעס, מען שרייט,



יידן רוען זיך אָפּ אין קראַשינסקיס גאָרטן...

מען שטופּט, מען שטויסט, מען זינגט און מען געזעגנט זיך, גלייך ווי זיי אַליין, וואָלטן עס געווען די איינוואוינער פון דער קרוינשטאָט. אַזאַ סצענע האָב איך געזעען אין אַ שטעטל הינטער לאָדזש. עפּעס אַ רבילע איז געקומען, אַ מחנה פון עטלעכע הונדערט חסידים האָבן זיך אַ לאָז געטון „שלום דערלאַנגען", האָב איך זיך דערמאָנט אין אַ קינאָ-בילד, וואָס איך האָב געזעען, ווי אַ מחנה העלפאַנטן זענען געגאַנגען אויף אַ דאָרף. ווי אַזוי די מחנה חסידים האָבן ניט צעטראָגן דעם וואָקזאַל, איז טאַקע אַ מופת...

איצט האָט דאָס לאַנג-געקליידעטע יידנטום — אַ פּאָליטישן באַדייט. זיי זענען אָרגאַניזירט, זיי זענען אַ שטיצפּונקט פאַר דער הערשנדיקער אָרדענונג, זיי זענען אַ רעגירונגס-פּאַרטיי. די מלוכה איז פאַר זיי. די לאַנגע קאַפּאָטע, דאָס קליינע היטל, די פאַרפּלאָנטערטע באָרד און די פּאַרדרייטע פּאהס זענען איצט כמעט אַ מלוכהשער מונדיר.

## י י ד י ש - ו ו ע ל ט ל ע ך

דאָס וועלטלעכע יידיש הויבט זיך אָן אין וואַרשע אין די אַרבעטער-לאָקאַלן, אין די אַרבעטער-צענטערס, ביי די וואַרשטאַטן. קיין ספּעציעלן צענטער האָט ניט יידיש. די הוילע יידישיסטישע פּאָזיציעס האָבן קיין אָנהאַלט ניט. ניט אומזיסט האָט מען זיך אַזוי שטאַרק געקלאָגט אויף אַ יידישיסטישן באַנקעט לכבוד אַ יידישיסטישן דיכטער, אַט דאָס זעלבע קלאָגעניש ווי אומעטום, ווי אין לאָנדאָן, און אין ניו-יאָרק און מסתמא אַזוי אויך אין בוענאָס-איירעס:

„מיר יידישע שרייבער זענען איינזאַם און אונדזער שאַפן איז פאַריינזאַמט..."

— אויב מיר ווילן ניט זיין איינזאַם, מוז מען שטיין אין דער מחנה, מוז מען זיין אַ טייל פון אַרבעטנדיקן קאָלעקטיוו. דער קאָלעקטיוו, וואָס נעמט אויף דעם קאַמף פאַר זיין סאָציאַלער אויפלעבונג און במילא פאַר דער קולטור-אויפלעבונג פון זיין פאָלק. און מיר, יידישע שרייבער, דאַרפן זיך ניט אָפּזונדערן, נאָר באַהעפטן זיך מיט דער מחנה, וואָס ראַנגלט זיך פאַרצווייפלט פאַר דער מענטשלעכער באַפרייאונג.

די ליניע איז אַ קלאָרע; אַן אָפענע און אַן אָנגעצייכנטע.

דער „ליטעראַטן-פאַריין" איז אַ וויכטיקע אינסטיטוציע, אָבער בלויז פאַר זיך; פאַר די אייגענע מיטגלידער און געסט.

אַ פיינער זאַל, אַ רעסטאָראַן, וואו מען קאָן אַרויפקומען זיך טרעפן מיט קאָלעגן און פאַרברענגען אַן אָוונט. דאָס איז די פּראָפעסיאָנעלע בערזע.

דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די ליטעראַרישע היים. און דאָס איז געוויס אַ גרויסע דערגרייכונג.

ערגעץ אַנדערש, וואו די צווישן־פּאַרטייאישע ליניעס זענען שאַרפער אָנגעצויגן, וואָלט דוכט זיך אַזאַ „אידיליע" ניט מעגלעך געווען: ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן, בונדיסטן, לינקע פּועלי־ציון און קאָמוניסטן. ניט נאָר אין איין פאַריין, נאָר אין איין פאַרוואַלטונג.

אויף דער גאַס האָט דער ליטעראַטן־פאַריין קיין השפּעה ניט און פּרע־טענדירט אויך ניט דערויף. אָבער פאַר די קינסטלערישע קרייזן איז דער פאַריין אַ וויכטיק און נוצלעך. און ניט בלויז פאַרן שרייבער. דער ייִדי־שער מאָלער קומט דאָ אַרויף, דער מוזיקער און דער אַקטיאָר. כאָטש די אַקטיאָרן האָבן זייער אייגענעם לאָקאַל און פאַריין, דאָך טלאָמאַצקע 13 פאַרייניקט אַלעמען אונטער איין דאַך. און... דאָך, די גרינדער האָבן געחלומט פון אַן אַנדערן ליטעראַטן־פאַריין.

די ייִדישע פּרעסע האָט יאָ אַ ווירקונג אין ייִדישן לעבן. די ייִדישע פּרעסע, די בירגערלעכע, איז פון איין זייט פיין פּאָליטיש אָריענטירט און גיט איבער די אָריענטאַציע די לייענערס, די פּרעסע גיט פון אַלעם צו ביסלעך און דער „שפּאַנענדיקער ראָמאַן" איז אַלץ די הויפּט־אַטראַקציע. בכלל האָט זיך דער מין ייִדישע צייטונג שטאַרק געמערט אין פּוילן. עס איז שוין אוממעגלעך אויסצורעכענען די צאָל צייטונגען אויף די פינגער, האַלטן אויפן געדאַנק די צאָל מאָרגן- און נאָכמיטאָג־בלעטער. מען לייענט אַ סך ייִדיש אין וואַרשע, גאָר אַ סך, ס'איז דאָס איינציקע ביסל גייס־טיק פאַרגעניגן. קויפן קויפט מען ניט אַזוי פיל ווי מען לייענט. דריי־פיר משפּחות „האַלטן" איין בלאַט, אָבער ווען מען רעדט וועגן ייִדיש אַלס באַדייט, מוז מען זיך ווידער ווענדן צו דער אַרבעטער־גאַס. ס'איז פאַר מיר געווען די גרעסטע שטוינונג, ווען איך בין איינמאָל אין אַ רעגנדיקן אָוונט, געקומען אין אַן אַרבעטער־לאָקאַל. דאָרט איז פאַראַן פּלאַץ פאַר דריי הונדערט מענטשן, אָבער בלויז אויף די שטיגן זענען געווען איבער הונדערט. אינעווייניק האָט מען געקלעפּט ביי די ווענט. פינף הונדערט יונגע אַרבעטער זענען געקומען צו עפּעס אַ ליטעראַרישן אָוונט. מען האָט געשטופּט די 30קער גראָשן דעם קאַסירער אין האַנט אריין, זיך גע־בעטן מען זאָל אַריינלאָזן. איך בין געווען אין די אַרבעטער־ביבליאָטעקן און געזען, ווי יוגנטלעכע אַרבעטער רייסן די צייטשריפטן און ביכער פון די פּאָליצעס אַראָפּ.

אויף אָט דער דערשיינונג איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן. עס איז דער גרעס־טער נחת־רוח צו פאַרברענגען מיט די קינדער פון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן. בשעת איך האָב געהאַט אַ שמועס מיט צען־ און צוועלף־יאָריקע

קינדער, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווי איך האָב פאַר זיך פּאַרטיקע, צייטיקע מענטשן. מענטשן, וואָס פאַרשטייען זייער סאָציאַלע סביבה, זייער אָפּשטאַם פון דער אַרבעטער־שטוב, ביי זיי איז מער ניטאָ קיין פאַרביטערונג צום רייכן קינד, נאָר אַ געוויסע שטאָלצקייט אויף זייער אייגענעם קלאַס. זיי נעמען שוין ניט אויף ווערטלעך די נאַרישע אַלע־גאָריש־פאַנטאַסטישע מעשהלעך פון די שול־ביכלעך, זיי ווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט אויף רעאַליסטישע געשעענישן אין הויז, אין גאַס און אין דער וועלט.

די קינדער האָבן מיר דערציילט פאַרשידענע עפּיזאָדן פון זייער לעבן, זענען דאָס געווען עפּיזאָדן פון זייערע שווערע געמיטער. און אַז איינער, אַ ניין־יאָריק יינגל, האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז שוין אַליין אַן אַרבעטער, אַ פריזירער, האָט זיך געפילט אַ וועלט מיט שטאָלצקייט אין זיינע רייד און אַ קינדערישע ווירדיקייט אויף זיין טאַט.

יידיש אויף דער אַרבעטער־גאַס האָט אַן אידעאָלאָגישן באַדייט און איז פון קעמפערישן כאַראַקטער. דערפאַר האָט דאָס דאָזיקע יידיש אַ פּאָזיטיווע ווירקונג און שלאָגט זיך ערגעץ דורך און דרינגט אריין.

---

## דער ערשטער מאי אין ווארשע 1935

איך האָב דאָ ניט בדעה צו שרייבן אַ באַריכט וועגן די ערשטע מאי־דעמאָנסטראַציעס אין ווארשע און ניט קיין קאָרעספּאָנדענץ. בלויז נאָר אַ פּאָר ביטערע באַמערקונגען, וואָס זענען מיר געקומען אויפן געדאַנק, ווען מיין אויג האָט זיך געטונקען אין פּיין, זעענדיק, ווי אַ גרויסע קראַפט, אַ ריזיקער כוח — די פּוילישע און יידישע אַרבעטערשאַפט, ווערט צעברעקלט און צעשמיקלט, ווערט אויסגעלאַכט און איראָניזירט. דער דאָזיקער כוח, וואָס דאַרף אין טאָג פון ערשטן מאי סימבאָליזירן זיין וויכטיקייט, אָרגאַניזירטקייט, זיין פאָדערונג, און אַנוואַרפן שרעק אויף די הערשנדיקע קלאַסן, ווערט אַ סימבאָל פון אייגענער שוואַכקייט, צעריסנקייט, נישטיקייט, און די בורזשואַזיע האָט דעם אויסגעצייכנטן תענוג זיך איבערצוצייגן, אַז — דער „טייוול" איז ניט אַזוי שרעקלעך ווי מען מאָלט אים, אַז הערווייל דערגייט נאָך דער ברויזנדיקער צאָרן פון די אונטערדריקטע מאַסן ניט צו אים, דעם בורזשוי, אַז דערווייל איז מען נאָך אין די אַרבעטער־רייען „פאַרנומען" מיט אייגענע רייסערייען און

פאַראַכטנדיקער שנאה פון איינעם צום אַנדערן. און אזוי לאַנג ווי דאָס איז האַפּטיק, וועט אים, דעם בורזשוי, גאָרניט געשעען.

ווערט טאַקע דער טאָג פון ערשטן מאַי, דעמאָלט, ווען עס דאַרף גליען די לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער, פאַראייניקט אייך!" פאַרוואַנדלט אין אַ לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פון אַלע פּאַרטייען, צערייסט אייך!" אַ בירגערלעכע צייטונג האָט עס טאַקע אזוי געשריבן מיט גרויסע אותיות, אַ ווידמונג צום ערשטן מאַי. עס האָט געברענט אין פנים אָט די חרפּה.

און די מלוכה האָט אַרבעט. זי איז גאָט די נשמה שולדיק. זי מאַנעווורירט קונציק, נוצט אויס די דאָזיקע צעשפּאַלטנקייט, פאַרבעט פאָרשטייער פון פאַרשידענע פּאַרטייען, יידישע און ניט־יידישע, כדי „זיך געמיינזאַם צו באַראַטן" וועגן דעם מאַניפעסטאַציע־ און דעמאָנסטראַציע־צוג איבער די גאַסן. דער רעגירונגס־קאָמיסאַר לייגט אַוועק אַ פּאַרציע „מוסר" די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען, למאי... זיי פאַרשאַפן אַזוי פיל זאָרג און אַרבעט דער פּאָליציי, למאי, מען אָרגאַניזירט ניט איין צוג איבער די גאַסן. דאָס איז אַ שטאָך מיט אַ חוזק־נאָדל. דער קאָמיסאַר איז אָריענטירט. ער ווייסט, אַז „דאָס וועט קיינמאָל ניט געשעען": פּפּ"ס וועט ניט גיין מיט די קאָמוניסטן, אַז דער „בונד" וועט ניט גיין מיט די „רויטע", און אַז די רעכטע פּועלי־ציון וועלן ניט גיין מיט די לינקע פּועלי־ציון און אַז די לינקע פּועלי־ציון וועלן ניט גיין מיט די אַנדערע לינקע פּועלי־ציון מחמת זיי אַליין זענען צווישן זיך געשפּאַלטן. און דאָס איז ניט קיין פּשוטע שפּאַלטונג. דאָס איז אַ טיפע, גרונטלעכע שנאה, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין פּערזענלעכן האַס. דער רעגירונגס־קאָמיסאַר זאָגט מוסר און וואָרנט דערביי: „עס זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן דער גייסט פון ערשטן מאַי. איבער די גאַסן פון וואַרשע זאָל זיך ניט גיסן קיין... אַרבעטער־בלוט."

•

דער קאָמיסאַר מיינט ניט חלילה צו זאָגן, אַז אַרבעטער־בלוט וועט זיך גיסן אַ דאַנק דעם, וואָס פּאָליציי וועט שיסן. אָ, ניין, מען קאָן דאָך ניט פאַרוואַנדלען די פּוילישע פּאָליציי אין בלוט־דורשטיקע חיות. די פּאָליציי איז פריינדלעך. דער אינערן־מיניסטער האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע פאַראָרדענונג, אַז אַלע באַאַמטע אין דער פּוילישער מלוכה מוזן זיין פריינדלעך. עס מאַכט ניט אויס, אַז אַן עקסעקוטאָר קומט צו אַן אָרעמער אַלמנה אין שטוב אַריין און דאַרף אַרויסטראָגן דאָס לעצטע בענקל פאַרן שטייער, צי אַ קאָמאָרניק דאַרף אַרויסטראָגן דאָס ביסל בעבעכעס פון

אַן אַרבעטסלאָזנס שטיבל אויף דער גאַס, אַ סך מאָל אין אַ רעגנדיקן טאָג. דאָס איז פּליכט! אָבער פריינדלעך מוז ער זיין, דער עקסעקוטאָר אָדער דער קאָמאָרניק. דאָס איז אַ געבאָט פון „אייראָפּעאישן נוסח"... די פּאָליציי, וואָס איז איצטער באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס אין שטאָל־העלמען, קאַמפגרייט, איז אַלץ פריינדלעך. מען „סאַלוטירט" אפילו די רויטע פּענער. פאַרשטייט זיך, די רויטע פּענער, וואָס זענען לעגאַליזירט. פאַר יענע רויטע פּענדלעך, וואָס זענען ניט לעגאַליזירט, שפּייט מען מיט פייער. אָט האָט מען דאָך, מיט אַ יאָר צוריק, בעת אַ גרופּע, וואָס האָט ניט געקריגן דעם היתר צו מאַרשירן איבער די וואַרשעווער גאַסן און האָט דאָך געפּרואווט יוצא זיין מיט אַ שטיקל דעמאָנסטראַציע, איינעם אַ יונגן, יידישן בחור גלייך אויפן אָרט דערשאָסן. אַן אַגענט האָט מסתמא, לויטן אויפטראַג פון מיניסטער, איבערגעבעטן דעם גוססדיקן, מסתמא געזאָגט „פּשעפּראַשאַם!..." דער רעגירונגס־קאָמיסאַר געטרויט נאָר ניט, אַז אַרבעטער פון פאַרשידענע ריכטונגען און שאַטירונגען, פון פּאַרטייען און גרופּן, זאָלן זיך קעגנזייטיק צוזאַמענטרעפן.

דער רעגירונגס־קאָמיסאַר דערלויבט ניט, אַז אַלע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס זאָלן אַרויסגיין אין איין און אין דערזעלבער צייט און דורך די זעלבע גאַסן. וואַרשע ווערט פאַרוואַנדלט אין סטראַטעגישע פּונקטן. יעדער פּאַרטיי „טיילט" מען אויס אַ באַזונדערן ראַיאָן, און דערביי קוקט מען אויפן זייגער און מען ציילט די מינוטן וויפיל אַזאַ צוג פאַרנעמט צייט. דער קאָמיסאַר ווייסט בעסער די „כוחות פאַרהעלטענישן" פון יעדער פּאַרטיי צי גרופּע. ער לאָזט זיך ניט נאַרן, און דער רעזולטאַט איז — פּרעגט שוין ניט.

אמת, דער הייגטיקער ערשטער מאַי איז ניט אויסגעפאַלן אונטער אַ פּראַכטפולן פרילינגס־וועטער, פון אָנהויב פון גרינס און בליען. עס האָט צוגערעגנט און צוגעשנייט.

•

אָט גייט אַ גרופּע, אַ גרויסע גרופּע, עטלעכע הונדערט אַרבעטער. די רייען זענען ניט געשלאָסן, מחמת מען באַמיט זיך צו זיין וואָס מער... שיטער, כדי עס זאָל אויסקומען צעצויגענער און לענגער. מען נאַרט זיך אַליין. פאַרפאַלן, וואָס קאָן מען טון. די פּענער זענען טאַקע רויט, פלאַטערדיקע פלאַמען אונטער דעם בלאָזן פון די ווינטן. אמת טאַקע, עס זענען פאַראַן טראַנספּאַרענטן — דרייסטע, מוטיקע אויפשריפטן. אמת, אַז די אויסגעשרייען און די לידער זענען שטאַרקע. אָבער וואָס מאַכט עס פאַר אַן איינדרוק, אַז קוים זאָל זיך די מחנה באַגעגענען מיט אַן אַנדער מחנה

פון דער זעלבער אידעאָלאָגיע, נאָר אַנדערש אויסגעטייטשט; קיים חלילה באַגעגענען זיך די נעכטיקע פריינד און די היינטיקע אָפּגעריסענע, נו, עס וואָלט שוין איינמאָל געווען אַ „דעמאָנסטראַציע פון פאַרייניקטן כּוח“.

•

אָט, שפּעטער מיט אַ שעה דורך די זעלביקע גאַסן, מאַרשירט אַ דריטע שוועסטער פון דער זעלבער פאַרטיי־פאַמיליע, און נאָך שפּעטער — די ריזיקע דעמאָנסטראַציע פון פּפּ״ס און הינטער זיי — דער „בונד“. אַלץ איז אימפּאָזאַנט. נאָר עפּעס געטרויט מען ניט. עס דוכט זיך, אַז ס'איז נאָר אַן אויבן-אויפיקער אָנשטעל אַזאַ. מילא, אַז די ביידע אַרבעטער־פּאַרטייען, די פּפּ״ס און דער „בונד“ זענען ניט צונויפגעגלידערט, הגם, „מען גייט צוזאַמען“, דאָס קאָן מען לייכט באַמערקן. אָבער אין פּפּ״סישן צוג שמייכלט מען פון די, „וואָס גייען פון הינטן“. איז עס אַ פאַרשטענדלעכע זאַך... למאי שטייען אין די גאַסן טויזנטער און טויזנטער און קוקן זיך צו מיטן זעלביקן ביטול־שמייכל צו די אַרבעטער-דעמאָנסטראַציעס. פאַרשטייט זיך, אַזוי ווי מען רעזשיסירט, אַזוי שפּילט מען. אַזאַ מין צעריסנקייט, אַזאַ מין צעשטיקלטקייט, אַזאַ מין שנאה און האַס פון איין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע צו דער צווייטער, מוז זיך אָפּרופן אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן, מוז ברענגען צו פּאַסיוויטעט פון די, וואָס שטייען נאָך פון ווייטנס.

•

קיינער איז איצט ניט אַזאַ גוטער פריינד פון דער בורזשואַזיע, ווי דאָס צעריסנקייט פון די אַרבעטער גופא. דעם ערשטן מאַי זעט מען דאָס. די בורזשואַזיע האָט די מעגלעכקייט זיך איבערצוציילן, אַז דאָס, וואָס מען סטראַשעט אַ גאַנץ יאָר, איז ווייט פון צו זיין וואָרהאַפטיק. דערווייל זענען די אַרבעטער פאַרנומען מיט די אייגענע רייסערייען. איידער עס וועט קומען זייער, דעם אַרבעטערס טאָג פון באַפרייאונג, וועלן זיי זיך איינם דעם אַנדערן אויסשעכטן. אַזוי טראַכט די בורזשואַזיע.
און — דערווייל — ציטערט מען אַזוי פאַר דעם איינהייטלעכן פראָנט. דערפאַר רודפט מען מצד דער מאַכט, יעדן פרואוו צו אַן איינהייטלעכקייט אין די אַרבעטער־רייען. מען פּראָוואָצירט און מען רייצט אָן.
און די פירער פון דער, צי יענער פאַרטיי, אין בלינדן פאַנאַטיזם פאַר זייערע דאָגמעס, שפּילן אויף דער האַנט פאַר יענעם צד, וואָס ליינגט איין וועלטן, אַז די אַרבעטער־איינהייט זאָל צעשטערט ווערן. און איצטער, אין טאָג פון ערשטן מאַי, אָנשטאָט עס זאָל די רעאַקציאָנערע כוחות באַ־

פאַלן אַ שרעק, זענען זיי הירכגענומען מיט דער פרייד, אַז דער קלאַסן־שונא איז צעברעקלט. און ווי לאַנג ער איז צעברעקלט איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

---

## געטאָ און נאָך עפּעס

פאַראַן אַ פּויליש ווערטל: „יאַק בידא, טאָ דאָ זשידא", אין ווערטלעכער איבערזעצונג הייסט עס: אַז עס איז שלעכט נעמט מען זיך צום יידן!
אין פּוילן איז שלעכט, גאָר שלעכט, איבערהויפּט אויפן דאָרף. פּראָדוקטן זענען ביליק, אַזוי ביליק, אַז דער פּויער האָט אַזש ניט פאַרוואָס צו קויפן קיין זאַלץ, קיין נאַפט, קיין שוועבעלעך. אָפּגערעדט שוין פון שיך, פון אַ מלבוש; און אוודאי און אוודאי האָט ער ניט צו צאָלן די הויכע שטייערן.
איז דאָך שלעכט, אַז דער פּויער, וואָס איז דער רוב מנין אין לאַנד, איז אַ שלעכטער קאָנסומענט, האָט דער שניידער ניט קיין אַרבעט, האָט דער שוסטער ניט וואָס צו טון. לייזט ניט דער קרעמער.
און אַז די אַלע האָבן ניט קיין אַרבעט, טוען ניט קיין מסחר, זענען זיי אַליין ווייטער קאַרגע קאָנסומענטן. קויפט מען ניט קיין פּראָדוקטן, קויפט מען קאַרג, ווייניק, פאַלן ווידער די שפּייז־פּראָדוקטן, ווערט ביליקער...
דרייט זיך, דרייט זיך אַזוי דאָס כּישוף־רעדעלע אהין און אַהער, אַהער און אהין, די לאַגע ווערט ערגער. די רעגירונגס־קאַסע ווערט ליידיקער, שי־טערער, און אַז עס ווערט שיטערער, זוכט מען אָפּשפּאָרונגען. נעמט מען זיך צו די באַאַמטע, רייסט מען זיי פון די לוינען. מילא, די הויכע באַ־אַמטע מיט „מיניסטער־פּענסיעס", זיי קענען עס אויסהאַלטן. די קלענערע רעגירונגס־ און קאָמונאַלע־באַאַמטע, וועלכע זענען דערווייל די איינציקע, נאָרמאַלע קאָנסומענטן אין לאַנד, ווען מען האָט זיי געריסן די לוינען, האָבן זיי פאַרקלענערט זייער קויף־קראַפט. אַז די קויף־קראַפט איז פאַר־קלענערט, האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט די קאָנסומציע. ס'איז דער אמתער חד גדיא.

•

איז שלעכט אין לאַנד. קיין אויסוועג איז ניטאָ, טראָגן זיך שוין אַרום מורמלערייען... די דאָזיקע מורמלערייען קענען ווערן געפערלעך, ווייל זיי גייען אויפן אַדרעס פון דער רעגירונג. דאַרף מען עפּעס אַזוינס אין

לאַנד, אַז עס זאָל אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט, אין אַזעלכע פאַלן גע־
פינען זיך שוין תמיד אַ זעלכע, וואָס זענען גרייט „העלפן ארויכהעלפן".
דאָס מאָל טוען עס די „ענדעציע" און זייערע „פריש-געבוירענע", די „נאַ-
ראָווצעס", וואָס די נאַראָווצעס זענען, קוק אין נייעם לעקסיקאָן, טאַקע
ביי דער זעלבער „נ", נאַציס. ניין, די „נאַראָווצעס" זענען ערגער ווי די
נאַציס. זייער ווירקונג איז אַ געפערלעכע. דאָס זענען די ליידיקגייעריישע
זינדלעך פון רייכע, און מיטעלע פּוסט־און־פּאַסטניקעס, סטודענטן נאָך
דערצו. אין רוסישן לעקסיקאָן זענען זיי באַטיטלט מיטן איינפאַכן נאָמען
„כולעגאַנעס". זייער אויפטו באַשטייט אין פיזישן טעראָר. טעראָריזירן
די יידישע באַפעלקערונג. זייערע מעטאָדן זענען צו שלאָגן מיט ... ראַ־
זיר־מעסערלעך, מיט זשילעטקעס. אַ מאָל האָט מען גענוצט זשילעטקעס
צום גאָלן און די אָפּגענוצטע — צו שניידן פּאַפּיר. וואָסער אַ נאַרישער
צוועק! אָפּגענוצטע זשילעטקעס ווערן פאַרפעסטיקט צו די שפּיצן פון
שטעקנס, און מיט דעם רייסט מען פנימער, שניידט מען מלבושים אויף
יידישע פרויען, (מיט וואָס איז דאָס ווינציקער חריפות ווי אויפשניידן
בעטגעוואַנד, ממתן און צעקאַלעטשן ...).
די הויפט־אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ צייט צוריק, ווען ער, פּיל־
סודסקי האָט נאָך געלעבט. (יידן האָבן זיך געטרייסט, אַז ווי לאַנג דער
„דזשאַדעק" לעבט, וועט קיין בייז ניט געשעען.) דאָס הפקרות האָט שוין
דעמאָלט געבושעוועט איבער די גאַסן פון גרויסע און קלענערע שטעט.
איז געשעען אַ „נס", דער אינערן־מיניסטער פּיעראַצקי איז דערמאָרדעט
געוואָרן. די „נארא"־העלדן האָבן זיך דערשראָקן, מען קאָן זיי חושד זיין
אינעם מאָרד און האָבן זיך ווי די מייז צוריקגעצויגן אין די לעבער אריין.
איצט, אַז אין וואַרשע קומט פאָר דער פּראָצעס קעגן די באַשולדיקטע
מערדער פון אינערן-מיניסטער, און דאָס זענען אוקראַינער טעראָריסטן,
און די „נאַראָווצעס" ווייסן שוין, אַז מען מיינט ניט זיי, איז ווידער גע־
לעבט, ווידער אויפגעהויבן די קעפּ, ווידער צוגעשפּילעט די זשילעטקעס
צו די שטעקנס, און ווידער קומען פאָר „אינצידענטן" און יידיש בלוט
רינט אויף די גאַסן פון לעמבעריק, גראָדנע, נאָווע-מיאַסטע. און נאָווע-
מיאַסטע, אָפּאָטשנע זענען טאַקע קליינע שטעטלעך. אין דער פּרע-
סע וועט איר וועגן דעם ניט הערן. עס איז אומאָפיציעל פאַרווערט. אָבער,
וואָס דאָרט קומט פאָר איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד. „אינצידענטן" א י ן
פּ י ל ס ט ן ז י נ ע ן פ ו ן ו ו אָ ר ט ! מיר וועלן צופרידן שטעלן די
צענזור און ניט נוצן דאָס וואָרט „פּאָגראָמען" נאָר, ביי ערב־פּאָגראָמען
האַלט עס, וואָרעם אונטערהעצערס גייען ארום פאַרשטעלטע אַלס פּויע־
רים אין די דערפער. זיי רייצן אָן די הונגעריקע.

קומען שוין די קאָנסעקווענצן פון זיך אַליין. לאָזט מען זיך אויף די ירידים מיט קאָסעס, כדי צו שניידן יידישע בייכער און צונעמען דאָס יידישע עשירות (אַז אָך און וויי) און דאַן מוז די מאַכט אינטערווענירן. אַט אַזוי האָט מען אַרויסגעשיקט פון וואַרשע אין געאייל לאַסט־אויטאָס מיט באַוואָפנטע פּאָליציי־אָפּטיילונגען און אויבן־אויף איינגעשטעלט די מהומה. יאָ, אויבן־אויף. וואָרעם דאָס אינערלעכע פייער, וואָס די „נאַר־ראַ"־לייט האָבן אָנגעצונדן קאָן מען דאָך ניט לעשן אַזוי גרינג.

•

„אָפיציעל" ליקווידירט די רעגירונג די צוזאַמענשטויסן — אָבער ווען אַ רעגירונג דערלאָזט באַלד פון אָנהויב אָן דאָס בייזע געוויקס זאָל אָנוואַקסן, איז זי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס קומט פאָר. ווען אַ רעגירונג וויל ניט האָבן דעם בעסטיאַלישן אַנטיסעמיטיזם, געפינט זי גענוג מיטלען און וועגן, אים אויסצוראָטן. ווען אַ מאַכט וויל ניט דעם אַנטיסעמיטיזם, איז ער ניטאָ. פאַרוואָס זעט מען ניט און מען הערט ניט וועגן אָט דער פעסט אין טשעכאָסלאָוואַקיי? די פּוילישע רעגירונגס־אַקציע איז ניט נאָר אַ הסכמה צו די אַלע אַנטי־יידישע מעשים, נאָר אַ בפירושע דערמוטיקונג. דער געריכטס־אורטייל אין גראָדנע, דער מילדער פּסק־דין פאַר די מערדער פון יידן איז אַ ציניש באַשטעטיקונג דערויף. דאָס בסדרדיקע איגנאָרירן די יידישע פאָדערונגען, דאָס אָוועק־קוקן פון יידישע נויטן, דאָס אויסלאָזן יידן פון שטאָדט־אַמטן, דער מבול פון גזירות אויף פאַבן, ביי וועלכע יידן זענען שוין דורות־לאַנג באַשעפטיקט. די אַלע בלומרשטע „עקזאַמענס", דאָס איז אַ בולטע טענדענץ צו אַנטיידישן די מלאכה אין פּוילן.

אָט דערציילט מיר אַ סטאָלער, וואָס זיין פאָטער, זיידע און עלטער־זיידע זענען געווען סטאָלערס — האָט מען אים גערופן צום עקזאַמען. דאָס הייסט, ער מוז פאַר אַ קאָמיסיע באַשטעטיקן זיינע קענטעניש אין פאַך. פּוילן וויל האָבן דורכויס „קוואַליפיצירטע" בעל־מלאכות. אָפיציעל דאַרפן זיך אַלע בעל־מלאכות שטעלן צו דער קאָמיסיע, דאָס הייסט, די וואָס ווילן ווייטער אָנגיין מיט זייער מלאכה, מוזן באַזיצן אַ דיפּלאָם. די קריסטלעכע בעל־מלאכות גייען דורך אָן שוועריקייטן, פון יידישן בעל־מלאכה פאָדערט מען גרינטלעכע, טעאָרעטישע קענטענישן פון פאַך: יעדער אָפּשטאַם פון אָביעקט מיט וועלכן ער באַנוצט זיך, די אייגנשאַפטן פון רוי־מאַטעריאַל און אַזוי ווייטער.

אַ יידישער בעל־מלאכה, וואָס האָט אויסגעאַרבעט די בעסטע שענק, די פיינסטע טישן, שטולן, און האָט קיינמאָל ניט געוואוסט די אייגנשאַפטן

פון לאַקיר, די אור־קוואַלן פון דעם אָדער יענעם מאַטעריאַל, ווערט איצ־טער געפּסלט. דער ציל איז קלאָר. מען דאַרף באַשווערן די יידישע מלאכה, מען דאַרף אַרויסשטויסן דעם ייד פון האַנדל, מען דאַרף, מען דאַרף...

דאָס אויסראָטונגס־סיסטעם גייט אָן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, אָפן און באַהאַלטן. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ לעקעכל, וואָס מען דאַרף דער־מיט „איינגעמען" די אייגענע אומצופרידענע. חוץ דעם, איז אַנטיסעמי־טיזם אַ „קאָנצעסיע", וואָס מען גיט אַנדערע פּאַרטייען, וועמענס איינפלוס, אַ דאַנק דער אומצופרידנקייט צווישן די מאַסן, וואַקסט. די אַנדערע פּאַר־טייען, דאָס מיינט מען די „ענדעקעס", וואָס אידענטיפיצירן זיך פּונקט אויף פּונקט מיט דעם היטלעריזם, וואָס באַרימען זיך, מיט רעכט, אַז היטלער האָט זיך ביי זיי אויסגעלערנט די „תורה" פון יידן־פאַרפאָלגונ־גען. די „ענדעקעס" זענען אַ מאַכט, כאָטש זיי ווערן „געררודפט" פון דער רעגירונג, איז זייער איינפלוס גרויס. זיי האָבן אַ גוט „פּערדל" אויף וועל־כן זיי רייטן: אַנטיסעמיטיזם. ס'איז אַ סברה, אַז זיי האָבן, אַ דאַנק דעם דאָזיקן „פּאַראַגראַף" אין זייער פּראָגראַם, אַ סך אָנהענגער צווישן די באַאַמטע און מאַכט־אָרגאַנען. די רעגירונג אַליין, וואָלט געדאַרפן פאַר „איר יוגנט" די סאַנאַציע־יוגנט, אַזאַ „פּראָגראַמל", כדי מיט עפּעס צו־צובינדן די יוגנט צו זיך. דערפאַר פאַרקוקט מען, פאַרשווייגט מען. „נעמט מען עס ניט ערנצט" דאָס, וואָס קומט פאָר אין די הויכשולן, אין די אוניווערסיטעטן, אין די פּאָליטעכניקומס. ניט נאָר דאָס שטענדיקע גע־שלעג, ניט נאָר די אייביקע אָנפאַלן און איבערפאַלן אויף קאָלעגן, דער־פאַר, וואָס זיי זענען יידן, נאָר דער סיסטעמאַטישער פּראָגראַם פון שאַ־פן צום ערשט אַ געטאָ, דערנאָך — אינגאַנצן דאָס באַזייטיקן די יידישע סטודענטן פון די הויכשולן, וואָס דאָס מיינט, אַז מיט דער צייט, וועלן יידן באַזייטיקט ווערן אויף אַ „נאַטירלעכן" אופן פון די פירנדיקע פעלד־צער אין עפנטלעכן לעבן. דאָס דאַרף זיך אָנהייבן מיט ניט געבן אַ דיפּלאָם אַ בעל־מלאכה, און ענדיקן — מיט ניט צולאָזן צו די אוניווערסיטעטן. דאָס הייסט ניט צו דער מעדיצין, צו אַדוואָקאַטור, צו אינזשענעריע, צו גאָרניט.

עס איז אַ „פּערספּעקטיווע" איינשטעלונג. עס איז אַ בליק אויף דער צו־קונפט אין פּוילישן לאַנד, אַזוי ווערט עס אויסזעען: יידן־ריין. טרוקענע קלעפּ, וואָס יידן קריגן איז גאָרניט קעגן דעם „סיסטעם". דער „סיסטעם" טריאומפירט. די „בעסמע" מענטשן פון דער פּוילישער אינטעליגענץ זענען דורכגענומען מיט אָט דער „שטימונג". והראיה: די פּראָפעסאָרן, די פירונג פונעם לעמבעריקער פּאָליטעכניקום האָבן אָראָפּגענומען די מאַסקע פון די אויגן און באַשטימט אַ געטאָ פאַר די יידישע סטודענטן.

דער געטאָ באַשטייט פון : באַזונדערע בענק, באַזונדערע צונויפקום־זאַלן.
אויך דאָ איז דער ציל קלאָר : אַוועקשטעלן דאָס יידישע לעבן מחוץ למחנה,
צווייט־ראַנגיק, מינדערווערטיק.

•

דאָס טרויעריקסטע איז, וואָס אַזאַ לאַנד מיט אַזאַ באַדייטיקער אינטע־ליגענץ, שריפטשטעלער, קינסטלער, וואָס האָבן אַליין מיט זייער וואָרט און פערזאָן, געקעמפט קעגן עוולות און אומרעכט, קעגן געטאָס און גזירות, האָבן אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער. פּראָפעסאָרן, געלערנטע, די גאַנצע אינטעלעקטועלע וועלט — זיי שווייגן. מען גייט איבער צו דער „טאָג־אָרדענונג“ ווי גאָרניט. בלויז די ענדעקישע צייטונג, פּאַטשט זיך אין בייכל פאַר הנאה, זי קוועלט, גיט צו „מוט“ איר יוגנט, אירע פּראָפעסאָרן — איר געזייטע שנאה גייט אויף אין פולע זאַנגען... דערווייל האָט בלויז איין פּראָפעסאָר, פּראָפ׳ שימאַנאָווסקי, געהעריק וועגן דעם רעאַגירט אין „ראָבאָטניק“, אין אָרגאַן פון פּפּ״ס. אָבער דאָס איז דאָך אַ קול קורא במדבר. אמת טאַקע, עס האָבן זיך געהערט רייד, גאָר דרייסטע, גאָר שאַרפע. פּראָפ׳ שימאַנאָווסקיס אַרטיקל וועגן דעם „לעמבעריקער געטאָ“ איז ניט סתם אַזוי קיין מאמר, נאָר אַ שאַרפע וואָרע־נונג. אונטער דער דאָזיקער וואָרענונג שטייט דער אַרבעטער־קלאַס, צום גליק מוז מען זאָגן, אַז דער פּוילישער אַרבעטער, וואָס איז ביטער גע־טראָפן פון דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס, שאַצט ניט אָפּ זיין לאַגע אין ליכט פון... יידישקייט. דער פּוילישער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, אפילו פון פּפּ״סישן חדר, הויבט אָן צו דערוואַכן, און באַגרייפט די אמתע סיבה פון זיין שווערער, ביטערער לאַגע. די לעצטע טעלעכע צוזאַמענ־רעדן צווישן די פּוילישע און יידישע אַרבעטער, דער געמיינזאַמער ארויס־טריט־מיטינג פון די יידישע און פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, האָט אַנגעזייעט אַנדערע ווינטן. דער פּוילישער אַרבעטער איז דעצידירט ענער־גיש צו ליקווידירן די אַנטי־יידישע ארויסטרעטונגען, ווייל זיי זענען שעדלעך פאַר אים אַליין, פאַר זיינע קלאַסן־אינטערעסן. דער פּוילישער, דער אוקראַאינישער און דער יידישער אַרבעטער אין לעמבעריק האָבן טאַ־קע אָרגאַניזירט אַן אָפּשלאָג פון די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען — דאָס איז דערווייל די איינציקע, ליכטיקע דערשיינונג אויף דעם פאַרכמאַרעטן, יידישן הימל אין פוילן.

# מאַניקירטע נעגל און פאַרפוילטע ציין

דאָס יידישע קליינבירגערטום איז אין פּוילן טראַגי-קאָמישער ווי אין דער גאַנצער וועלט.

אויב דער עקאָנאָמישער שטריק האָט זיך פאַרצויגן איבער אַלעמענס העלדזער, האָט נאָך דער אַרבעטסלאָזער אַרבעטער די „פּריווילעגיע" צו... שרייען, צו פּראָטעסטירן, זיך צו ווערן.

מאַכט מען אַקציעס קעגן דעם העכערן דאָס דירה־געלט. פאָדערט מען צו פאַרביליקן באַקליידונג און שפּייז-פּראָדוקטן, פירט מען אָרגאַניזירט אַ קאַמף קעגן אַרבעטסלאָזיקייט. פאַרלאַנגט מען אונטערשטיצונגען און אַרבעטסלאָזע פאַרזיכערונגען. און הגם דאָס אַלץ העלפט ניט, איז דאָס שרייען אַליין אַן ענין פאַר זיך און ס'האַלט געשפּאַנט דעם אַרבעטס־מענטש. וואָס שטאַרקער די נויט, וואָס גרעסער די פאַרצווייפלונג, אַלץ הייסער איז די טרייב-קראַפט און גרייטקייט צום קאַמף. איך האָב געזעען בילדער פון אַרבעטנדיקן וואַרשע נומער צוויי, וואָס קאָנען זיך ניט אָפּמעקן פון זכרון: אַ גוס־רעגן פאַלט אויף די ברודיקע קופּעס שניי. פון דעם אַלעם אַנטשטייט אַן איינעסנדיקע בלאָטע, וואָס נעצט דורך די מלבושים, דרינגט אַריין דורך דער הויט אין די ביינער און זעגט מיט רעוומאַטיזם־זעגלעך.

וואַרשע נומער צוויי, דאָס הייסט דאָס יידישע וואַרשע, וואַלגערט זיך, גייט איבער פון שמוץ אין קויט. שטיקער טונק רייסן זיך אָפּ פון די ווענט, עס דוכט זיך, ווי אַלץ איז אין שמאַטעס, אין ברודיקע און צוויטיקע שמאַטעס. און מענטשן טאָפּטשען אין די בלאָטעס, אין צעגייענדיקן שניי, ראָיען אין דער פייכטקייט, אין דער נאַסקייט און גאָר ניט.

און מענטשן גייען אָנגעטון אין די פיינע פוטערלעך, אין פעלצן. דאַמען אין די שענסטע מאַנטלען, עס איז אַפילו ניט קיין זעלטנקייט צו זען אין וואַרשע בריליאַנטן, עכטע, ניט קיין געפעלטשטע, נאָר אמתדיקע איידלשטיינער. אין פלוג קומט אויס מאָדנע: פון דעם אַלץ, וואָס מען האָט געהאַט אָנגעזען, ווילט זיך קוים גלויבן, אַז דאָס איז נאָך מעגלעך: אינעם לאַנד פון גרעסטער נויט, הונגער, פאַרצווייפלונג און זעלבסטמאָרד — אַזאַ מין לוקסוס. די דאָזיקע טייערע פוטער-מאַנטלען ביי די מיטל-בירגערלעכע פרויען, זעט מען אַפילו ניט אין „רייכן" אַמעריקע. און ווען איך דריק אויס מיין חידוש אויף דעם, ענטפערט מען מיר:

„מילא, פאַר אייגן געלט קויפט מען דאָך דאָס ניט."

„וואָס הייסט ניט פאַר אייגן געלט?"

„פשוט. מען באָרגט, מען דרייט אַהין, אַהער, דאָס געוועזענע לופט־שטע-

געוואָרן, די „נאַרא"־העלדן האָבן זיך דערשראָקן, מען קאָן נאָך זאָגן קעלער איז היינט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעדער, מען שרייבט אונטער וועקסלען און מען קויפט פאַר די וועקסלען דעם ווייב, דער טאָכטער אַ טיי־ערן מאַנטל. איי, אַז עס קומט די צייט צו צאָלן? נו, שרייבט מען אונ־טער אַן אַנדערן וועקסל און מען קויפט אויס דאָס ערשטע און אַזוי ציט זיך דער טראַגי־קאָמישער רינג ביז אָן אַ סוף."

•

דאָס יידישע קליינבירגערטום איז אין פּוילן, מער ווי אומעטום, דורכגע־פרעסן פון קריזיס. דער קליינבירגער, דער אמתדיקער שקלאַף, האַלט זיך מיט קראַמפּיקע פינגער אָן אין די אונטערגעפוילטע זיילן פון קאַפּיטאַליזם. ער ווייסט, אַז די זיילן מוזן פאַלן, נאָר ער האַלט זיך אין זיי. דער קליינ־בירגער פירט נאָך „שטאַט", מענטשלט זיך פאַר לייטן. פון די „גוטע יאָרן", דאָס הייסט פון 1925 ביז 1928, האָט ער אָפּגעשפּאָרט אויף אַ דירה, און גראָד אַ פּראָנט־דירה, פיר־פינף גרויסע צימערן און פאַרשטייט זיך, מיט אַ דינסט. אָן אַ „מאַניע" אָדער „זאָשע" גייט ער ניט. עס פּאַסט ניט פאַר אַנדערע, אַ חוץ דעם, דאָס ווייב צי די טאָכטער וועלן דאָך ניט טוען קיין קיך־אַרבעט — רוימען אָדער קאָכן.

דער ענין קאָסט סיווויי ביליק. אַמאָליקע צייטן האָט מען טאַקע געצאָלט אי דירה־געלט, אי פאַר דער דינסט. איצט צאָלט מען דעם הויז־ווירט וועקסלען און דער דינסט כמעט ווי גאָרניט. וואָרעם וואו וועט זי גיין, ער־געץ אַנדערש? מען כאַפּט זי אויס? זי דאַנקט גאָט, אַז זי האָט וואו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן און דאָס ביסל עסן.

און די דינסט־מיידלעך אַרבעטן ביי די מאַדאַמען פאַר גאָרניט, אומזיסט, נאָר פאַרן שטיקל בעטל, וואָס שטייט אין קיך און פאַרן לעפל וואַסער.

ס'איז מער ווי קאָמיש צו זען ווי אַזוי מען פירט זיך אין אַזאַ „באַלעבאַטיש" הויז. איך וואוין ביי אַ פאַמיליע, וואָס איז זיי „אַמאָל" גוט געוועזן.

פון דעם גוטס איז געבליבן: אַ שיינע דירה, פּראָנט־אַריינגאַנג, ערשטער שטאָק, אַ דינסט, דריי טעכטער, קאַלטע אויוונס און אַ שטומער טעלעפאָן. דער טעלעפאָן האָט די „מעלה", וואָס אַהער קאָן מען רעדן און — ער איז שטום. די סיבה: מען האָט שוין לאַנג ניט געצאָלט פאַרן טעלעפאָן. מען רעכנט, אַז די עלעקטרע וועט שוין באַלד אָפּגעשניטן ווערן. דעם גאַז האָט מען שוין פאַרמאַכט.

דאָס גאַנצע ביסל מעבל איז איינגעשטעלט, ווייל אָט קומט דער סעקוועסט־ראַטאָר פון שטייער־אַמט און נעמט עס צו.

פאַלט מען אויף אַ מיטל. מען שרויפט אַריין דעם טיש און די שטולן אין דער ערד — און לויטן געזעץ טאָר מען ניט רירן קיין זאַך, וואָס איז ניט

„דירנדיק". אין דער קראָם, נעמט מען אויף וועקסלען, אין יאַטקע — אויף וועקסלען.

אין טעאַטער, אין קינאָ, גייען ניט די טעכטער. סיידן, עמעצער פאַרבעט זיי. מען העלפט זיך דורכן זכות פון אַ זשורנאַליסט, אָדער אַ באַקאַנטן פון אַן אַקטיאָר. פונדעסטוועגן גיט מען ניט צו, אַז דאָס איז דער גורל פון אַן אונטערגייענדיקן קלאַס. מען האַלט זיך נאָך אַלץ פון דער „בעסערער" געזעלשאַפט. מען פאַרשנירלט די פּיסקלעך און מען פירט זיך „ריסטאָקראַטיש". אַז דער טעלעפאָן קלינגט, פּאַסט ניט אַליין צוצוגיין פרעגן, נאָר מען רופט אין קיך אַריין: „מאַניע, זאָל מאַניע פרעגן ווער עס קלינגט."
און מאַניע, די אומזיסטע דינסט, קומט פון קיך אין קאָרידאָר אַריין צום טעלעפאָן. עס איז אָפּטמאָל אַ שטיק וועגס. מען דאַרף דורכגיין אַ צוויי צי דריי צימערן. און גראָד שטייט מאַניע ביי דער באַליע וועש . . . אַזוי מוז עס זיין, אַנדערש ניט. דער רופער פון טעלעפאָן מוז געפרעגט ווערן פון דער דינסט, ווער עס רעדט אין צו וועמען ער דאַרף. דאָס איז אַן אויסרעכענונג: זאָל יענער דאָרט וויסן, אַז אין דעם הויז האַלט מען אַ דינסט . . .
מען לייגט זיך שפּעט אין די דאָזיקע „ריסטאָקראַטישע" הייזער. די „פּאַניענקעס" האָבן „געזעלשאַפט". מען שטייט אויף שפּעט. דריי, פיר אַזויגער קומט מען זיך צונויף אויף מיטאָג. (אויב ס'איז דאָ וואָס צו עסן).
מען פירט „טיש" ביז אין אָוונט.

פונקט ווי מען מוז ווינטער האָבן אַ פוטערנעם מאַנטל, אַזוי — מוז מען זומער פאָרן אויף דאַטשע. דאָס גאַנצע קליינבירגערלעכע געמויזעכץ פאָרט אויף זומער-פּלעצער אין וואַלד, אויפן דאָרף, אין פּענסיאָנאַט, אין האָטעל.
און אַ גאַנצן ווינטער רעדט מען אַלץ וועגן די „דאַטשעס", ווי אַזוי מען האָט פאַרבראַכט. עס רעדט ניט נאָר די טאָכטער, נאָר אויך די מאַמע.
מען לאַכט מיט הנאה. דאָס איז די הויפּט-טעמע פאַר געזעלשאַפטלעכע שמועסן. און פאַרשטייט זיך, אַז אַ יידיש וואָרט איז טריפה. דאָס איז אַ קנעכטישער האַס צו זיינס גלייכן. אין אַמעריקע איז צווישן די קינדער פון קליינבירגערטום ניטאָ קיין ספּעציפישע שנאה צו יידיש. יענע זענען פּשוטע איגנאָראַנטן, זיי וויסן ניט און קאָנען ניט, און ס'איז זיי שווער אַ וואָרט אַרויסצורעדן. קוים אָבער רעדט עמעצער יידיש, איז עס פאַר אים נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך. ווייניקסטנס דאָס אַמעריקאַנער קינד רעדט מיט דעם זיידן און מיט דער באָבען יידיש, דאָ, אין וואַרשע, קאָנען אַלע בירגערלעכע „שמענטיליגענטקעס" יידיש, און טיילמאָל בעסער ווי פּויליש. פּשוט, ווייל יידיש איז די איינגעקריצטע שפּראַך פון הויז. אין גאַס אָבער, קומט אויס צו רעדן אַ וואָרט יידיש, באַמת מען זיך בכיוון צו צעקאַליעטשן . . .

פונדעסטוועגן לייענט מען יידיש אין די דאָזיקע „באַלעבאַטישע הייזער“. מען איז פאַרליבט אין די שונדראָמאַנען פון די טאָג־צייטונגען. די שונד־צייטונג האָט אין משך פון די לעצטע יאָרן צוגעקריגן פאַר זיך אַ היפּשן קאָנסומענט. דאָס איז די „פיינע שטוב“ און דאָס איז די סיבה פון אַזוי־פיל קליינע גאַסן־ און סענסאַציע־צייטונגען, וואָס האָבן זיך געמערט אויף דער יידישער גאַס.

•

דאָס קליינבירגערטום אין פוילן האָט זיך ניט אָפּגעוואוינט פון דער עקל־האַפטער מידה — דאָס קושן אין דער האַנט אַריין אַ דאַמע.

אויב מען זעט נאָך אַ „באַלעבאַטיש“ מיידל טאַנצט נאָך די הויכע פענצטער, איז עס ניט אַזוי שאָקירנדיק פאַרן אויג, ווי ווען דאָס טוט אַ בחור.

דער קליינבירגערלעכער בחור, דער יידישער, דער, וואָס חלומט נאָך פון אַ שטיקל לייטישן נדן, און פירט זיך דערווייל מעשה איידלמאַן, איז אַ היפּש ביסל אַ ניט־סימפּאַטישער טיפּ. דאָס איז דער אמתדיקער „טים־טאַם“, ניט אַהין און ניט אַהער... דער דאָזיקער ווייס־קאָלנערדיקער יונגערמאַן האָט נאָך אַ וויכטיקע „באַשעפטיקונג“, ער מאַניקירט זיך די נעגל... מיר דוכט, אַז ס'איז ניטאָ קיין נימאוסערע זאַך, ווען אַ מאַנסביל האָט מאַ־ניקירטע, ראָזע, גלאַנצעדיקע נעגל... דאָס איז דער סימבאָל פון ליידיק־גייעריי, פון פּסיכאָלאָגישער און פּאַקטישער ליידיקגייעריי.

אין פוילן איז עס אַ דערשיינונג, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן אַריין, און נאָך עפּעס: ס'איז זעלטן דאָ צו טרעפן עמעצן מיט גאַנצע, געזונטע, ווייסע ציין. אין אַמעריקע איז דאָס אָפּהיטן די ציין אַ טייל פון דער טעגלע־כער נויטווענדיקייט. אין פוילן איז עס אַן איבעריקע באַלעסטיקונג. עס זעט זיך סיי ביי די מענער, סיי ביי פרויען אַרויסגעפאַלענע ציין, אונטער־געפוילטע, געלע און — באַלד דערנעבן — אַריינגעשטעלטע גאָלדענע, העל־בלאַנקנדיקע.

מען דערציילט אַפילו, אַז אין צייטן פון „פּראָספּעריטי“ אין פוילן, האָט מען זיך פון שיינקייטוועגן אַרויפגעצויגן אויף די ציין גאָלדענע „קאָראָנעס“, אָט פונקט ווי מען טראָגט „פאַנטאַזיע־ברילן“. און אָט פונקט ווי מען פוצט זיך און מען מאַניקירט זיך די נעגל.

געלע, אויסגעפוילטע ציין און מאַניקירטע נעגל, דאָס איז דאָס ריכטיקע בילד פון יידישן קליינבירגערטום, די אַזוי־גערופענע וועקסל־„ריסטאָקראַטיע“ פון וואַרשע.

# יידיש טעאַטער אין וואַרשע

## טעאַטער־נויט, רעפּערטואַר און קלײנקונסט

יידיש טעאַטער אין וואַרשע איז ניט קיין באַשטענדיקע זאַך. עס איז אַן ערנצטער ענין פאַר... לעשנע נומער 2, אין לאָקאַל פון יידישן אַר־טיסטן־פאַריין. דאָרט, נאָך דאָרט, נעמט מען ערנצט די פראַגע פון יידי־שן טעאַטער. עס איז אויך אַן ערנצטער ענין אין דער כראָניק פון די „ליטעראַרישע בלעטער", וואָס באַצייכנט דערפאָלגן, אָדער דורכפאַלן. ווייטער איז אַלץ צופאַל, צופעליק, ווייל עס איז פאַראַן אַ היפּשע אַק־טיאָרן־משפּחה, וואָס רעזיגנירט ניט, גיט זיך ניט אונטער דעם בייזן גורל, וואָס לאָקערט אויף דעם שוואַכן בנין „יידיש טעאַטער". זיי פאַר־שטאָפן מיט וואָס עס לאָזט זיך די אויסגעשלאָגענע פענצטער הורך וואַנען פייפנדיקע ווינטן בלאָזן אריין...

אַמאָל מאַכט זיך, אז אין וואַרשע איז ניט פאַראַן קיין איין יידיש טעאַ־טער. ערגעץ וואו האָט מען דערשפּירט אַ שטאָט און מען האָט זיך אַוועקגעלאָזט. אַמאָל גייט דער קורס „גאַליציע", לאָזט מען זיך אַוועק אין די גאַליצישע שטעט, און אַמאָל ווערט לאָדזש דער „צענטער". איז מען עולה רגל קיין לאָדזש. ערשט ווען די אַנדערע שטעט ווערן מיד פון די אַק־טיאָרן און די אַקטיאָרן ווערן מיד פון די פּראָווינץ־שטעט קומט מען צוריק קיין וואַרשע.

מען קומט אייגנטלעך ניט צוריק אין וואַרשע שפּילן טעאַטער, נאָר ווייל דאָ — אין וואַרשע איז פאַראַן דער אַרטיסטן־פאַריין. מען דאַרף זיך אַראָפּרעדן פון די הערצער, אויסבייטלען די טענות, און אויך, קומט מען צו די אייגענע בעבעכעס, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט ביי גוטע ברידער... נאָר אַזוי ווי מען איז שוין דאָ, פּרואווט מען נאָכאַמאָל מזל און עס ווערט צונויפגעשטעלט אַ טרופּע און מען שפּילט.

איז געווענדט, ווער די טרופּע איז, ווער דער געשעפטס־פאַרוואַלטער איז, און וואָס פאַר אַ קאָניוקטור עס איז. בעסער געזאָגט, וואָס פאַר אַ קורס עס שטייט אויפן טעאַטער־מאַרק: חסידיש, צי וועלטלעך. אָפּערעטן, צי פאַמיליע־דראַמעס, רעווי, צי פּאָליטיש־פּראָלעטאַרישער רעפּאָרטאַזש. קיין בינונים פאַרן יידישן טעאַטער איז אין וואַרשע כמעט ווי ניטאָ. אַלנ־פאַלס, ניט צוגעפּאַסט לויט די מינימאַלסטע באַקוועמלעכקייטן פאַר טעאַ־טער. עס איז ניטאָ וואו צו דינגען אויך. די גרענעצן צווישן יידישן און פּוילישן וואַרשע איז גרויס. ניט נאָר, מען קערט זיך אָפּ איינער פונעם אַנ־דערן, נאָר מען האָט בכלל קיין מגע־משא ניט. פאַרדינגען אַ פּוילישן זאַל

מעג ער שטיין לײדיק, פאַר אַ יידישע פאָרשטעלונג, וואָלט געהייסן פאַר־שוואַכן די פּוילישע קולטור, נאַציאָנאַלער פּאַראַט.

דאָס „קאַמינסקי־טעאַטער“ געפינט זיך יאָ צופעליק אויף דער גוישער גאַס. איז עס געבויט אויף פרעמדן באָדן. מען קאָן עס צו יעדער צייט אַרונ־טערדייסן, און אויב מען רייסט עס ניט אַרונטער איז עס דערפאַר... ווייל יידן האָבן סיי ווי ניט קיין נוצן דערפון. עס איז אַ מין אַנדראָגינוס־געבוי, עס איז אי טעאַטער, אי גאַראַזש... און ניט איין פאָרשטעלונג איז שוין דאָרט באַגראָבן געוואָרן.

בלייבן איבער עטלעכע שטאַלן, וואָס הייסן יידישע טעאַטער־בנינים: סמאָ־טשע־גאַס, דאָס באַרימטע „סקאַלאַ־טעאַטער“ אויף דזשעלנע, וואָס איז יאָ קעלער און ניט קעלער — לאַנג, שמאָל און איבער די קעפּ פון צוקוקער ליגט דער סופיט און שטיקט. דערצו קומט נאָך דער טעאַטער „צענטראַל“, העט אַרויף אויף דער דזשיקע־גאַס, אין שכנות מיטן גרעסטן דלות — און דער קאָמפּלעקס איז פאַרפולט.

עס איז נאָך דאָ איין נס: מיט מאָדערנע צאַצקעס, קרומע־ליניעס, געבראָכענע קאָנטורן, קוביסטישע לאָמפּן און פוטוריסטישע געמעלעכץ, ווערט יעדער שטאַל פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַלאַץ, מען נאַרט אָפּ דאָס אויג, זאָל זיין אַזוי, אַבי צו גוטן.

די דאָזיקע „פּאַלאַצן“ טוישן אָבער זייער אינהאַלט, זייער אויסזען, זייער פּובליקום אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָדער יענער פּיעסע. ניט דאָס טעאַ־טער רעצידירט, ניט די טרופּע, ניט די אַרטיסטן, נאָר די פּיעסע. איך האָב געזען עטלעכערליי פּובליקומס אין איין און דעם זעלביקן טעאַטער אין פאַרשידענע צייטן — ביי אַנדערע פּיעסעס.

ערשט ניט לאַנג איז געווען אין דער מאָדע „לינקע“ פּיעסעס. פּיעסעס מיט אַ פּראָלעטאַרישן, אָדער רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט. דעם טאָן האָט געגעבן דערצו די „ווילנער טרופּע“ מיט עטלעכע אויפפירונגען, ווי „בונט אין אויסבעסערונג־הויז“ און „שריי כינע“. דאָס זענען געווען מאָדערנע רעפּאָרטאַזשן. בולטע אָפּשפּיגלונגען פון דער איצטיקער צייט. צו די דאָ־זיקע פּיעסעס איז שפּעטער נאָך צוגעקומען די טעאַטראַלע סטודיע פון דעם „יונג־טעאַטער“, וואָס האָט געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר אַ נייער שיטה אויפן יידישן טעאַטער־געביט. מיט איר העכסט־געלונגענער מאָדער־ניסטישער אויפפירונג פון דער פּיעסע „באָסטאָן“, אַ כראָניזאַציע פון דעם סאַקאָ־וואַנזעטי פּראָצעס. די דאָזיקע שטרעמונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. די גאַנצע יידישע אַרבעטערשאַפט און ראַדיקאַל־געשטימטע אינטעליגענץ איז געקומען אין טעאַטער. די פּיעסעס זענען טאַקע געגאַנגען חדשים־לאַנג.

איצט האָט זיך דאָס געענדיקט. פאַרוואָס די פּיעסעס זענען אַראָפּ איז נישט באַקאַנט. איך פאַרצייכן נאָר אַ פאַקט. דער טעאַטער־גאָט האָט זיך אַ קער־רעווע געטון. די „ווילנער" זענען שוין צום ווײַפלטן מאָל אַוועק אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן. אין זעלביקן „סקאַלאַ", וואו ס׳איז במשך פון אַ יאָר געקומען דער אַרבעטער־עולם, קומט שוין איצט אַ געמישטער. דאָרט שפּילט אַ טרופּע אונטער דער „סטאַרישקייט" פון ליאַמפּע און שושנה, כדי נישט צו פאַרטרײַבן דעם שוין אײַנגעבירגערטן אַרבעטער־עולם, האָט מען געשטעלט אַ סאָוויעטישע פּיעסע, וואָס איז געשריבן אַזוי מעלאָדראַמאַטיש־שרײַענדיק, אַז אַלע מעלאָדראַמאַטורגן, וואָלטן געמעגט קומען לערנען, ווי מען שרײַבט אַ מעלאָדראַמע, די פּיעסע הייסט „דער אורטייל". מ. אָלגין האָט שוין גע־שריבן אַזאַ ענלעכע פּיעסע, וואָס האָט געהייסן „איר פאַרברעכן". נאַטיר־לעך, וועגן אַ רײַכער טאָכטער, אין וועלכע עס פאַרליבט זיך אַ רויטער קאָמאַנדיר (וואָס דען אין אַ פאַבריק־מיידל זאָל ער זיך פאַרליבן?) די דאָזיקע פּיעסע האָט דאָ, להיפּוך צו אַמעריקע געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. אָבער דערפאָלגן שעפּן זיך דאָך סוף כל סוף אויס. איצט שפּילט מען דאָרט אַ פּאַראָדיע „דריי דיבוקים", נישט קיין שטאַרק געלונגענע פּאַראָדיע. דער עולם לאַכט אָבער האַרציק און געשמאַק און — מען קומט.

ווײַזט אויס, אַז אין די איצטיקע, שווערע צײַטן אויף דער יידישער גאַס אין וואַרשע, ווילט זיך אַ לאַך־טון, ווילט זיך שמייכל׳ען. עס זענען פאַראַן אַלע סימנים דערויף. צאָלט מען די פּאָר גראָשן, סײַווי קאָסט עס נישט טײַער. דערצו נאָך די פאַרשידענע, געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אויסגעפּועלט הנחה־פּרײַזן פאַר זייערע מיטגלידער, קען מען זיך ווי ס׳איז פאַרגינען.

דאָס „נאָוואָשטשי"-טעאַטער, אַ פּראַקטיקער בנין אויף דער האַלב־אַריסטאָ־קראַטישער ביעלאַנסקע-גאַס, וואָס גרענעצט זיך מיט די גאַלעווקעס, האָט מיט מזל געעפנט אירע טירן פאַר אַ יידישער טרופּע. זי האָט דורך גרויס אײַנרעדעניש און חסד, אַרײַנגעלאָזט אַ יידישע טרופּע, אַ רעוויו־טרופּע, פון די בעסטע, פּעאיקסטע יונגטלעכסטע אַרטיסטן, וואָס רופן זיך מיטן קלינגנדיקן נאָמען „יידישע באַנדע" און די דאָזיקע „יידישע באַנדע", פון וועלכע די מיטגלידער זענען פונעם געוועזענעם „אררט", „סמבטיון", ברענגט דאָס איצט אַרײַן פרײדן און געלעכטערן אין די טרויעריקע געמי־טער פון די וואַרשעווער יידן.

עס איז נישט קיין געשעעניש די „יידישע באַנדע", אָבער פאַרן יידישן וואַר־שע איז דאָס אַן אָנגענעמער ווינקל, וואו מען זיצט עטלעכע שעה מיט אַ ברייט־געעפנטן שמייכל און גאַנץ אָפט — מיט אַן אויפגעפּראַלט גע־לעכטער. עס קען זיצן דאָרט אַ קולטור־מענטש, און אַ פּרימיטיווער מענטש.

עס איז ניט קיין אויגן־פארגלאצנדיקע קונסט, אבער פיין, פעליעטאן־ארטיק און קליינקונסט־מעסיק, אן אנדייט פון אן אייראפעאישער רעווי, פאלקסטימלעך און ליטעראַרישער שאַרזש. קורצע, געלונגענע סצענקעס אויף אקטועלע געשעענישן, אפשפיגלונגען פון טאג, ריינקייט פון שפּראך, און גוטער אויסוואל פון געזאנג־רעפּערטואר, פלאסטיש און דעקאראטיוו צופרידנשטעלנדיק. וואס קאן מען מער פארלאנגען?
בפרט, אז צווישן די ארטיסטן געפינט מען אזעלכע נעמען ווי: לעדער־מאן, רחל האלצער, דזשיגאן, שומאכער און מאלווינע ראפּעל. יעדער טראגט צו, א חוץ טאלענט, אויך ברען און יוגנטלעכן הומאָר.

## די ווילנער טרופּע קומט ווידער אויף

איך האב מורא פאר דעם וואָרט „לעבט ווידער אויף". ווארעם אויב עפּעס לעבט אויף, איז דאס א סימן, אז ס'איז געווען פריער געשטארבן. איך וויל עס ניט דערמאנען. ווארעם די „ווילנער טרופּע" איז ווי יענע לעגענדארע חיה, וואס דא שניידט מען איר אראפּ איין קאפּ און ס'וואקסט גלייך אן א צווייטער. אבי, דער גוף לעבט נאר.
ווער איז דער קערפּער פון דער „ווילנער טרופּע"? פארשטייט זיך, אז טאקע דער אנפירער מ. מזאה. ער איז די אומדערמידלעכקייט אליין. פאַראן נאך עטלעכע פּיאנערן פון דער אמאליקער „ווילנער טרופּע". היינט זענען שוין די מערסטע צווישן די „ווילנער", בחורים און מיידלעך פון וואלאצלאוועק און קראקע. טאלענטירטע ארטיסטן און באמת פּאעיקע אַר־טיסטן — נעמען מיט סטאזש.
דורכפאלן אין יידישן טעאטער איז קיין נייעס. ס'איז בלויז א וואונדער, ווי אזוי מען קאן זיך האלטן. א היפּשע צאל יידישע משפּחות לעבן אדער ווילן לעבן ביי דעם פאך. די „ווילנער" גיבן זיך ניט אונטער. געבן ניט אויף דעם קאמף פארן בעסערן יידישן טעאטער און אט זענען מיר שוין עדות פון א נייער אויפפירונג, פון א באנייטער „ווילנער טרופּע".
פארשטייט זיך, אז דער נאמען „ווילנער" איז נאר, כדי עס זאל זיך גע־שמאקער ארבעטן. דער עולם אבער ווארט מיט אומגעדולד אויף דער ניי־ער אויפפירונג.
קודם די פּיעסע: אקסענפעלדס „רעקרוטן", אינסצעניזירט און באארבעט פון ליפּע רעזניק. א שטיק לעבן פון העכער הונדערט יאר צוריק. דאך, ווי דער רעזשיסער, דער יונגער יעקב ראטבוים, דערקלערט, איז עס א מא־דערנע פּיעסע, דערצו א ספּעקטאקל. די מוזיק איז פון דעם באקאנטן קאמ־פּאזיטאר הענעך קאן. די דעקאראציעס פונעם בארימטן מאלער שליוואניאק.

און אז מען גיט נאָך אַ רעכן אויס דעם פּערסאָנאַל צווישן וועלכן עס גע-פינט זיך מרים אָרלעסקאַ, יעקב וויסליץ, ש. לאַנדוי, קלאַרא סעגאַלאָ-וויטש, רחל האָלצער, אליהו שטיין און פיל אַנדערע אָנגעזעענע אַקטיאָרן.

## מען גייט נאָכאַמאָל — „ראַטעווען" יידיש!

פון צייט צו צייט גיט עפּעס די יידישע „וואונד" אַ ברי אונטערן האַרץ; און מען דערמאָנט זיך, אַז... „יידיש גייט אונטער" און דעריבער מוז מען אַ קלאַפּ טון „טרעוואָגע" און זיך אַרויסלאָזן אויף אַ „רעטונגס-מאָביליזאַ-ציע". דאָס מאָל איז עס אין וואַרשע.

ווער? אַ פּאָר „אומפּאַרטייאישע". יענע וואוילע יידישיסטן, וועמענס פּענצ-טער עס גייען אַרויס אויף ביעלאַנסקע און זעען פּאַר זיך בלויז די נאַלעוו-קער שמענדריקעס, וואָס רעדן אויף פּויליש. יידיש גייט אונטער!

מיט דער גוואַלד-לאָזונג האָט מען געמאַכט עטלעכע פּרוואוון. מען גייט שאַפן אַ יידיש-ליגע, לויטן מוסטער פון דער אַמעריקאַנער קולטור-געזעל-שאַפט. וואָס אַזוינס די אַמעריקאַנער קולטור-געזעלשאַפט איז, איז דאָ ניט קלאָר, נאָר „מען דאַרף" עפּעס טון.

ס'זענען אַ פּאָר וואוילע יידן, וועלכע ציטערן פאַר פּאַרטייאישקייט, ווי שדים פאַר ווייַרויך... לויט זיי קומט אויס, אַז שוין, ס'איז שוין נאָך אַ-לעמען, נאָך דער קבורה. ניט מער, מען גלייבט אין תחית המתים פון יידיש, אַז מען זאָל זיך נאָר צונויפקומען, וועט עס אויפלעבן.

האָט מען צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג איינמאָל. עס איז כמעט קיינער ניט געקומען. האָט מען אָפּגעלייגט די אסיפה אויף אַן אַנדערש מאָל, און געקו-מען זענען צוואַנציק מענטשן, געקומען זענען די, וואָס טון דוקא יאָ פאַר יידיש, פאַרשטייער פון אַרבעטער-פאַריינען, וועלכע זענען דירעקט און אומ-דירעקט אינגאַנצן אריינגעטון אין אַרבעט פאַר יידיש. נאָך וואָס האָט מען זיי גערופן? וואָס וויל מען פון זיי? זיי זענען ניט דעם אונטערגאַנג פון יידיש, זיי זעען נאָר רעפּרעסיעס קעגן יידיש מצד דער מאַכט, מצד די אייגענע „הויכע פענצטער", מצד...

האָט מען גערעדט און גערעדט, אַזוי מאָנאָטאָן און לאַנגווייליק. מען האָט אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וואָס מען האָט שוין געהערט מיט צוואַנציק יאָר צוריק. ווי, אַז די אַסימילאַציע שטאַרקט זיך אויף דער יידישער גאַס, אַז מיט יידיש שעמט מען זיך און אַזוי ווייטער און דאָס גלייכן.

דער דיכטער איציק מאַנגער האָט אפילו אויסגעפונען א רפואה, אַז יידיש זאָל ביי די אַרבעטער־פּאַרטייען ניט זיין בלויז אַ... מיטל, נאָר אַ ציל פאַר זיך, און די יידישע אַרבעטער זאָלן זיך פּ ל אַ ט אָ נ י ש דערקלערן אין ליבע צו יידיש, דאָס וואָלט געהייסן אַז אַלע זייערע אויפגאַבעס וועגן עקאָ-נאָמישן און פּאָליטישן קאַמף זאָלן זיי אַביסל פאַררוקן און אין פאָדערגרונט זאָל זיין די פראַגע וועגן יידיש...

ענלעכע עצות האָבן געגעבן אַנדערע, ניט בלויז שרייבער, נאָר אויך „חשובע לעזערס“, די אַזוי־גערופענע „מעצענאַטן“ (פאַראַן אייניקע פון זיי גאַנץ רייכע) וואָס האָבן געשאַפן אַ פאָלקס־קאָמיטעט פאַר יידיש טעאַטער, דאָס הייסט צו שטיצן די ניי־אַרויפגעשוואוימענע „ווילנער טרופּע“. נאָך באַראַטונגען און קאָנפערענצן, וואָס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי די מעצענאַטן אין די רייכע היימען, ביי אַ גלעזל טיי און גוט פאַרבייסעכץ, האָט מען צונויפגעשאַבן טויזנט זלאָטעס, און די אַנדערע טויזנט זלאָטעס האָט מען שוין געמוזט לייען ביי אַ מלוה, פאַר צוועלף פּראָצענט אַ חודש...

האָט מען טאַקע דאָ אויף דער ערשטער קאָנפערענץ וועגן יידיש דיסקו־טירט וועגן וואָס צו... דיסקוטירן.

ענלעכע האָבן פשוט געוואָלט וויסן, וועלכע צילן שטעלן זיך די איניציאַטאָרן פון דער נייער געזעלשאַפט, פון וואַנען מען האָט גענומען די מאָדעלן נאָכ-צוקאָפּירן און וואָס איז מען אויסן?

און דאָס איז שלעכט, וואָס אויסן איז מען גאָרניט, נאָר מען דאַרף „עפּעס טון, ראַטעווען“.

אַז מען האָט שוין גאָרניט געהאַט וואָס צוצוגעבן, האָט מען גערעדט, אַז די אויפגאַבע פון דער „יידישער ליגע“ דאַרף זיין צו פאַריינהייטלעכן דעם אויסלייג פון יידיש. אַנדערע האָבן געוואָלט, אַז דער בינע־דיאַלעקט זאָל פאַריינהייטלעכט ווערן. עס זענען אַלץ גוטע זאַכן, נאָר דאָס געהערט ניט צו אַזאַ יידיש־ליגע, עס געהערט צו אַן אַקאַדעמיע.

וואָסזשע דען? דאַרף מען גלאַט זאָגן איכה אויפן אונטערגאַנג פון יידיש, אַז די אַסימילאַציע דרינגט אַריין אין יידישן לעבן. איז גוט געווען די דער־קלערונג פון אַרבעטער־טוערס, וועלכע האָבן זיך אויך געפונען אויף דער באַראַטונג (ש. מענדעלסאָן פון „בונד“ און אַנדערע) וועלכע האָבן מיט דאַ־טעס און ציפערן אויפגעוויזן, אַז אָן דיאויסערלעכע קלאָגער און „מעצענאַטן“ ווערט געפירט אַן אַרבעט פאַר יידיש און אויף יידיש, אין דער צייט, וואָס נאַלעווקעס האָבן זיך פאַר „נאַש פשעגלאָנדעוועט“ און פאַרשמענדרי-קעוועט שטייט דער יידישער אַרבעטער פעסט און זיכער אויף דער פּאָזי-ציע יידיש, אַז ווער-ווער, דער יידישער אַרבעטער האַלט אויס מיט מסירת

נפש זיינע דעראָבערטע אינסטיטוציעס, אַז אין די פּראָפעסיאָנעלע פּאַריי-
נען קומען זיך צונויף יעדן פּרייטיק-צונאַכטס צו די אַזויגערופענע
קולטור-אָוונטן, טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער און יוגנטלעכע. אַז די
אַספּיראַנטן פון די יידישע צישאַ־שולן זענען טעטיק אין די אַלע קולטור־
קאָמיסיעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, פילן אָן די סטודיעס פון די
טעאַטערס און כאָרן, און אויב שונד־טעאַטערס שטייען פאַר אונטערגאַנג,
זענען די טעאַטערס, וואָס זענען אָריענטירט אויפן אַרבעטער־לעבן און רע־
וואָלוציאָנערן אינהאַלט נאָך אַלץ גוטשטייענדיק, דאָס איז קלאָר. אַז יידיש
אָריענטירט זיך ניט אויף דעם סתם מענטשן. אויפן בירגערלעכן עולם קאָן
זיך יידיש ניט אָנשפּאַרן. יידיש האָט אַ רוקן־ביין — און דאָס איז די אַר־
בעטער־באַוועגונג.

די קאָנפערענץ וועגן שאַפן אַ יידיש-ליגע איז ניט געווען פון אַ גרוי־
סער באַדייטונג. עס האָט אָבער געהאַט אַ ווערט און ספּעציעל פאַר די,
וואָס מיינען, אַז עס האַלט שוין שמאָל מיט יידיש. זיי, די „אומפּאַרטיי־
אישע יידישיסטן“, האָבן עס געדאַרפט הערן און וויסן, אָט פּונקט ווי זיי
האָבן געדאַרפט וויסן, אַז דערווייל האָט די מאַכט, בלויז צוויי פון די צי־
שאַ־שולן געגעבן קאָנצעסיעס, די איבעריקע הענגען אין לופטן.

קיינער מאַכט זיך ניט קיין אילוזיעס, אַז פון דער יידיש־ליגע וועט קו־
מען די גענעזונג פאַר יידיש. בלויז מיט גוטע וואונטשן וועט מען ווייט
ניט גיין. קיין יידיש־מיסיאָנערן איז ניט כדאי צו שאַפן. אויב עפּעס טון
פאַר יידיש, ספּעציעל אין איצטיקן מאָמענט אין פּוילן, הייסט זיך איינ־
שפּאַנען אין קאַמף, אפשר אַ האַרטער און אַ שאַרפער קאַמף, פאַר די רעכט
פון יידיש, די שפּראַך פון די פאָלקס־מאַסן קעגן די שיקאַנעס און רדיפות
אויף יידיש. וועלן די אומפּאַרטייאישע יידיש-מעצענאַטן, די איניציאַטאָרן
פאַר דער יידיש-ליגע האָבן דעם מוט דערצו ?

---

## לאָדזש

### דער נערוו פון פּוילן

לאָדזש איז דאָס מאַנטשעסטער פון פּוילן ! לאָדזש איז דער נערוו פון לאַנד !
לאָדזש איז . . .

נו, יאָ, לאָדזש ליגט איצט ווי אַ פאַרגליווערטער ריז. די הונדערטער פאַבריק־

קוימענס, וואָס האָבן אַמאָל געשפּיגן מיט רויך און פּאַרע צו די וואָלקנס, שטאַרן איצט ווי געביילטע פּויסטן צום הימל.

לאָדזש גוססט און דער נערוו פון אַרבעט און שאַפן איז געליימט און פאַרגליווערט. לאָדזש פון אַמאָל:

די לאַנגע, לאַנגע פּיעטריקאָווער גאַס האָט געזאָטן. די טראָטואַרן — ענג. עלנבויגנס האָבן זיך געריבן. איינער האָט דעם צווייטן געשטופּט. די קאַפּעם געפּאַקט מיט „פאַרביזנעוועטע" אַרומשטייערס. פאַבריקאַנטן, מיעקלערס, סוחרים, פירמע-פאַרטרעטערס פון לאַנד און אויסלאַנד. בערזע, פּרייזן, קרעדיטן און ליווערונגען. לאָדזש האָט דעם טעמפּ פון אַ ניו-יאָרק. רירעוודיקייט, באַוועגלעכקייט, לאָדזש איז געווען אויפגעלייגט און ברייטהענטיק צו געבן, צום אויסגעבן.

די שפּיציקע שטיינער אין מיטן גאַס האָבן זיך אַראָפּגעזועצט פון פעסטן טראָט פון אַרבעטערס גאַנג. געלאַסן און זיכער איז ער געגאַנגען צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט. די ריזיקע טויערן פון שייבלערס און פּאָזנאַנסקיס פאַבריקן האָבן אַלץ פאַרשלונגען, אַריינגענומען. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן געבליט און געגלאַנצט מיט מאַכט. די צאַרישע דינער האָבן געקריצט מיט די ציין און געשוויגן. כאָטש לאָדזשער גאַסן און ברוקן האָבן זיך ניט איינמאָל געוואַשן אין בלוט אין די ערשטע מאַיען.

אויף די פּלעצער פון אַמאָליקע תּליות, שטייען איצט דענקמעלער: תּליות פאַר אַרבעטער און דענקמעלער פאַר פרייהייטס-קעמפּער. נאָר דער תּוך האָט זיך ניט געביטן. די דענקמעלער זענען איצטיקע תּליות. דאָ ניט לאַנג איז פאָרגעקומען אַ בלוט-באָד אין פּאַביעניץ, ביי די מויערן פון די טעקסטיל-פאַבריקן, קאַלטער באַגנעטן-שאַרפן ביי די ברוסטן פון אַרבעטער-פרויען, הייסע בליי-קוילן, פייער און טויט אין שטרייקנדיקע אַרבעטער. אַ כאַפּנדיקע, פּאָליציייאישע לויה. שענדונג פון אַרבעטער-גופים און אַ שפּיי דעם פּראָלעטאַריאַט. — דאָס איז לאָדזש פון היינט.

די שטאָט לאָדזש איז גרויס, צעליגט און צעצויגן. אַרום די פאַבריק-בנינים — קליינע, הילצערנע, האַלב-איינגעפאַלענע כאַטעס. אין די כאַטעס וואוינען . . . „פאַבריקאַנטן", די אונטערנעמערס, וואָס קאָנקורירן מיט דעם גרויס-אינדוסטריעלן — די יידישע האַנט-וועבער, די וואָס וועבן אויף אַ פּרימיטיוון אופן אויף דער וועבשטול. דאָס איז דער מוראדיקער „עקספּלואַטאַטאָר". דאָס ערשטע עקספּלואַטירט ער זיך, זיינע צוועלף שעה אין טאָג און פאַר אַ צולאָג — אַ האַלבן שבת-צונאַכט. דערנאָך קומט זיין ווייב, קומען זיינע קינדער, דאָס זיבן-יאָריקע און דאָס צוואַנציק-יאָריקע. אין די צענדלינגער טויזנטער זענען זיי פאַראַן, די היים-וועבערס. די נויט האָט עס געטריבן זיי צו פאַבריצירן, ניט דער ווילן צו זיין בעלי-בתּים פאַר

זיך. אומגעקערט, איך בין געווען אין צענדלינגער „וואַרשטאַטן" אַזעלכע, און פון אומעטום איין און דער זעלביקער קרעכץ:

„אַז מען לאָזט אונדז ניט אַריין אין די גרויסע פאַבריקן, כאָטש מיר זענען קוואַליפיצירטע אַרבעטער, ניט ערגער ווי די קריסטן."

און אַ מיידל, וואָס ליגט ווי איינגעגראָבן אין פּאַסמעס וואָל-פּאָדעמער, זאָגט אַרויס: „נאָך בעסער ווי די קריסטן, נאָר מען לאָזט ניט צו."

„וועך?"

„וואָס הייסט וועך? דער ברודער אַרבעטער, און דאָס איז נאָך מער ווי טרויעריק. דאָס איז ווייטיקלעך. דער פּוילישער אַרבעטער פון לאָדזשער טעקסטיל-אינדוסטריע, איז גרייט צו קעמפן קעגן... אַריינגעמען יידישע אַרבעטער אין די גרויסע פאַבריקן. ניט איין שטרייק האָט שוין אויסגעבראָכן אין אַ פאַבריק, ווען דער אייגנטימער, אַ ייד, האָט צוגענומען צוויי-דריי יידישע אַרבעטער!"

לאָדזש האָט תמיד געהאַט איר „אויבערשטע" און „אונטערשטע" וועלט. די אויבערוועלט איז געווען אייראָפּעאיש, האָט אויך זיך געטראָגן דעם שטעמפּל פון ציוויליזירטן מערב. די גרויסע צאָל דייטשן, דער דייטשער איינפלוס האָט עס גורם געווען. די אונטערוועלט איז געווען אייגנאַרטיק און באַזונדערס פאַרביק, און דער נאָמען „באַלוט" האָט אַרויסגעפלאַקערט ווי אַ שוואַרץ ליכט.

באַלוט מיט אירע געסלעך. באַלוט מיט אירע געהיימע ערטער. באַלוט מיט איר שפּראַך און מאָראַל. פאַר באַלוט האָט געציטערט לאָדזש, און באַלוט האָט געצויגן צו זיך די אויגן פון גאַנץ פּוילן.

איצט איז באַלוט אַראָפּ פון דער גדולה. דער קריזיס האָט אָפּגעמעקט דעם גלאַנץ, תמיד האָט דאָרט געגליט די נויט און היינט וואוינט דאָרט די פאַרצווייפלונג. איך האָב באַזוכט שטיבער אין באַלוט. איז שווער געווען צו דערקענען די מענטשלעכע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט דאָרט. איין שטוב:

דעם דאַך איז פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס בסדרדיקע צוקוקן צום עלנט און פיין פון די שטוביקע, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אויף דעם ערשטן בעסטן ווינט און זיך ערגעץ פאַרטראָגן.

זענען די איינוואוינער פון דער „וואוינונג", וואָס איז באַשטאַנען פון איין שטוב, געבליבן אָן אַ דאַך.

איז געבליבן אַ שטיקל סופית איבער די קעפּ, וואָס האָט געהאַט מער שפּאַרעס ווי ברעטער, האָט זיך דער שניי דאָרט אַוועקגעלייגט און אויפן שניי דער פראָסט. האָט דער שניי און דער פראָסט אַ גאַנצן ווינטער ניט געטשעפּעט די איינוואוינער פון שטוב, אויסער דעם, וואָס ס'איז געווען



לאָדזש, די פאַבריקן-שטאָט

קאַלט. נאָר קאַלט איז דאָך אויך געווען אויף דער גאַס. עטלעכע שמאַטעס, וואָס הילן בייטאָג איין די באַזונדערע גופים, ווערן ביינאַכט צונויפגעלייגט אויף אַ קופּע גופים, וואָס טוליען זיך צוזאַמען און וואָס די מלבושים דערוואַרעמען ניט, דערהיצן די פּאַרעס.

אָבער סוף ווינטער האָט דער פראָסט געגומען אַוועקגיין זיין וועג און איבערגעלאָזט דעם שניי. האָט דער שניי גענומען בענקען נאָך דעם פראָסט און זיך צעוויינט און ווייגענדיק אַזוי, האָט ער זיך אַ נאַסער אַראָפּגעלאָזט אין צימער אַריין און מיט זיינע טרערן איינגעווייקט די ווענט, נאַס געמאַכט דאָס אָרעמע ביסל חפצים און גאַנצע נעכט טריפט ער אויף טאַטע־מאַמע און קליינע קינדער, וואָס שוויצן אונטער דער איי־געגער פּאַרע.

פאַרשטייט זיך, אַז די לונגען ווערן געריירט, היץ ברענט די באַקן און פי־בער גליט אין די אויגן.

און דער מלאך המות שטייט ביי דער טיר, נאָר ער איילט זיך ניט. ער איז זיכער מיט זיין טויט־רויב. ער וועט איינעם אָדער צוויי פון דעם הויז צונעמען גראָד אין פרילינג, ווען די זון וועט זיך ווי עס איז דורכרייסן דורכן ענגן באַלוט־געסל.

איך האָב ניט געשילדערט קיין „ליטעראַריש" בילד, נאָר שטרענג רעאַל און „נאַטוראַליסטיש", ווי איך האָב געזען. דאָס איז איין פאַל צווישן הונדערטער און הונדערטער.

דער סאָציאַליסטישער שטאָט־ראַט האָט דערפאַר אויסגעבויט אין לאָדזש נייע, שיינע פּראַכטיקע פּאַרקן.

גליטש־פלעצער און ספּאָרט־ווינקלען. און לעבן די נייע פּאַרקן, אויסער דער שטאָט אויף פרייע פעלדער, אין אויסגעהאַקטן וואַלד — זענען געוואָרן אויפגעבויט זייער שיינע, ממש לוקסוסדיקע אַפּאַרטאַמענט־הייזער אויפן אַמעריקאַנער אופן מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, באָד־צימערן און מאָ־דערנע איינריכטונגען, עלעגאַנט און עסטעטיש. די הייזער זענען באַשטימט פאַר אָנגעשטעלטע פון שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס וואוינען דאָרטן אין דער גאַנצער באַקוועמלעכקייט פאַר גאָר אַ ביליקן פּרייז, פאַר... גאָר ניט. די שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַ סאָציאַליסטישע דערצו, וועט דאָך ניט גיין אַרויסוואַרפן פון די דירות אַרבעטער. זי קעמפט דאָך קעגן דעם מיט פּריוואַטע באַלעבאַטים אין ווירטן! וואוינט מען פאַר האַלב־אומזיסט, אָדער אינגאַנצן בחינם, אין די שיינע, לופטיקע און מיט זון־אָנגעגאָסענע צימערן, און פון באַלוט־הייזלעך, אָן דעכער און אָן פּאָלן, וואַרפט מען אַרויס.

פאַרשידענע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן לויטן מוסטער פון אַמע־

ריקע, געבויט אייגענע קאָאָפּעראַטיווע הייזער. צווישן זיי די בעסטע, מוסטערהאַפטע די פון די לינקע פ"צ. מיט פּאַלאַצן, ברייטע פענצטער, ליכטיקע וווינונג אין טעראַסן. די הייזער זענען געבויט געוואָרן פאַר אַרבעטער-גראָשנס און האָבן דערוויל געגעבן אַ גוטן רעזולטאַט. אָבער — ווי ווינציק דאָס איז אין אומענדלעכן ים פון דחקות און פאַרצווייפלונג. וואָלט די שווערד פון קריזיס ניט געשניטן אַזוי שאַרף, וואָלטן אפשר אַ סך אַזעלכע קאָאָפּעראַטיווע הייזער געבויט געוואָרן, מיט אייגענער הילף און אייגענע שווער-אויסגעהאָרעוועטע פּרוטות. איצט איז דאָס אַלץ אַ חלום.

## די שטאָט פון אַרבעטער-קאַמף

לאָדזש, די שטאָט פון אַרבעט, פון אַרבעטער-קאַמף, פון אַרבעטער-כוח, פון הילכיקן און פאַרהילכנדיקן וואָרט!

לאָדזש, דאָס אַרבעטנדיקע לאָדזש, איז דער מלוכה ווי אַ ביין אין האַלדז. אַמאָל, דאָ ניט לאַנג, האָט אויף דער גרויסער מויער פון מאַגיסטראַט געפלאַטערט די רויטע פאָן.

היינט פאַסט מען זיך צו צו די פאַראָרדענונגען, די צענטראַלע מאַכט שטיקט אין מען לאָזט זיך שטיקן.

די טורמע פון פּאָליטישע אַרעסטירטע איז איבערפולט. דעם ערשטן מאַי פאַרוועט מען די גאַסן-פייערונגען און דאָך —

מיר איז אויסגעקומען צו זען אַ דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטער איבער די גאַסן פון לאָדזש. פּאָליציי אויף די פערד און צופוס, אָנגעגורט די לענדן און גרייט צו אַ מלחמה, די פינגער אויף די ביקסן-צינגלעך, אַ באַפעל — און מען שיסט!...

נאָר די מאַסע איז געגאַנגען, געפלייצט און געשטראָמט צו איר ציל. אַ מחנה פון טראַנספּאָרט-אַרבעטער, פּשוטע פעק-אַרבעטער, רויע און פּראָסטע יידן מיט פאַרהאַרטעוועטע פּנימער, אין צעריסענע בגדים, זענען געגאַנגען ווי אַ שוץ-וואַנט צווישן די דעמאָנסטראַנטן און פּאָליציי, צו שיצן און באַשיצן.

ווען די דעמאָנסטראַציע איז אַריין אין אַן ענגן געסל און ס'איז געווען אַ געפאַר די פּאָליציי זאָל פאַרשפאַרן אין ביידע זייטן, האָבן די טרעגער פאַרבאַריקאַדירט מיט וועגענער און פערד, מיט טאַטשקעס און פעסער, מיט טירן און לאָדנס. דער טרעגער איז דער העראָאישער קעמפער אין די אַרבעטער-גאַסן פון לאָדזש.

## ייִדישע טרעגערס

איך האָב באַזוכט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די טרעגער, וואָס האָבן געקריגן אַ „ליטעראַרישן" נאָמען „טראַנספּאָרט־אַרבעטער". זיי געפינען זיך ניט באַקוועם מיט דעם נאָמען. פּונקט ווי זיי געפינען זיך ניט באַקוועם מיט דעם גאַנצן פּאַרלאַמענטאַרישן סדר. זיי פאַרשטייען זייער אויפגאַבע אויף זייער שטייגער און דעם קאַמף אויף זייער אופן. אַמאָל איז זיי געווען פיל ווייניק גוט. געטראָגן אַ פּעקל און פאַרדינט אַ זלאָטע. איצט, אַז עס איז אַזאַ שטילקייט אין די וועב־שטולן (די „מייסטערס" טראָגן אַליין אָפּ זייערע פּעקלעך צום באַן) קען מען אָפּשטיין אַ גאַנצן טאָג און ניט פאַרדינען קיין גראָשן. די טרעגער זענען געווען די, פאַר וועמענס גראָשן מען האָט ניט געקענט שטאַרבן. איצט גייען זיי פּשוט אויס פון הונגער.

אויף די גאַסן, וואָס פירן צום באַלוט, אויף קאָשטשעלנע פּלאַץ, איז דאָס אָרט, וואו בעלי-עגלות שטייען. סיי דראָזשקאַרזשעס און סיי די, וואָס פירן לאָדונג. אַ זעקל קוילן און אַ פּורל האָלץ. אָבער שוין לאַנג, ווי קיין קוילן זענען ניט געפירט געוואָרן און קיין האָלץ ניט געלאָדנט געוואָרן.

שטייען די פערדלעך און גלאָצן פאַרגליווערט מיט די פאַרטרערטע אויגן און שמעקן די מאָרדעס יעדן פאַרבייגייענדיקן וואָגן, אפשר וועלן זיי אַרויסציען אַ היי, אַ האַנט־געשניטענעם שטרוי. דער בעל־עגלה זעט עס און גיט אַ שטויס דעם פערדל מיט אַ קללה פאַר אַ צולאָג:

„אַ ניכפּה אויף דיר, וואָס שטעקסטו דיין הונגעריקן פּיסק אין פרעמדע וועגענער, וואָס מיינסטו, מען האָט דיר דאָרט אָנגעגרייט?"

אַ דורכגייער פאַרענטפערט: „מסתּמא איז עס הונגעריק, דאָס פערדל."

זידלט דער פורמאַן: „און אַז מיינע קינדער פּגרן פאַר הונגער, איז וואָס?"

„איז וואָס? איז טאַקע ביטער."

„ביטער זאָל זיין דער וועלט, וואָס זי האָט זיך אָנגעזעצט אויף די אָרעמע פערדלעך נעבעך."

## די ייִדישע גאַס

לאָדזש מאַכט אַ „ייִדישלעכן" איינדרוק. מען קען מיינען, אַז עס איז אַ דורכויס ייִדישע שטאָט.

דאָ האַלט מען נאָך אָן דעם טראַכט. דאָס קליינע היטעלע מיט דער לאַנגער, געהאַקטער קאַפּאָטע גאַנץ געשמאַק. דאָ זעט מען ווי די געהאַקטע קאַפּאָטע איז „פאַרוועלטלעכט" געוואָרן, געקירצט אויף אַ... צענטימעטער.

דאָס קליינע, טוכענע היטעלע ליגט איינגעפּאַסט ווי אַ שטערצעלע אויפֿן קאָפּ און די פּאַהלעך זענען פֿיין פֿאַרבאַרשט... דאָס בערדעלע איז פֿיין אַרומגעשוירן.

די „אַלעקסאַנדער" חסידים פֿירן נאָך אַלץ אַ ביטערע מלחמה קעגן די קעגנער, די אומשטאַנדן האָבן זיך געביטן, אָבער ניט די געוואוינהייטן. מען זיצט אין די קאַפֿעס, מען שמעקט, מען נישטערט מיט דער נאָז, מען זוכט אַ מעקלעריי, אַ גראָשן פּרנסה.

דאָס וועלטלעכע יידיש זעט מען אָבער אויך און גאָר שטאַרק, איבער די לאָדזשער גאַסן — אין לאָדזשער הייזער, אין לאָדזשער אינסטיטוציעס.

די מויערן און די ווענט זענען באַלייגט מיט יידישע פּלאַקאַטן און אויפֿשריפֿטן. יידישע טעאַטערס האָבן אַ בעסערן טאָן ווי אין וואַרשע.

משה בראָדערזאָנס „אררט"־רעוויו־טעאַטער — אַ פֿיינער ביישטייער. יידישע צייטונגען — געפֿאַלן. אַ יידישע שרייבער־משפּחה — גליענדיקע פֿונקען, איינגעדעקט אין אַש.

## אין אַ יידישער וועלטלעכער שול

דאָס שענסטע, ליכטיקסטע ווינקל — די יידישע וועלטלעכע שול.

קינדער פֿון אַרבעטנדיקע עלטערן. צוויי שוועסטערלעך קענען ניט גיין גלייכצייטיק אין שול אַריין: סיבה: איין פּאָר שיכלעך פֿאַר ביידע קינדער. גייט היינט איינס און מאָרגן — דאָס צווייטע. נאָר מען גייט.

אינעווייניק העל, ריין, לויט די אומשטאַנדן, וואַרעם און היימלעך. ווען קינדער דאַרפֿן אַהיימגיין פֿון שול, קרימט מען זיך, עס גלוסט זיך ניט. אינדערהיים? נו, עס זענען דאָך די היימען מיט אָפּגעריסענע דעכער.

און ווען דריי הונדערט קינדער האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין גרויסן שול־זאַל, כדי אָפּצונעמען אַ גרוס פֿון דער ברייטער וועלט האָבן זייערע אויגן מיך דורכגעגליט, און אַז איך האָב זיי געשילדערט ווי אַזוי עס לעבן אַרבעטער־קינדער אין אַנדערע לענדער, אַפֿילו אין אַמעריקע, וואו עס איז זיי ניט פֿיל בעסער און זיי האָבן דאָרט ניט אַזעלכע גאַנצע שולן, האָבן אַ סך געזאָגט:

„איז טאַקע אויך זיי, אויך די אַמעריקאַנער, אַ רחמנות..."

די קינדער פֿילן זיך שטאָלץ מיט זייער שול, און מיט זייער יידיש לשון.

# לאָדזשער מיניאַטור־רעפּאָרטאַזשן

## אויבער־בגדים

מיין דאַמע איז אַ לערערין אין אַ רעגירונגס־שול אין באַלוט. אין איר שול לערנען זיך צוועלף הונדערט קינדער. בלויז יידישע. עס איז אַ „יידישע״ רעגירונגס־שול. דאָס יידישקייט באַשטייט אין דעם, וואָס אָנשטאָט אַ גלח, קומט אַ רעליגיע-לערער אָנגעטון אין אַ יאַרמולקע און וואָס אָנשטאָט שבת — לערנט מען זונטיק.

כדי צו האָבן אַ באַגריף פון דער באַלוטער אָרעמקייט, איז גענוג אַ קוק צו טון אין די פּאָדער־צימערן פון דער שול, אויף די אויבער־מלבושים פון די קינדער. און דאָס בילד איז פאַרטיק.

שמאַטעס און שמאַטעס, צעקנוידערט און צעפּיצלט, לייזיק. אָפטמאָל מוז די לערערין איבעררייסן דאָס לערנען און הייסן די „אויבער־בגדים״ אַרויסנעמען אויפן הויף, באַגיסן מיט נאַפט, אונטערצינדן. און שפּעטער, ערגעץ אויסבעטלען אַן אַנדער אויבער־מלבוש פאַרן קינד.

פאַראַן אַזעלכע „אויבער־קליידער״, וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט „געשיכטע״ אין דער שול דאָ. זיי האָבן נאָך געוואַרעמט די בלוט־אָרעמע גלידער פון אַן עלטערער שוועסטער.

יעדעס „שובעלע״, וואָס הענגט אין קאָרידאָר, אויף דעם האָק-ברעט, דערציילט אויף צויטן־שפּראַך אַן אינטערעסאַנטע, זער טרויעריקע לעבנס-געשיכטע. יעדע שמאַטע, וואָס האָט אַמאָל געהאט די פאָרעם פון אַן אויפגענייטער זאַך, וואָס האָט אַמאָל געהאט אַ קאָלנער, אַרבל, קעשענעס, קנעפּ, און איז איצט אַן אָפּגעריבענער זאַק „דערציילט״, ווי עס איז קיין רו ניטאָ, די זעלביקע שמאַטע מוז ביינאַכט וואַרעמען די אויסגעפרוירענע ביינער אויפן געלעגער און בייטאָג נאָך די שול-שעהן, וואַלגערן זיך איבער די רינשטאָקן מיט בייגל־קוישן. ניטאָ קיין רו. —

און איידער איך גיי אַרום איבער די קלאַסן־צימערן, באַטראַכטן די קינדער, הערן זייערע „קענטעניש״, מאַך איך דערווייל אַ שפּאַציר אין אָט דעם פּאָדער־הויז, ביי דער מלבושים־וואַנט. עס איז מיר גענוג צו שאַפן זיך אַ בילד. עס מאָלן זיך שוין אַליין די גופימלעך, וואָס זענען אין אָט די שמאַטעס געהילט. דאָס איז די פּרעלודיע...

## דער שפּייזער איז געשטאָרבן

„האַנושעס „מאַנטל״ פעלט!״

די לערערין איז דערשטוינט. עס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז די גרויע שמאַטע פֿון זאַק־שטאָף, מיט וואַטענע צויטן ווי ברודיקער שניי, מיט אויסגעריסענע לעכער אויף דעם אָרט פֿון קנעפּ, און אָנשטאָט די קנעפּ — האָר־נאָדלען, וועלכע „פֿאַרשפּילעון" די פּאָלעס, אַז אָט די שמאַטע זאָל דאָ ניט הענגען.

די לערערין האָט מיר געוואָלט באַווייזן אַן „אָריגינעל" מלבוש, טאַקע נאָר פֿאַר אַ קריגס־מוזעאום, וואָרעם דאָס מלבוש שטאַמט נאָך פֿון די אָקופּאַציע־צייטן. איצט פֿרעגט די לערערין די אַנדערע קינדער, וואָס מיט האַנושען איז געשען. קיינער ווייסט ניט. נאָר אָט, די ברייטע טיר צום גאַס־הויף מאַכט זיך אויף — און אין דערמיט בלייבט שטיין האַנושע.

די לערערין דערקענט עפּעס אויף איר. דער אויסדרוק פֿון פּנים איז ניט קיין געוויינלעכער. האַנושע איז אַלט זיבן יאָר, נאָר אַ קאָפּ האָט עס „אויף רעדער". זי לערנט זיך אויס די לעקציעס פֿריער פֿון אַלע, צוממייסטן די לעקציעס, וואָס מען לערנט נאָך ניט מיט איר, נאָר מיט עלטערע און אין די העכערע קלאַסן. נאָר אַזאַ איז שוין האַנושע. דאָס, וואָס מען לערנט מיט אַנדערע כאַפּט זי אויך אויף. דערצו איז זי אַזאַ „אַלט געמיט", און ווען די לערערין האָט דערציילט אַ „מעשה" וועגן באָטשאַן, וואָס ברענגט קינדער, האָט האַנושע מיט אַ מינע פֿון אַ דערוואַקסענער, געזאָגט: „שוין צייט ניט צו דערציילן אַזעלכע אויסטראַכטענישן."

לערערין און שילערין האָבן זיך אָנגעקוקט. די לערערין האָט זיך פֿאַרשעמט. די שילערין האָט טריאומפֿירט.

„וואָס איז מיט דיר האַנושע?"

האַנושע ענטפֿערט ניט. מען פֿילט דעם אינערלעכן קאַמף, וואָס קומט פֿאָר צווישן האַנושעס האַרטן כאַראַקטער און די טרערן, וואָס ווילן זיך איר דווקא אַרויסרייסן פֿון די אויגן. דאָס קינד, אָנשטאָט צו פֿאַרהאַלטן מיט אַ פֿינגער די אויגן, פֿאַרבייסט די ליפּן. זי הענגט שנעל אויף איר מלבוש און גייט אַריין מיט טריט פֿון אַ דערוואַקסענעם אין איר קלאַס, זעצט זיך אויף איר אָרט.

די לערערין ווינקט, איך זאָל מיטגיין. איך גיי מיט און שטעל זיך, עפּעס ווי פֿאַרשעמט אין אָנבליק פֿון דער שווידערלעכער ווירקלעכקייט, אין דער זייט, און הער זיך איין צום שמועס צווישן דער לערערין און איר פֿאַרשפּעטיקטע שילערין:

„פֿאַרוואָס פֿאַרשפּעטיקט, האַנושע?"

נאָר דאָס קינד קאָן שוין מער ניט איינהאַלטן דעם רייסנדיקן שטראָם און פּלאַצט אַרויס מיט אַ געוויין.



האַנושעס פּאָטער מיטן „שפּייזער“

---

די לערערין לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. די אַנדערע קינדער רייסן זיך פון די ערטער און קוקן אָן האַנושען מיט רחמנותפולע אויגן. זיי זענען גרייט מיטצוטרויערן. האַנושע כליפּעט.

קיינער וואַגט ניט צו פרעגן, וואָס עס איז אַזוינס געשעען. פאַראַן, חוץ האַנושען, נאָך זיבן קינדער אין שטוב. זיבן קינדער, פיר פּאָר צעריסענע שיכלעך און פיר שמאַטעס, וואָס רופן זיך „פּאַלטעלעך“. פאַראַן אין שטוב אַ טאַטע און אַ שטיפמאַמע.

האַנושע באַרואיקט זיך פון כליפּן, ווישט אויס אירע אויגן מיט אַ ברעג פונעם שמאַטע־קאַפּטן, אָן איינגעריסטער פלעק בלייבט שטיין אונטערן אויג. זי רעדט שוין ווי אַ דערוואַקסענער מענטש:

„און איצט וועלן מיר שוין אינגאַנצן אויסגיין פון הונגער.“

אין דער לערערינס אויגן צייכנט זיך אַ פראַגע: „דער טאַטע?“

האַנושע פאַרנעמט דאָס שטומע פרעג־וואָרט, וואָס פאַלט אַראָפּ פון דער לערערינס אויגן. זי ענטפערט ניט ווינציקער צעבראָכן:

„ד-ע-ע־ר פּאַ-פּו-גיי!“

די קינדער ווילן שוין אויסברעכן אין אַ געלעכטער. דער טרויער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין לוסטיקייט. אבי גיט קיין מענטש, אַ נאַר אַזאַ, די האַנושע: וועגן אַ פּאַפּוגיי — אַזאַ געוויין?

זיי ווייסן אָבער, דאָס קליינוואַרג, אַז דער פּאַפּוגיי איז געווען דער איינ־ציקער שפּייזער פון האַנושעס הויז. דער פּאַפּוגיי איז שוין בכלל געווען אַ זקן, שוין דריי דורות איבערגעלעבט, דריי דורות געשפּייזט, און געצויגן מיטן שנאָבל „גליק" פאַר דער גאַנצער געגנט אַרום. האַנושעס זיידע איז געווען אַ קאַטאַרינאַרזש, און ווען ער איז אַמאָל געפאַלן אין גאַס, האָט דער פּאַפּוגיי ניט אויפגעהערט צו רופן הילף. ער האָט אויף יידיש געשריגן „ראַטעוועט" און אויף פּויליש — „ראַטויטשע"! נאָר דער אַל־טער איז שוין מער ניט געקומען צום לעבן. דער זון, האַנושעס טאַטע, וואָס איז געווען אַ טרעגער אויפן „רינעק", האָט איבערגענומען דעם פּאַ־פּוגיי, אים אויסגעלערנט ציען „מזל־צעטעלעך". יעדן אינדערפרי איז ער אַוועק מיט אים איבער די פּלעצער, מאַרקן און הויפן, געקלימפּערט אויף דער צעשרויפטער קאַטערינקע און די דינסטמיידלעך האָבן געגעבן צווייער־גראָשנס פאַר אַ „גליק־בריוועלע". אַזעלכע בריוועלעך האָט דער פּאַפּוגיי ניט געקאַרגט, אַ פול שיפּקעסטעלע געווען מיט זיי, קאָלירטע צעטעלעך, מיט דראָבנע שריפט באַצירט, מיט „פייגעלעך". די צעטעלעך האָבן יעדן, וואָס האָט נאָר געגעבן צוויי גראָשן, פאָרויסגעזאָגט אַ סך גליק, נאָר קיי־נעם פון די אָרעמע באַלוט־מענטשן האָט עס זיך ניט איינגעגעבן צו ווערן גליקלעך טאַקע אויף אַן אמת. פונדעסטוועגן איז דער פּאַפּוגיי ניט אָנגע־

רופן געוואָרן „ליגנער". פשוטע מענטשן ווילן נאָר בלויז אַ „צוזאָג" פון גליק, כאָטש זיי ווייסן שוין פון לאַנג, אַז דאָס גליק אַליין לאָזט זיך ניט אַרויסציען פון דעם הילצערנעם שופלעדעלע אַרויס...
נאָר איצטער איז שוין דאָס אויך אויס. וואָס וועט איצט דער טאַטע טון? צו וואָס וועט ער זיך נעמען? דאָס שופלעדעלע וועט שוין היינט זײַן מאָרגן און שטענדיק זײַן ליידיק. עס וועלן שוין ניט אַרויספאַלן די עט־לעכע צענדליגנג צוויייער־גראָשנס, פאַר בלויז שפּילן אויף דער צע־פּאָרענער קאַטערינקע וועט מען קיין צוויייער גראָשנס ניט אַרײַנוואַרפן.
דער באַלוטער עולם וויל פאַר די צוויי גראָשן — אַ וועקסל אויף גליק. דערפאַר האָט האַנושע פאַרשפּעטיקט. דערפאַר קאָן זי זיך ניט באַרואיקן, דערפאַר העשעט זי.
אַ הויז אַ גוטן פריינד, אַן אַלט באַשעפעניש, צו וועלכן מען איז געווען צוגעוואויינט, אַ הויז דער היימלעכקייט, צו פּילן אים, דעם פּאַפּוגיי אין שטוב, איז איר אָפּגעשטאָרבן דער איינציקער שפּייזער.

## אַ געוועזענע שילערין

ל ע ר ע ר י ן: בלויז צו זײַן אין דער שול, אַפילו עטלעכע טעג, קאָן מען בלויז קריגן דאָס בילד פון באַלוט אויסנווייניק. מען דאַרף באַלוט באַזוכן, כדי צו פאַרשטיין, וואָס עס הייסט: מענטשלעכער עלנט, אָרעמקייט.
א י ך: גוט. כ'בין מסכים. מיר וועלן גיין.
מיר לאָזן זיך אַרויס אין אַ פרייען פאַרנאַכט, נאָך אין די פריע נאָכמיטאָג־שעהן, ווען עס הויבט אָן טונקל־ווערן אין שטאָט. עס איז שוין שטאָק פינצטער אין די באַלוטער געסלעך.
מויערן, הייזער מיט ברייטע טויערן, אויסגעפּוילט האָלץ, אָפּגעריסענער טונק, נאַקעט, צעצויטיקט, אָט ווי די „אויבער־בגדים" אין שול־קאָרי־דאָר. בערגלעך שניי, פאַרוואַנדלטע אין בלאָטע, פענצטערלעך, מיט פיר־קאַנטיקע שויבן, די מערסטע — אויסגעשלאָגן, און פאַרשטעקט מיט שמאַטעס, האַלבע לאָרנס זענען פאַרמאַכט ווי — שייבלדיקע, שוואַרצע ברילן איבער אויסגערונענע אויגן. די רינשטאָקן — אָנגעגאָסן מיט פאַר־גליווערכץ. ניטאָ קיין טראָטואַרן. מענטשן — בינטלעך שמאַטעס. געהויי־קערטע פרויען מיט צעקרומטע פנימער, מיט שלאַבערדיקע טריט. דאָס איז אַן אַנדער געסל פון באַלוט. דאָס געסל הייסט „פּריוועט" און אויף יידיש פאַרטייטשט זיך עס: „אָפּטריט־געסל"...
דאָס געסל איז די הויפּט־נעסט פון פלעק־טיפוס, פון טובערקולאָז, פון סיפילים...

ווינציקער ווי צוועלף־פופצען „נשמות“ שלאָפן ניט אין אַ „שטוב“.
אין אַ סך פון די „לעבער“ שטייען נאָך וועב־שטולן און אַ גאַנצע פאַר־
מיליע אַרבעט ביים שיין פון אַ רויכנדיק נאַפט־לעמפל.
נאָר ניט אַלע טאָג און ניט אַלעמאָל אַרבעט מען. אַז דער פאַבריקאַנט
גיט ניט אַרויס קיין באַשטעלונג, זיצט מען און מען מראַכט.
ביים אַריינגאַנג אין „פּריוועט“־געסל, שטייט אַ גרופּע פּראָסטיטוט־
קעס. די פרישע פנימער — בלוי־פאַרפרוירן (ס'איז געווען ווינטער־צייט).
זיי זענען געהילט אין דיקע, נייע „פּאַטשיילן“ (די „פּרנסה“ פאָדערט אַ
ביסל אויפגעפּוצטקייט) און וואַרעמע געוואַנט־געבעטע שיך. זיי בלאָזן
זיך אין די הענט. רייבן זיך די פינגער, זידלען די קעלט, וואָס בייסט
אין די ביינער.
נאָר ווען מיר דערנענטערן זיך, ווערט דאָס גרופּקעלע שיטערער, מען
צעגייט זיך. פּשוט: מען אַנטלויפט.
איך קוק זיך אום. אפשר פּאָליציי? ניין. זיי פאַרשעמען זיך פאַר דער
לערערין.
פאַר דער לערערין? יאָ, דאָס זענען אירע... געוועזענע שילערינס.
נאָר איינע, וואָס האָט ניט באַוויזן זיך אָפּצורוקן, און האָט זיך ווי אין
אַ באַהעלטעניש פאַרפּלאָנטערט, איז געבליבן שטיין פּנים־אל־פּנים מיט
איר דערציערין: „דאָברי וויעטשור!“
„גוטן אָוונט, דאָבע! וואָס טוסטו דאָ, אין אַזאַ קעלט?“
די געוועזענע שילערין פאַלט אָבער ביי זיך ניט אַראָפּ. די זעלבע לע־
רערין האָט זי אַמאָל געלערנט ניט זאָגן קיין ליגן. ענטפערט זי מיט בי־
טערער איראָניע: „כ'שטיי אויף ס'פאַרדינסט...“
די לערערין „מאַכט“ זיך שוין פאַרשטיין. עס איז ניט נויטיק זיך צו
מאַכן נאַאיוו. דאָבע איז געווען אַ גוטע שילערין און זי האָט אויסגעזען
צו זיין אַ וואויל קינד. מיר גייען אַוועק. די לערערין פילט אויף זיך דעם
איראָנישן בליק פון איר געוועזענער שילערין, ווי יענע וואָלט געזאָגט:
„זי ברענגט נאָך אַהער אירע „פּאַצעטן“, צו זעען דאָס בייזע וואונדער!...“

---

## „ווידזעווער מאַנופאַקטור“

„דער הער קאָנסול וועט זיין זער צופרידן פון אייער וויזיט אין דער וויד־
זעווער מאַנופאַקטור. ער וועט פערזענלעך אייך געבן אַלערליי ידיעות אין

באַלויכטונגען. מאָרגן, ניין אַ זייגער וועט אויף אייך וואַרטן אַן אויטאָ אין פֿראָנט פֿון „גראַנד-האָטעל“ און וועט אייך פֿירן קיין ווידזעוו.“

די ווערטער האָט פֿאַר מיר צונויפֿגעמען מיט אַ יונגן, דייטשן זשורנאַליסט, געזאָגט אַ ברודער פֿון אָשר קאָן, אַליין אַ הויכער באַאַמטער אין דער „ווידזעווער מאַנופֿאַקטור“.

דער אָפֿיציעלער נאָמען „ווידזעווער מאַנופֿאַקטור“ עקסיסטירט כמעט ניט אין אומגאַנגס־לעקסיקאָן.

„אָשר קאָן“, צוויי קורצע נעמען, עכט יידישע. עס וויעט פֿון דעם מיט חסידות, מיט טראַדיציע, מיט „לאַנגע קאַפּאָטע“, מיט יחוס. צווישן אַזעלכע פֿאַבריקאַנטן ווי: שייבלער, היינצלער, גייער און אַפֿילו פּאָזנאַנסקי פּאַסט זיך עפּעס ניט אַריין אַ ייד אָשר קאָן. און אפֿשר — רב אשר קאָן. נאָר „רב“ אָשר, הייסט גאָר „אָסקאַר“. אַלע מעשׂיות, וואָס די שמעלקעוואַטע אונטערלעקער האָבן אויסגעטראַכט אַרום דעם הויפּט־אייגנטימער פֿון דער „ווידזעווער מאַנופֿאַקטיר“ האָבן ניט קיין רעאַלן פֿינטעלע פֿאַר פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע.

דער באַלעבאָס פֿון איבער צען טויזנט אַרבעטער איז ניט קיין איבערמענטש. אַפֿילו ניט קיין פּערזענלעכקייט. די פֿעאיקייט פֿון אויפֿבויען אַזאַ ריזיקע אינדוסטריי־שטאָט איז אויך אונטערגעבעט מיט אַ צופֿאַל און אויך ניט זיין צופֿאַל, נאָר זיין פֿאָטערס צופֿאַל. געווען אַ צייט, וואָס יעדער געוואַגטער מענטש האָט געקאָנט עפּעס אויפֿטון. אויב ער האָט געהאַט אַ חוש אין אַ צופֿאַל.

אָשר־אָסקאַר קאָן האָט די זאַך אויסגעברייטערט. ניין, ניט ער. עס האָט זיך אויסגעברייטערט פֿון זיך אַליין. פֿון צענדליגגער ביז הונדערטער, ביז טויזנטער, ביז צען טויזנט אַרבעטער, פֿון בלויזן וועב ביז די פֿעדעם־פֿאַבריקאַציע, ביז שטאָפֿן, ביז מאַשינעריי־אויסאַרבעטונג, ביז מאַכט, ביז אַן אויפֿשטייג, ביז אַ מפּלה, ביז באַנקראָט.

•

דער אויטאָ לויפֿט איבער דעם ברייטן ווידזעווער טראַקט־וועג. די באַאור־לויפֿטע אַרבעטער (פֿאַרן אורלויב באַצאָלט מען ניט) דערקענען דעם הער „קאָנסולס“ ספּאָרט־לוקסוס־אויטאָ און גריסן אונטערטעניק, ניט וויסנדיק ווער עס זיצט אינעווייניק — סך הכל צוויי זשורנאַליסטן.

דאָס טויער פֿון דער „ווידזעווער מאַנופֿאַקטור“, אַ פֿאַבריקס־טויער ווי אַ שפּיטאָל־טויער און ווי אַ... תּפֿיסה-טויער ווערט ברייט געעפֿנט ווי פֿאַר וואַזשנע געסט. אַרום דער פֿורטקע דרענגט זיך אַ מחנה דערשלאָגענע מענטשן, מסתּמא געקומען געוואָר־ווערן, ווען מען וועט שוין לאָזן די פֿאַב-

ריק. די צוויי וואָכן געצוואונגענעם אורלויפּ, כדי איבערצושמירן די מאַ-שינעס, דויערן לאַנג. ווער קאָן עס אויסהאַלטן?
אַ טייל פון די אַרבעטער וועלן באַלד האָבן דאָס „גליק" ווידער זיך צוצו-שפּאַנען צו די אייזערנע געוועט-טייוולאָנים און פאַרבינדן דעם מאַרך, די נערוון מיט די געוועב־פּעדעס. וואָרעם איינער, איין אַרבעטער מוז באַדינען זעכצן און פיר און צוואַנציק „שטילן". די אויגן אָנגעשטרענגטע ציטערן כסדר אַרום איבער דעם שווינדלענדיקן געלויף פון די „שפּולערס".
דאָ וואַרטן אויך די, וואָס זענען בכלל „אָפּגעלייגט" געוואָרן, ביז... „די צייט וועט זיך בעסערן". דאָס זענען טיילן פון די עטלעכע טויזנט אָפּגעזאָגטע אַרבעטער, וואָס זענען געקומען זיך דערוויסן: אפשר... האָט זיך „די צייט שוין געבעסערט".
ניט אַלע לאָזט מען אַריין דורך דער פּורטקע צום „הער קאָנסול".
די ערשטע געביידע, רעכטס, די ביוראָס און פאַרוואַלטונגס־צימערן און זאַלן פאַר דער דירעקציע.
עס דוכט, אז מען גייט דאָ אַריין אין עפּעס אַ מיניסטעריום. מונדירטע באַאַמטע, פּאָליציי, איינער אפילו אָנגעטון ווי אַן אָפיציר, מיט אַ פולער ברוסט מעדאַל־בענדלעך. אויך פאַבריקס־פּייער־לעשער דרייען זיך אַרום.
קוקן דיר אריין אין די אויגן. פאָרשן יעדע תנועה, כאַפּן אויף יעדע באַוועגונג. מען מוז הונדערט מאָל זאָגן, וואָס מען פאַרלאַנגט און וועמען מען דאַרף. מען קאָנטראָלירט אי די רייד אי דאָס אוידיענץ־צעטל איידער מען ווערט צוגעלאָזן צום „הער קאָנסול".
פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונדז, „ריטער פון געדרוקטן וואָרט", מאַכט מען אַן אויסנאַם. עס איז שוין וועגן דעם פאַראַן אַ פאַראָרדענונג פון דער „אויבערשטער פירונג". און אַ הויכער באַאַמטער פירט אונדז אַריין אין קאַבינעט פון „הער קאָנסול". ווער איז דער „הער קאָנסול"?
אַ זון פון אָסקאַר קאָן. זיין נאָמען איז מאַקס, מאַקס קאָן. ווען פון אָשר ווערט אָסקאַר, איז עס נאָך אַלץ יידישלעך, און מאַקס איז אויך ניט ווייט פון צו זיין אַ יידישער נאָמען. איך האָב געהערט ווי די אומגעדולדיקע האָבן אַרויסגעשטשירעט פון צווישן די ציין דאָס וואָרט „זשיד"...
שייבלער, היינצל, גייער, און נאָך ווי זיי הייסן האָרט, די פאַבריקאַנטן, די וועב־מאַגנאַטן, זיי האָט די דייטשע און רוסישע רעגירונגען באַשאָנקען מיט טיטולן. ווער עס איז אַ „באַראָן" און ווער אַ „גראַף". אָשר קאָן, הגם ער האָט פאַרדינסטן פאַר דער אינדוסטריעליזאַציע פון לאָדזש, איז געבליבן אָן אַ טיטול. סיידן דאָס, וואָס הניפּהדיקע רבנים האָבן אים צוגעשריבן — רב אָשר. מילא, ווי רב אָשר, האָט ער ניט קיין טיטול. אַבי געלט האָט ער, אָנזען, מאַכט! אָבער זיינע קינדער שטייט עס גאָרניט אָן, וואָס זיי

האָבן ניט קיין טיטול. מען קאָן דאָך ניט אַזוי, דאָס גאַנצע עשירות באַקומט ניט. נאָר געלט קויפט. געלט קויפט אפילו ... אַ טיטול. מען האָט אים, מאַקסן, פאַרשדכנט צו דער שוועדישער רעגירונג, ניט מיט קיין שידוך ממש, נאָר מיט אַן ערן-שידוך. מען האָט מאַקסן קאָנען באַשטימט אַלס קאָנסול פון שוועדן, אַ מין ערן-אַמט אין — די סיטואַציע איז געראַטעוועט. מאַקס קאָן האָט שוין אַ טיטול און ווי איז דעם, וואָס רופט אים אפילו אונטער די אויגן, ניט „הער קאָנסול".

דער „הער קאָנסול" איז אונדז אַקעגן געקומען אין קאָרידאָר זיך באַגריסן. דער גאַנצער קאָרידאָר מיט מענטשן, וואָס וואַרטן שוין דאָ פון אַכט אַ זייגער אָן און זענען שוין דאָ געווען אומצייליקע מאָל, גיבן זיך אַ שטעל אויף פון די ערטער. ווי קנעכטיש די נויט מאַכט! דער „הער קאָנסול" „באַמערקט" זיי ניט. ער איז אַ קולטור־מענטש, האָט שטודירט אין דייטשלאַנד און אין אַמעריקע. ער איז דער פאַקטישער פירער פון דער פאַבריק — גענעראַל־דירעקטאָר. (כאָטש ער האָט „ניט מער" ווי זעקס און צוואַנציק פּראָצענט פון די פאַבריקס־אַקציעס. זיין פאָטער האָט איין און פופציק. די איבעריקע אַקציעס האָבן נאָך מיטגלידער פון זיין משפּחה און די רעגירונג.) ער איז דער גאַנצער געשעפטלעכער און טעכנישער פירער. ער איז, ער איז ... נאָר לאָמיר אים אַליין, דעם „הער קאָנסול" לאָזן דערציילן וואָס ער איז אַלץ: פּרעזעס פון אַ גאַנצע רייע געזעלשאַפטן אויפן באָדן פון דער פאַבריק: פילאַנטראָפּישע און ספּאָרטאָווע, אַפילו פּרעזעס פון די פייער־לעשערס אויך, פון דער פאַבריקס־פּאָליציי, פון אָרקעסטער, פונעם עקסקורסיע־פאַרבאַנד, פון דער ביליקער קיך, פון די קינדער־אַנשטאַלטן און פון ...

נאָר ווער קען דען אויסרעכענען וויפיל „חברות" אָט דער פּיפּיקער „הער קאָנסול" האָט אויפן שטח פון צווישן זיינע רויטע מויערן אויפגעשטעלט. חברות פון די אַרבעטער אין „ווידזעווער מאַנופאַקטור". און פאַרשטייט זיך די זיבן־אַכט טויזנט אַרבעטער קענען זיך ווייניק דערויף, זיי ווייסן ניט, אַז דאָס איז אַזאַ שפּיצל פונעם „הער קאָנסול" אָפּצוציען זייער אויפמערקזאַמקייט פון זייער אייגענער לאַגע, אַז דאָס האָט לגמרי ניט צו טון מיט דער פאַרבעסערונג פון זייערע לעבנס-באַדינגונגען, צי מיט דער העכערונג פון זייערע לוינען. אַז די צוויי זלאָטעס מיט אַכציק גראָשן, וואָס זיי קריגן פאַר שווערע אַכט שעה אַ טאָג וועלן נאָך איינגעשרומפּענער ווערן. מען האַלט נאָך אַלץ אין „שניידן" די לוינען און פון שטרייקן דרייט ער זיך אויס, דער „הער קאָנסול".

אָ, יאָ. דאָס מיטל העלפט. ווען אין די אַנדערע פאַבריקן איז אָנגעגאַנגען אַ שטרייק, אַ שווערער און פאַרביטערטער שטרייק, האָבן די אַרבעטער פון רב אָשר קאָנס פאַבריק „ווידזעווער מאַנופאַקטור", זיך אַ קעגן געשטעלט.

זיך ניט געלאָזט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט. זיך פאַרהאַמערט אין די פאַבריקס־מויערן און אונטער דער אָנפירונג פון „הער קאָנסול", האָט מען די שטרייקער ניט אַריינגעלאָזט. דער „קאָנסול קאָן" האָט איינגערעדט, אַז אויב דער שטרייק אין אַנדערע פאַבריקן וועט געווינען ווערן, וועט ער אויך דערלייגן. די אַרבעטער האָבן געגלויבט, אָבער דער „קאָנסול" האָט פאַרויסגעזען, אַז דער שטרייק וועט זיין אַ פאַרשפּילטער. ער האָט עס „גאַראַנטירט" זיינע אַרבעטער פון פאַרלירן אַרבעטס־וואָכן אומזיסט.

דערפאַר האָט ער עס אָרגאַניזירט, שפּעטער דעם ספּאָרט־פאַריין פון דער פאַבריק. טויזנט יונגע אַרבעטער, זענען אים געהאָרכזאַם און אונטערגעוואָרפן. און ווען עס זענען פאָרגעקומען די לעצטע שטאָט־ראַט־וואַלן אין לאָדזש, און דאָס האַלב־רויטע לאָדזש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַראָדאווי־שוואַרץ — האָבן די דאָזיקע קאָנסולס ניט קיין קליינעם חלק אין דעם. וואָס דאָס אַרבעטער־לאָדזש, די ריזיקע גרויס־אינדוסטריעלע שטאָט, די פעסטונג פון דער פּפּ"ס. און אַנדערע ראַדיקאַלע גרופּירונגען האָבן אַזוי אומווירדיק פאַרשפּילט, אָפּגעטרעטן דעם פּלאַץ פאַר דער פינצטערער רעאַקציע. פאַרוואָס ?

ווייל אין גאַנצן ראַיאָן פון ווידזעוו, האָבן די איינוואוינער (די אַרבעטער) געשטימט פאַר דער ליסטע, וואָס דער הער „קאָנסול" האָט אַגיטירט : פאַר דער סאַנאַציע !

און „קאָנסול קאָן" דערציילט באַרימעריש, ווי אין יעדן פאַל איז אים צו הילף געקומען די צענטראַלע מאַכט, ניט חלילה פאַר „זיינע" אַרבעטער, נאָר פאַר די „פרעמדע". אַ גאַנצער צוג מיט פּאָליציי איז אָנגעקומען פון וואַרשע דירעקט קיין ווידזעוו.

דער שמועס ענדיקט זיך נאָך ניט. ער ווערט פאָרגעזעצט איבער דעם גאַנצן וועג, וואָס מיר גייען פון בנין צו בנין. די פאַבריק איז ריזיק. אפילו אין וועלט־מאַסשטאַב איז זי ריזיק. איצטער איז „אורלויב"־צייט און מען טרעפט ניט אַלע אָפּטיילונגען ביי דער אַרבעט. בלויז אין דער קאָנפעקציע, וואו רב אָשר קאָן פירט אַ קאָנקורענץ מיט די טויזנטער, טויזנטער נייטאָרינס פון לאָדזש. ער האָט עס איינגעשטעלט אַזאַ אָפּטיילונג ווי אויף דעם גרויסן און שנעלן מאַשין־טרייב, ווערן אויסגעאַרבעט פון די שטאָפן פאַרטיקע זאַכן. עס אַמעריקאַניזירט זיך.

זאַכן, וואָס האָבן ניט קיין שייכות צו וועבעריי און טעקסטיל, צי וואָל און פּאָדעם, האָבן דאָ געקריגן אַ תיקון. אייזן, שטאָל־גיסעריי, מאַשינעס פאַר די אייגענע פאַבריקן און פאַר דער פרעמד.

אַז עס גייט ניט ביי איין זאַך, נעמט מען זיך צו אַ צווייטער.

# לאָדזשער אומגעגנט

לאָדזש, אָדער דאָס אינדוסטריעלע לאָדזש, האָט אַרום זיך געפּלאָכטן צענדליגער קלענערע און גרעסערע שטעט, וואָס האָבן אַ געמיינזאַמען נאָמען: „לאָדזשער אומגעגנט“.
אַפילו אַזאַ ווייטע שטאָט ווי קאַליש, רעכנט זיך צו דער לאָדזשער סביבה. לאָדזש איז די גרויסע פּויק און די שטעטלעך אַרום פּויקן אויף באַראַבאַנען. איבעריקנס די אומגעגנט גיט צו לאָדזש איר חשיבות. די גרויסע טעקסטיל־און מאַנופאַקטור־פאַבריקן זענען צעזייט און צעוואָרפן איבער די שטעט אַרום.
קאַליש פאַבריצירט שפּיצן און אַלעקסאַנדער — זאָקן. אָזערקאָוו נייט הויזן און בזשעזשין — רעקלעך. זגערזש און זדונסקע־וואָליע וועבן. אַזוי וועבט מען, אַזוי שפּינט מען אין יעדער שטאָט אין שטעטל, אין יעדער גאַס און געסל, אין יעדן הויז און קעלער.

זדונסקע-וואָליע

איך שפּאַציר איבער אַ ניט-קשהדיק, ריין שטעטל, זדונסקע-וואָליע. ס'איז זונטיק. די פענצטער זענען פאַרהאָנגען און דורך די פאָרהאַנגען רייסט זיך אַרויס דער רויש פון די וועב־שטולן. ס'איז זונטיק, מען טאָר ניט אַרבעטן. דאָך, איז עפּעס אַ באַשטעלונג אַריינגעפאַלן קיין פּוילן פון ראַטן-פאַרבאַנד. האָבן די גרויסע פאַבריקאַנטן זיך דערויף אַ וואָרף געטון ווי אַ מחנה הונגעריקע הינט אויף אַ ביין. האָט מען אָפּגעזאָגט די קלענערע באַשטעלונגען פאַרן אינלענדישן מאַרק. האָבן זיך די קליינע „פאַבריקאַנטן“ נאָך דעם אַ לאָז געטון. דאָס, וואָס מען פאַרדינט ניט, דעראַרבעט מען. די קאָנקורענץ איז אויסגערעכנט אויף לענגערע שעהן. קיין קלענערע שכירות קאָן מען שוין ניט צאָלן, עס איז שוין כמעט ווי אומזיסט. הוץ דעם האַלט מען גאָרניט קיין פרעמדע אַרבעטער — ס'איז געגוג אייגענע. יינגלעך און מיידלעך — קינדער אונטער אַכט יאָר — לויפן נאָך מיט די דינע הענטעלעך דעם געוועבעץ אויפן וועב־שטול. און שוואַכע ביינדלעך פון די יונגע פיסלעך טרעטן דאָס טריט־ברעט און ברענגען די מאַשין אין שווינדלענדיקער באַוועגונג.
איצט איז זונטיק. עס איז ניט דערלויבט צו אַרבעטן מיט... פרעמדע געזעלן. נאָר גיי דערווייז, וועלכער געזעל ס'איז פרעמד און וועלכער — אייגן. דערווייל קאָן עס נאָך אַמאָל אָפּקאָסטן מער ווי דער טאָג אַרבעט וועט אַריינברענגען.

האַלט מען פֿאַרמאַכט די טירן און די פֿענצטער און מען אַרבעט.

דער דאָזיקער „כאַלופּניק“, דער אייגנטימער פֿון אַ וועב־שטול, שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ טראַגישן טיפּ אַרבעטער. דער ייִד אין כאַלאַט, מיט דער געדיכטער, פֿאַרפּאַפּטער באָרד, וואָלט געווען אַ גוטער, אַ הונדערט-פּראָצענטיקער פּראָלעטאַריער, איצט איז ער אַן . . . אַרבעטס־געבער פֿאַר זיין הויזגעזינד און צומאָל האַלט ער נאָך אַ געזעל. ער וואָלט אָבער ביי דער מינדסטער מעגלעכקייט איבערגעלאָזט זיין „פֿאַבריק“ און געגאַנגען אַרבעטן ווי טויזנטער, טויזנטער אַנדערע. ער וואָלט געווען אַ גוטער מיטגליד פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַריין און געשטאַנען אויפֿן קלאַסן־שטאַנדפּונקט, הגם ער וואָלט זיך, וואַרשיינלעך, מיט זיין הלבשה ניט צעטיילט און זיין באָרד ניט אָפּגעשוירן.

לאָזט מען אים אָבער ניט צו צו די גרויסע פֿאַבריקן. ווער? אי דער חסידישער גרויס־פֿאַבריקאַנט, אי — די ברידער פֿון קריסטלעכן גלויבן.

די דאָזיקע קריסטלעכע אַרבעטער מאַרשירן דעם 1טן מאַי אונטער דער לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע פֿעלקער, פֿאַרייניקט אייך!“

איך האָב באַזוכט עטלעכע אַזעלכע „וועב־שטול־פֿאַבריקן“. אומעטום פּייפֿט דער דלות זיין הונגער־ליד. די דאָזיקע „אונטערנעמער“ מוזן קאָנקורירן מיט דער גרויס-אינדוסטריע. אין אַלעקסאַנדער איז אין יעדן הויז פֿאַראַן אַ זאָקן־מאַשינדל. דאָס מאַשינדל איז קליין, מען שרויפֿט עס צו צום פֿענצטער־ברעטל און מען אַרבעט. מען מאַכט זאָקן פֿאַר דער מענטשהייט. אַרבעט מען זעכצן שעה אַ טאָג און מען ארבעט קוים אויס צען זלאָטעס אַ וואָך. דאָס זענען קנאַפּע צוויי דאָלאַר.

אָ ז ע ר ק אָ ו ו

אין אָזערקאָוו נייט מען הויזן. דאָס גאַנצע שטעטל נייט הויזן. נעמט מען 20 ביז 30 גראָשן פֿאַר אַ פּאָר הויזן אויפֿנייען. און אין בזשעזשין מאַכט מען רעקלעך, קריגט מען אַ זלאָטע פֿאַר אַ רעקל מאַכן.

נאָר קיין רעקלעך זענען מער ניטאָ. פֿאַרן אייגענעם מאַרק דאַרף מען ניט. אַמאָל ווען די פּוילישע רעגירונג האָט געוואָלט דערמוטיקן דעם עקספּאָרט האָט זי געגעבן אַ פּרעמיע. פֿאַר יעדן קילאָ אַרויסגעשיקטע סחורה האָט זי געצאָלט דריי זלאָטעס. האָט מען געמאַכט, געאַרבעט, עקספּאָרטירט קיין ענגלאַנד, אַפֿילן ווען מען האָט צוגעלייגט, האָט זיך געלוינט. איצט איז דאָס מער ניטאָ. און דער הונגער האָט זיך גענומען צעלייגן איבער די פּוילישע שטעטלעך און די נויט טאַנצט אַ ריזיקן שאָטן־טאַנץ אין מיטן פֿון די גרויסע מערק.

אויב די אָרעמקייט פון וואַרשע און אַנדערע גרויסע שטעט איז נאָך אַבי־סל פאַרפּודערט, איז איר געשטאַלט אין די קליינע שטעטלעך דורכויס נאַקעט, און אָפּגעדעקטערהייט שרייט זי אַרויס דעם ווײ־געשריי פאַר דער וועלט.

דרייען זיך אַרום בחורים, אַרבעטער. תמיד געווען אין די גרויסע שטעט, געאַרבעט, ווער אַ קאַמאַשן־מאַכער, ווער אַ זייגער־מאַכער. איצט זיצט מען אין קליינעם שטעטל. עס איז ניטאָ אויף קיין הוצאות און סייווי האָט מען דאָרט ניט וואָס צו טון און וואו זיך אַהינטון. דאָ וואוינט אַ מאַמע, אַ מאַמע, האָבן זיי אַ שטיקל צעבראָכענעם דאַך איבערן קאָפּ, שפּאַרט מען אויך צו דעם איינגעדאַרטן גוף און מען וואַרט אויף אַן אויסלייז. יעדער סעזאָן ברענגט אַ נייע אילוזיע, אַמאָל איז עס געווען פּאַריז, בעלגיע, היינט — פּאַלעסטינע. דאָס איז דער חלום פון יונגן דור. דאָס איז דער איינציקער פּונק פון האָפענונג. ווי אַזוי דאָס וועט זיך פאַרווירקלעכן ווייסט מען נאָך ניט. דערווייל וואַרט מען אויף אַ סערטיפיקאַט פון פּאַלעסטינע־אַמט. נאָר דער אַמט איילט זיך ניט. און ניט יעדן גיט מען. בלויז אייגענע, געטרייע ציוניסטן אָדער די, וואָס האָבן געלט. לויפט מען אין קבוץ אַריין, מען אַרבעט די שווערסטע אַרבעט. יונגעלייט פון „שיינע הייזער", באַלעבאַטישע קינדער, גייען אַרום מיט די העק און צעהאַקן וועמען אַ פּורל האָלץ, טראָגן אָפּ אַ פּעקל צו דער באַן. דאָס, מיט וואָס מען האָט זיך אַמאָל אינדיווידועל געשעמט, איז היינט אַ געמיינזאַמער כבוד. די פּאַרדינטע גראָשנס גייען אין איין קאַסע אַריין, פון דער איינער קאַסע — אין איין שיסל, צו איין טיש.

•

דאָס, וואָס טויזנטער ביכלעך, מיטינגען און רעדעס האָבן ניט געקאָנט אויפטון, האָט די נויט באַוויזן. אַרבעט, מלאכה, וואָס איז אַמאָל געווען אַ בזיון אין אַ „בעסער" הויז, איז געוואָרן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. עס וואָלט נאָר געווען וואָס צו אַרבעטן.

און ניט בלויז די יוגנט, נאָר יעדער פאַבריקאַנטל וואַרט אויף אַ געלעגנהייט אַרויפצופּאַקן זיין וועב־שטול אויף דער שיף און זיך איבערפלאַנצן אין ארץ־ישראל און דאָרט ווייטער וועבן.

•

די יוגנט אין די שטעטלעך אַרום לאָדזש פירט פונדעסטוועגן אַן אַ לעבעדיקע, פּאָליטישע און קולטור־טעטיקייט. עס איז צו באַוואונדערן זייער מוט צו פירן אונטער דעם דרוק פון דער מאַכט אַזאַ ראַדיקאַלע טעטיקייט.

דער ווילן צו געזעלשאַפטלעכער ארבעט איז גרויס. כאָטש די מעגלעכקײ־
טן זענען אַזוי קליין. מען לייענט אַ סך, גאָר אַ סך. דריי־פיר הײזער שרייבן
אויס איין צייטונג, און די איינע צייטונג גייט אַרום אין צענדליגגער הענט.
די ביכער אין די ביבליאָטעקן ווערן ממש צעריבן פון מיישן די בלעטער.
נאָר די ביבליאָטעקאַרן קלאָגן זיך:
„ניטאָ פאַרוואָס צו קויפן נייע ביכער.“
אַלע ביכער אין די שאַפעס זענען „אויסגעלייענט.“ און די פאַרלאַגן און
בוך־הענדלערס קלאָגן זיך אויך:
„אויב דער יחיד קויפט ניט און די ביבליאָטעק אויך ניט — איז דאָך אומ־
מעגלעך אַרויסצוגעבן אַ בוך“. דאָס איז אַ זאָרג פאַרן פּראָווינצער יונגן
מאַן און מיידל אין קליינעם שטעטל. לייענען — דאָס איז זייער איינצי־
קער פאַרווײַלונגס־מיטל, זייער צייט־פאַרטרייב, זייער לערע.

---

## אַ „זיג“...

אינעם שטעטל ליפּנע, פּוילן, האָט אַן אַרבעטסלאָזער זיך פאַרוואָלט איינ־
שאַפן אַ ביסל האָלץ, כדי וואַרעמער צו מאַכן זיין פאַרהושכטע כאַטקע.
איז ער אַוועק אין וואַלד, וואָס געהערט צום פּריץ. ביימער זענען דאָ גע־
נוג. דער פּריץ האָט זיי ניט געפלאַנצט. זיי שטייען שוין אַזוי דאָרט, די
ביימער פון דער צייט, וואָס דער וואַלד, האָט נאָך צו קיינעם ניט געהערט,
זיי געהערן דערפאַר אויך דעם אַרבעטסלאָזן. ניט מער, דעם פּריצס אַן על־
טער, עלטער זיידע האָט געהאַט שכל צו דערקלערן דעם וואַלד פאַר זיין
אייגנטום און דאָס אייגנטום איבערגעגעבן צו קינדער און קינדס־קינדער,
אין דער צייט, וואָס דעם אַרבעטסלאָזנס זיידע, איז מסתּמא צו יענער צייט
געוואָרן אַ שקלאַף, אַ שטיק לייב־אייגנטום פון פּריצס עלטער, עלטער־
זיידע. דערפאַר, מיז איצטער, דער אור, אור־אייניקל פון יענעם לייב־קנעכט,
גיין אין דאָזיקן וואַלד צו... גנבענען אַ פּאָר ליפּקעס האָלץ.
נאָר דער פּריץ האָט שומרים, היטערס, און די היטערס, מיט גרינע לאַמ־
פּאַסן און מיט ביקסן אויף אַקסלען מוזן דאָך באַווייזן, אַז זיי עסן ניט
אומזיסט דעם פּריצס ברויט, אַז זיי זענען געטריי און געהאָרכזאַם. האָט
אַ היטער ניט קיין סך געטראַכט: פּאַרטאָג. אַ רויש צווישן די בוימער.
אַ ברעכן פון צווייגן. טריט. אַ סילועט, איינגעבויגן מיט אַ בינטל האָלץ
אויף די פּלייצעס לאָזט זיך גיין. איז קיין סך ניט געקלערט „ פּיף־פּאַף!

אויסגעשאָסן. און — אַן אַרבעטסלאָזער איז צוזאַמען מיט זיין דעראָ-
בערטן בינטל האָלץ געפאַלן!
נאָר דאָ ענדיקט זיך נאָך ניט די מעשה.
דער אַרבעטסלאָזער פון יענעם שטעטל האָט געהערט צו אַ פּאַרטיי, צו
אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. פּפּ"ס, די פּאַרטיי, האָט נאַטירלעך געמאַכט
אַ דעמאָנסטראַציע אין פאָרעם פון אַ לויה פון דעם טראַגיש-אומגעקומענעם
חבר. די דעמאָנסטראַציע איז חלילה ניט געווען קיין פּלאַמיקע, קיין צאָ-
רענדיקער אויסברוך קעגן די, וואָס האָבן צוגעגרייט אָט די געפאַר און דעם
טויט פון זייער חבר. די דעמאָנסטראַציע איז געווען קעגן די... גלחים.
קעגן דער קירכע, דערפאַר וואָס די הייליקע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו קלינ-
גען אין די גלעקער פון דער קירכע, באַקלינגען די נשמה פון דעם דער-
שאָסענעם חבר!
דער גלח האָט טאַקע ניט געוואָלט קלינגען. ערשטנס איז דער דערשאָסענער
געווען אַ סאָציאַליסט. אַ פּפּ"ס־מיטגליד. צווייטנס איז ער אומגעקומען בעת
אַ גנבה. און דריטנס... דריטנס ווער וועט עס באַצאָלן דעם גלח פאַר זיין
טרחה, דעם אָרגאַניסט פאַר זיין אַרבעט? אַ קבצניאַק, דער דערהרגעטער.
איז דער גאַנצער קאַמף פון זיינע פּאַרטיי־חברים איצטער געווען געווענדט
טאַקע קעגן אָט דעם גלח. דער טראַגישער אָנהויב פון דער מעשה, דאָס ניט-
באַהייצטע כאַטקעלע, די אַרבעטסלאָזיקייט, דער הונגער, דאָס געצוואונ-
גענע גנבענען אַ שייטל האָלץ. דאָס איז גאָרניט! דער עיקר — אַזאַ גע-
מיינהייט פון אַ גלח, וואָס וויל ניט באַגלייטן אַ נשמה פון אַ מענטש מיט
געזאַנג און מיט געקלאַנג — אויף יענער וועלט.
האָבן די חברים גענומען דעם טויטן קערפּער פון דערשאָסענעם חבר, גע-
נומען חבריש אויף די אַקסלען. אין פראָנט זענען געגאַנגען די פאָנען-טרע-
גערס. רויטע פאָנען האָט מען געטראָגן, „טשערוואָני שטאַנדאַר" האָט
מען געזונגען, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז... ביז מען איז צוגעקומען צו
דער קירכע. דאָ האָט פּלוצעם דער צאָרן אויסגעבראָכן. מען האָט איינגע-
ריסן די פאַרהאַמערטע טויערן, מען איז אַריין מיטן טויטן חבר אין דער
קאַפּליצע, מען האָט אים אַוועקגעלייגט לעבן אַלטאַר, מען האָט געצוואונגען
אָנצוצינדן ליכט, מען האָט געצוואונגען די גלאָקן צו קלינגען. מען האָט
געצוואונגען דעם גלח, אַז ער זאָל באַשפּריצן דעם טויטן קערפּער מיט דעם
הייליקן וואַסער און זאָגן איבער אים די תּפילות, לויטערן די זינדיקע נשמה
פון דעם פּשוטן אַרבעטער, וואָס איז געווען געצוואונגען צו גנבענען עט-
לעכע ליפּקעס האָלץ. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון שטעטל ליפּנע האָט
אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן „זיג"!...

## שטייערן

די לאַגע אין פּוילן איז שוין ניט איבערצוטראָגן.
בשעת איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם אופן ווי עס לעבן ייִדן, איבערהויפּט אין די קליינע שטעטלעך, האָב איך זיך אַליין געפרעגט, פאַרוואָס איז דער שלוכץ, דער קרעכץ, דאָס געשריי, אויף וואָס ייִדן זענען אַזעלכע בריהס אינגאַנצן פאַרשטיקט געוואָרן?
ווייזט אויס, אַז די לאַגע איז אַזוי קאַטאַסטראָפאַל, אַז מען שרייט שוין ניט! און אין דער אמתן: ווער עס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם ייִדישן לעבן אין די מלחמה-יאָרן, מוז מודה זיין, אַז דעמאָלט איז ניט געווען אַ סך ערגער ווי היינט. עס איז אוממעגלעך צו שילדערן דאָס בילד פון נויט, פון עלנט און דער עיקר — פון האָפענונגסלאָזיקייט פון די ברייטע ייִדישע מאַסן אין פּוילן.
עס וואָלט אפשר געדאַרפן זיין אַ דירעקטע אויפציטערניש, אַ ממשותדיקע קאַטאַסטראָפע, כדי מען זאָל מיטאַמאָל אַ ווענד-טון די אויפמערקזאַמקייט צום עלנט און צו דער נויט אין פּוילן. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, בעת איך בין געווען אין פּוילן, איז די לאַגע שוין דעמאָלט געווען קאַטאַסטראָפאַל. נאָר צו דעם, וואָס איז איצטער — איז עס גאָר ניט געקומען.
זאָגן מיר ייִדן, אַז מען וואָלט זיך שוין מיטן דלות איינגעלעבט, צוגעוואוינט, ווען ניט דאָס שטריקל, וואָס ווערט אַלץ פעסטער און פעסטער פאַרצויגן, דאָס שטריקל איז — שטייער.
שטייער דאַרף מען צאָלן, אַ מלוכה קאָן זיך ניט אויסהאַלטן אויף לופט, אָבער שטייער דאַרפן דאָך קודם-כל צאָלן די, וואָס האָבן. זיי דאַרפן צאָלן אויך פאַר די, וואָס האָבן ניט. אין פּוילן צאָלן צוממייסטנס די, וואָס האָבן ניט. עס רעדט זיך נאָר אַזוי — מען צאָלט. מען רייסט די האָר פון קאָפּ אַרויס. ביים לייגן אַ שטיקל טרוקן ברויט אין מויל אַריין, מוז מען זיך אַרומקוקן אין אַלע פיר זייטן. צי קומט ניט פּלוצעם אָן אַן עקזעקוטאָר און רייסט ניט אַרויס דעם ביסן. דער מין עקזעקוטאָר, דאָס איז דאָס פאַרשאָלטענע וואָרט אין פּוילן, דאָס איז דאָס געשפּענסט, מיט וועלכן מען שרעקט דעם דערוואַקסענעם, ווי מען שרעקט מיט אַ „שרעטל" אַ קינד. מען וואוינט אין שטיבער. אַז אָך און וויי צו די שטיבער אין די קליינע שטעטלעך. ממש אויסגעליידיקטע, אַלץ איז צוגענומען געוואָרן. און אויב איז דאָס ווינציק, האָט מען נאָך דערלויבט דעם עקזעקוטאָר צוצוגיין צו יעדן איינעם, אויף דער גאַס, וואָס איז שולדיק פאַר שטייערן און סתם אַזוי זיך, אויף אים אַ געשריי-טון: „די הענט אַרויף!"
אָט אַזוי ווי עס טוט עס דער „האָלד אָפּניק" אין אַמעריקע, ניט מער,

דאָרטן ווערט ער באַטראַכט אַלס באַנדיט און דאָ — אַלס אויספירנדיקער באַאַמטער פון פינאַנץ־מיניסטעריום. און ווען דער צעשראָקענער הויבט אויף די הענט, באַזוכט מען אים און מען נעמט צו אַלץ, וואָס עס איז פאַרוואַלגערט געוואָרן אין קעשענע. אַמאָל ניט מער ווי אַ זלאָטע אָדער צוויי, וואָס איז דאָס לעצטע אויף אַ ביסן ברויט. אָט האָט מען ביי אַ בייגל־בעקערקע, וועלכע האָט ניט מער פאַרמאָגט ווי דריי גילדן, צוגע־נומען די דריי גילדן, און די מעגלעכקייט צו פאַרדינען אַ קאַרג שטיקל ברויט פאַר זיך און די קינדער — איז צוגערויבט געוואָרן, מיטן קאָנ־פיסקירטן „קאַפּיטאַל" פון דריי זלאָטעס!

דאָס שטייערן־סיסטעם אין פּוילן איז אַ סימבאָל פון אומגערעכטיקייט. מען קאָן אין דער ליטעראַטור, וואָס שילדערט די אכזריות פון די צינזן־און שטייער־אויפמאָנערס, ניט געפינען קיין ענלעכקייט צו דעם סיסטעם. דער פאַבריקאַנט צאָלט שטייערן פאַרן אויסאַרבעטן די סחורה. איז דאָס ניט גענוג פאַר דער מלוכה־קאַסע. דאַרף דער סוחר, וואָס קויפט די סחורה ווידער צאָלן שטייער, ער צאָלט איינמאָל אין פאָרעם פון אַ פּאַטענט. דער פּאַטענטן־סיסטעם גייט איבער אויך צו די „סוחרים" וואָס האַנדלען אויפן מאַרק מיט אַ בינטל פּיעטרישקע. אויסער פּאַטענטן, מוז מען צאָלן אומ־זאַץ־שטייער, דאָס הייסט פון געשעפט־באַוועגונג. נאָכדעם, אז מען פאַר־קויפט די סחורה, צאָלט מען ערשט הכנסה־שטייער. נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ. איך נעם זיך ניט אונטער דאָס אויסצורעכענען. קוואַליפיציר־טע בוכהאַלטערס קענען זיך ניט אַרויספּלאָנטערן פון דעם שטייער־סיס־טעם. און תמיד צאָלט מען גלייך. אַז מען קריגט די מעלדונג קאָסט עס טייערער. עס מוזן צוקומען צענ־ און צוואַנציק־פּאַכיקע פּראָצענטן. דער רעזולטאַט איז, אַז דער בירגער איז תמיד אַ פאַרשולדיקטער צו דער מלוכה־קאַסע, קיינמאָל קאָן ער זיך ניט אויסצאָלן. ווייל ער מאַכן אַן אָנמעלדונג, שטעמפּלען, מאַרקעס, אָפּצאָלן זענען דאָס ערשטע.

אַזוי איז מיט דעם קליינעם בעל־מלאכה, אַזוי איז מיט דעם מיטל־מענטש, אַזוי איז מיט דעם אַרבעטער און אַזוי מיט דעם פּויער.

די זעלביקע האַנט, וואָס דריקט דעם שטאָטישן מיטל־מענטש, דריקט דעם פּויער. ווי די היישעריקן קומען זיי, די שטייער־מאָנערס, נאָך איידער דער ווייץ, צי דער קאָרן ווערט צייטיק און מען עסט עס אַראָפּ פונעם פעלד, מען רייסט עס אַרויס פון צווישן די ציין.

די לאַגע פון פּויער איז אַביסל בעסער פון דעם ייד. פּשוט דערפאַר, ווייל אַ שטיקל ברויט איז נאָך אפשר געבליבן פון זיין האָרעוואַניע. אָבער נאַפט, זאַלץ, צוקער — פון דעם האָט מען שוין אין די מייסטע פּויערישע כאַטקעס פאַרגעסן.

ייִדן שרייען מער ניט נאָך קיין הילף צו זייערע קרובים אין דער וועלט. ערשטנס ווייסן זיי, אַז די „וועלט“ שטייט אַזוי פאַראָרעמט ווי זיי, און צווייטנס איז גאָר אַ סכנה צו דערהאַלטן געלט פון אויסלאַנד. די ערשטע ברענענדיקע בליקן אויף דעם קצבה־געלט, פאַלט פינעם עקזעקוטאָר.

•

די קליינע שטעטלעך זענען אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן נעץ פון שפּיאָנען, וואָס טיילט מיט דעם פינאַנץ-אַמט, ווער עס עסט אַ גרעסערע קאַטשקע, אַ פעטערע גאַנדז. כאָטש קאַטשקעס און גענדז און אַפילו הינער און אייער, איז ניט קיין סימן פון עשירות. דער פויער צאָלט אָפּט מיט „נאַטור“ פאַר אַ לאַטע ליגן אויף זיינע שטיוול, אויב ער האָט נאָר — שטיוול. נאָר פאַר אַ גרויסע קאַטשקע און פעטע גענדז מוז מען אָפּגעבן דין-וחשבון אין דערמאָנטן אַמט.

דריי פערטל פון טאָג ווערט צוגענומען פאַרן פינאַנץ־אַמט. מען לויפט מיט בקשות אָפּצוהאַלטן די עקזעקוציעס, אָדער נאָכלאָזן די שטייערן. דער, וואָס קאָן זיך שוין יאָ פאַרגינען, און וואָלט אפשר געגעבן צו לייזן דעם אָרעמען קרעמער, דעם בעל-מלאכה צו פאַרדינען, טוט ער דאָס ניט. דער פינאַנץ־אַמט וועט זיך גלייך דערוויסן, אַז דער און דער האָט זיך גענייט אַ מלבוש, אַז דער צי יענער האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ שאַנק, אָדער אַ בעט.

און איינס איז גורם דאָס אַנדערע, איינס ברענגט מיט דער פאַראָרעמונג פון צווייטן און —

אין „פאַלעי דע דאַנס“, אין וואַרשע אויף רימאַרסקי-גאַס, פונקט אַקעגנאַיבער דעם פינאַנץ־מיניסטעריום, דאָרט איז אַלץ לעבעדיק, פרייליך. דאָרטן, אונטערן פיאָלעטענעם ליכט, טאַנצט מען, טאַנצט מען. אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. אָנגעפּראָפּט מיט „שמעטענע“, אין מונדירן, אין סמאָקינגס, אין פראַקס. יונגעלייט און „דורכזיכטיקע פּאַניענקעס“, מען טאַנצט, מען טאַנצט... פרייד פון לעבן שוימט אַריבער די ברעגעס. דאָס פאַרטאַנצט מען אַזוי די שטייערן פון די אָרעמע מאַסן...

---

# ווילנע

וועגן ווילנער אָרעמקייט איז שוין אַ וועלט געשריבן געוואָרן, איך האָב לעצטנס געלייענט פ. וואַלדס רייזע־באַשרייבונגען פון ווילנע, און איך

געפֿין זיך אין אַ פֿאַרלעגנהייט: עס וועט מיר אויסקומען אים „נאָכקרימען". פֿאַרפֿאַלן. ס'איז איין לעבן, איין שטייגער, איין טרויעריקעווירקלעכקייט.

די אָרעמקייט באַגעגנט מען גלייך אַרויסגייענדיק פֿון צוג. זי איז אייך מקבל־פּנים. דאָס איז ניט יענע שטילע, טראַגישע, פֿאַרבאָרגענע אָרעמקייט פֿון יורדים, וואָס מען באַגעגנט אין וואַרשע. דאָס איז ניט דער שטומער, בייסיקער הונגער, וואָס קוקט אַרויס פֿון די אויגן ביי די לאָדזשער אַרבעטסלאָזע. דאָס איז די אײַפּגעריסענע אָרעמקייט, די האַלב־פּראָפֿעסיאָנעלע און איינגעוואוינטע.

נאָך אין די גוטע צייטן איז ווילנע געווען אַ קבצנטע. נאָר פֿון די „גוטע צייטן" איז מען שוין לאַנג אָפּגעוואוינט. מען געדענקט זיי שוין לאַנג ניט. עס שטייען הייזער אין די ווילנער גאַסן האַלב־אָנגעהויבן צו בויען און איבערצובויען, שוין כמה יאָרן זענען זיי ניט פֿאַרענדיקט. אַלע אינסטיטוציעס — פֿילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפֿטלעכע, קולטורעלע און ווירטשאַפֿטלעכע האַלטן זיך אויף ניסים, אפֿשר דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן ניט קיין כּוח זיך צו ליקווידירן...

•

דער קבלת־פּנים, וואָס מען קריגט אויפֿן ווילנער וואָקזאַל, באַשטייט פֿון עטלעכע הונדערט הענט, וואָס שטרעקן זיך אַזוי מיסטיש צו אייך, דאָס שטרעקן זיי זיך ניט נאָך נדבות, נאָר צו אייערע פּעקלעך, צו די וואַליזעס, צו די רענצלעך. זייערע אויגן קוקן מיט געבעט און די פֿאַרשמאַכטע ליפּן שעפּטשן ווי אַ תּפֿילה:

„הער־לעבן, פֿאַר צוואַנציק גראָשן טראָגן מיר אייך אָפּ די פּעקלעך, וואו איר דאַרפֿט ... ניט מער ווי צוואַנציק גראָשן!"

זיי זענען גרייט אַפֿילו אַראָפּצולאָזן פֿון פּרייז.

אַנדערע באַווייזן אייך מיט לאָגיק:

„צו וואָס, מיין הער, דאַרפֿט איר נעמען אַן „איזוואָשטשיק" און געבן אַזש פֿופֿציק גראָשן, אַז מיר טראָגן אייך אָפּ פֿאַר צוואַנציק..."

דער „איזוואָשטשיק" וואַרט אָבער אויך ניט אויף נסים. וואָס וועט ער שטיין מיט דער קאָזלע אין דרויסן, זיצן אויף דער דראָזשקע און וואַרטן אויף געסט? ער קאָן אַמאָל דריי טעג וואַרטן, דער עולם טראָגט היינט אַליין די פּעקלעך. לאָזן זיי שטיין די דראָזשקעס פֿאַרן וואָקזאַל און אַליין לאָזט מען זיך אַריין אינעווייניק, אָפּוואַרטן די פּאַסאַזשירן פֿון צוג.

אין געפֿילדער פֿון כאַפּן אַ פֿאַרשויז, זענען די דראָזשקאַזשעס אויך דאָ, זיי קומען מיט זייער טענה:

„פאַר פופציק גראָשן פירן מיר אייך אַפילו אין עק שטאָט מיט אַלע איי־ערע פעקלעך. איר פאַרשפּאָרט גיין צופוס, איר זיצט ווי אַ פּריץ...“ נאַטירלעך ווערן דאָ די טרעגערס (דאָס זענען פּשוטע אַרבעטסלאָזע) שטאַרק גערודפט פון דער פּאָליציי, וואָרעם אויפן וואָקזאַל זענען פאַראַן אַנדערע, אָפיציעלע און רעגיסטרירטע פעקל־טרעגערס. יענע פאַרלירן די מעגלעכקייט פאַר פּרנסה, אָבער די נויט פון די „נייע“ טרעגערס, די „ווינקל“־טרעגערס, איז גרויס. אַזוי, אַז עס איז אוממעגלעך זיך פון זיי אָפּצוזאָגן.

אין דרויסן, פאַרן וואָקזאַל, אויב איר זענט ניט איינגעזעסן אין אַ דראָזש־קע, ווערט איר פּשוט געפאַנגען פון דער גרויסער צאָל בעטלערס, יידן און ניט־יידן, פרויען און קינדער. זיי שטרעקן ניט בלויז די הענט, זיי בעטן ניט בלויז, נאָר מאָנען, פאָדערן. גלייך דו און איך, וואָלטן שולדיק געווען אין זייער הונגער.

„האַרעלע, שענקט עפּעס! האַרעלע, גיט עפּעס!“

און טאָמער גיט מען ניט, זענען זיי אייך מכבד מיט אַזאַ מין ברכה: „האַרעלע, אַלע ציינער זאָלן אייך אַרויספאַלן, נאָר איינער זאָל אייך בלייבן אויף צאָנווייטאָג...“

•

ווילנע איז נאָך מער ווי אַ שיינע שטאָט, אַ מערקווירדיקע שטאָט. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן די גאַנצע טרויקנקייט, וואָס עס לייגט זיך אויף די מענטשן, ווען מען זאָל משפּטן פון דער נאַטור.

מען זאָגט, אומגעגנט ווירקט אויף אירע איינוואוינער, די אומגעגנט אַרום ווילנע, די בערג, די ווילִיע און ווילייקע־טייכן גאַרטלען אַרום די שטאָט מיט קרוינען און שטראַלן. ווילנע אַליין מאַכט אַן אימפּאָנירנדיקן איינדרוק. גראָד ניט די הויפּט־גאַס, אַמאָליקער געאָרגעווסקי-פּראָספּעקט, וואָס זעט אויס ווי אַ קליין שטעטלדיקע פּראָמענאַדע. אימפּאָנירנדיק איז דער יידישער געטאָ, די יאַטקע־גאַס און די דייטשע־גאַס, די גאַסן אין געס־לעך אַרום. דער געטאָ אין ווילנע ברענגט ניט מיט זיך די גרוסן פון אַמאָל, נאָר פון איצט, מיטן היינטטאָגיקן לעבן. עס איז מערקווירדיק, ווי ווילנע האָט זיך אַזוי קאָנסערווירט, איינגעלעבט און איינגעוואָרצלט אינעם געטאָ און פילט זיך דאָרט זיכער, און באַזיכערט.

אַלט ווילנע! יידישע־גאַס, יאַטקע־גאַס, שול־הויף, סטראַשונס־ביבליאָטעק. וווּ קאָן זיי אָפּטיילן און וועלכע האַנט קאָן די שוואַכע מויערן אומ־וואַרפן?

הייזקעס, איינגעבויגענע, פענצטער אויסגעקרומטע, טירן צעדרייטע, שמאָל

ווילנע:

די יידישע גאַס



„אַסטראַ בראַמאַ“



און ענג. אַן אַרקע, ווי אַ וואַך־טויער, איבער דער שמאָלער ברייט פון גאַס. קרעמלעך און נאַכטלעגער־שטיבער, שולן און מנינים.

די איינוואוינער פונעם געטאָ טראַכטן גאָרניט ארויס פון דאָרטן. דער געטאָ אין ווילנע איז סימבאָל. דער געטאָ אין ווילנע איז עקאָנאָמישע פּאָזיציע — איז קולטור, איז אינהאַלט.

גאַנץ ווילנע איז געטאָ, יידיש געטאָ.

ווען מען שפּאַצירט צום קלויסטער־טויער „אָסטראַ־בראַמאַ". דאָס קלויסטער־טויער, וואָס צעשניידט דעם געטאָ אין צוויי שטאָט־טיילן, מוז מען נאָך פון דער ווייטנס זיך אויסטון די היטלען. ווען פרומע יידן זענען געצוואונגען דאָס צו טון, פילן זיי אויף זיך, ווי די הויט ברענט און איילן זיך צוריק אויף יענער זייט, אין די שמאָלע געסלעך, צווישן האַלב־איינגעפאַלענע ווענט, וואו זייערע טריט זענען זיכערער און זייערע בליקן — פרייער. די קינדער פונעם געטאָ פילן זיך איינגעוואַקסן דאָרט. זייער וואָרט, דאָס יידישע וואָרט, איז האַרט און פעסט, באַטאָנט און אַקצענטירט.

אין ווילנע לערנט מען, ניט קיין נפקא מינה, ווער און וואָס — מען לערנט, עס לערנט דער אַלטער דור אין די בתי מדרשים, מען איז פרום, נאָר לערנען איז אַן ענין, מען שלייפט זיך די מוחות. צו וואָס שלייפן? גיי, פרעג זיי, די ליטוואַקעס. דעם ווילנער יידס מוח איז שאַרף, יעדע שאַרפע זאַך מוז מען שלייפן, אַז ניט ווערט זי טעמפּ, די ווילנער מוחות זענען ניט טעמפּ.

עס לערנט די יוגנט אין די שולן און אין די הויך־שולן. אין ווילנע לייענט מען. ניין, מען לערנט, מען פאָרשט. לייענען אַ בוך הייסט פאָרשטן אַ געדאַנק, איינכאַפּן אַ גוט וואָרט.

•

איך באַזוך די סטראַשון־ביבליאָטעק. אַ לאַנגער, גרויסער ווייס־אָפּגעקאַלעכטער זאַל. עס זעט אויס ווי אַ פּאָליש, אַרום די לאַנגע טישן זיצן די לייענער פּאַרטיפט... איבער אַ מאָדערן בוך און קנעלן אַרויס ווערטער, שורות, זאַצן.

און קנעלנדיק אַזוי, האָט מען אויסגעקנעלט אַ ווירקנדיק־יידיש לעבן, אַ שפּרודלדיקע, געזונטע יידישע געזעלשאַפט. יידיש, און יידיש לעבן אין ווילנע איז אַ וואָכעדיקער תוך. דערפאַר איז עס כולו יום־טוב. די שאַרפע שווערד פון דער איצטיקער צייט שניידט מיט אַ בליציקער שנעלקייט. און דאָס יידישע ווילנע, דער געטאָ, איז באַזאָרגט פונקט ווי פאַר זיך פאַר די אייגענע דאגות פרנסה, אַזוי אויך פאַר די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס.

די היים און די געזעלשאפט האָט פאַרן ווילנער ייד איין און דעם זעלבן באַדייט.

•

אויף מיין פּלאַן-צעטל, וואָס איך דאַרף אַלץ באַזוכן אין ווילנע, געפינען זיך נאַטירלעך דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, די שולן, די יידישע גימנאַזיע, קולטור־פאַריינען, רעדאַקציעס, פאַרלאַגן, שריפטשטעלער און די „גרינינקע בוימעלעך".

די „גרינינקע בוימעלעך" זענען אַ וועלט־אינסטיטוציע, איך האָב זיך מיט זיי באַגעגנט אין די גאָר וויטסטע לענדער און שטעט, און דורך זיי — געשיקט מיינע גרוסן צו אונדזערע קינדער פון ווייט, ווייט.

מאַך איך מיין ערשטן באַזוך, אין דער וואוינונג פון ש. באַסטאַמסקי. איך וואָלט גלייך געטראָפן, אַז דאָ זענען די „גרינינקע בוימעלעך". עס איז אין מיטן ווינטער, אין דרויסן ליגט נאָך אַ געדיכטער שניי, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ברודיק־בלאָטיקער וואַטע, און גאָר באַזונדערס איז דאָס שייך צו ווילנע, וואו מען זינקט ממש אין דער בלאָטע. און פּלוצעם, דאָ, וואו נאָר מען מאַכט מיר אויף די טיר, דערזע איך פאַר זיך ... נו, יאָ, גרינינקע בוימעלעך אין אמתדיקן זינען. בוימער אין פעסלעך און בוימער אין וואַזאָנעס — אַ גאַנצער באָטאַנישער גאָרטן. און אַלץ איז אַזוי צעוויקלט; צעבליט; גרין און באַבלעטערט — לעבעדיקע אילוסטראַציע פאַר דעם קינדער־זשורנאַל.

דאָס רעדאַקציע-צימער איז גרויס, גרויס — אַ וואַלד. עפּעס אַ פריץ האָט דאָ געוואוינט. דער זאַל איז אוודאי געווען פאַר געסט, אָדער גאָר צום טאַנצן. אַ גאַנצער פּראָנט מיט פענצטער, איבערגעבליבענע אָרנאַמענטן און באַהאַלטענע צייכנס פון די שטוקאַטורן. איצט זענען די ווענט אינגאַנצן באַדעקט מיט... ביכער. יידישע ביכער. אַ פריוואַטע ביבליאָטעק, שענק און פאַכן ביכער און זשורנאַלן.

ביי איין שרייב-טיש זיצן מיר ביידע, באַסטאַמסקי און איך. מיר האָבן געמיינזאַמע באַקאַנטע, פריינד, קינדער פון די פאַרשידענע שולן אין גאָר דער וועלט. אין וויטן טשאַקאָ, און אין נאָענטן ריגע, אין קאַליפאָרניע און אין לוקסעמבורג. אין קאַלטן צפון־קאַנאַדע און אין הייסן דרום־אַפריקע. דאָ אַהער, אין דעם גרויסן, גרוימען צימער מיט די וואַזאָנעס און בלעטער, קומען אָן גרוסן צו דעם טיש, באַליגט און באַדעקט מיט כתב־ידן. און באַסטאַמסקי רעדט מיט אַזאַ ליבשאַפט, מיט אַזאַ נאָענטקייט פון „זיינע" וויטע קינדער. ער ווייסט זייער פאַרלעגנהייט, זייערע דאגות, זייערע נויטן און פריידן. חוץ דער אָפיציעלער קאָרעספּאָנדענץ גייען אויך פון דאַנען אַרויס

(און עס קומען אריין) פערזענלעכע און אינטימע בריוולעך פון קינדער. מיר רעדן, נאטירלעך פון די „בוימעלעך“. דער בייזער גורל פון דער צייט האט זיי ניט אויסגעמיטן, און באסטאמפסקי איז שטארק, שטארק באזארגט דערפאר, אז דער גרויסער קאנטאקט מיט דער ווייטער קינדער־וועלט, דורך די שפאלטן פון די „גרינינקע בוימעלעך“, און פון „דעם חבר“ זאל ניט איבערגעריסן ווערן. ווילנע וואלט זיך אפגעשניטן פון דער קינדער־וועלט.

•

די ווילנער יידישע שרייבער, זענען ניט בלויז שרייבער, קינסטלער, קאבי־נעט אדער קאפע־הויז־מענטשן, נאר פריער פון אלץ — געזעלשאפטלעכע טוערס, בויערס, שמידערס.

אין דעם פרט טיילט זיך ווילנע אויס פון ניו־יארק, פון ווארשע, אין ווילנע איז ניטא קיין צייט פאר שרייבער זיך אריינצוליגן אין קיבעצארניעס, ווי אין ניו־יארק, אדער ווי אין ליטעראטן־פאריין אין ווארשע.

ווילנער יידישע שרייבערס זענען פארהאוועט, פארנומען, מיט אזוי פיל פערזענלעכע דאגות, ווי מיט דעם גורל פון די אינסטיטוציעס, וואס זיי האַ־בן געשאפן.

יידישע שרייבערס אין ווילנע קענען זיך נאך ניט פארגינען דעם „לוקסוס“ פון אפזונדערן זיך און ווארטן אויף שכר... ווילנע זאגט: „אם אין אני לי, מי לי?“ אויב מיר וועלן ניט בויען, וויניקסטנס, העלפן בויען, ווער וועט עס טון פאר אונדז? עס איז ווינציק וואס מען שרייבט א קינדער־לידל, מען דארף אויך שאפן די אינסטיטוציע, וואס זאל דאס קינדער־לי־דל לערנען.

און די אינסטיטוציעס זענען געשאפן געווארן. יא, געשאפן געווארן צוממער־סטנס דורך ווילנער יידישע שרייבער.

עס איז נאר צו חידושן זיך, וואו נעמען זיי, די ליטוואקעס, צייט אויך צו... שרייבן און צו שאפן, אז וויבאלד זיי זענען אויסער מיט זייערע פער־זענלעכע עסקים, אויך פארנומען מיט כלל־ארבעט? ארבעט מען טאקע פיר און צוואנציק שעה אין מעת־לעת און באווייזט מען ניט — שטייט מען אויף א שעה פארטאג... ביי ליטוואקעס איז דאס אויך מעגלעך.

און טאמער איז ווינציק, געפינט מען נאך צייט פאר פייערלעכקייטן, פאר ליטערארישע יום־טובים, פאר קולטור־מאניפעסטאציעס.

און פאר גרייט זיין תמיד צום קאמף און פארטיידיקונג, ניט צו לאזן זיך צונעמען די דערווארבענע פאזיציעס, וואס זענען געשאפן געווארן דורך אזויפיל מי און עקשנות.

אויב אונדזער גאַנץ קולטור־לעבן איז אַ נס, איז דער יידישער וויסנשאַפט־לעכער אינסטיטוט אַ נס פון ניסים.
ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געשעען? דאָס קאָן קיינער מער ניט ענטפערן.

•

ס'איז גענוג אַ קוק צו טון אין די וויוואָלסקע־גאַס נומער 18 אין ווילנע, כדי צו קריגן דעם באַגריף, וואָס עס הייסט אַזוינס דאָס וואָרט ייוואָ. אין פרעמדע לענדער קאָן מען זיך גאָרניט פאָרשטעלן דעם באַדייט פון דער שאַפונג. אָפטמאָל, ווען עס קומט צו אייך אַ שליח פון ייוואָ, דוכט זיך אויס, אַז עס רעדט זיך עפּעס וועגן אַן אַבסטראַקטער זאַך, אַז דאָס רעדט מען צו אייך אין נאָמען פון אַ חלום. מען גיט געלט פאַר אַ שיין מעשהלע, עס איז אָבער שווער זיך פאָרצושטעלן אָט דאָס דאָזיקע פאַנטאַסטישע מעשהלע אין דער ווירקלעכקייט, ביי אַ וואָכעדיקער, פשוטער, אָנגע־שטרענגטער ארבעט.
שווער פון וויטנס צו גלויבן, אַז די „פאַנטאַזיע פון איינצלנע" האָט שוין אַ ממשות אונטער זיך. און עס זיצן יונגע־לייט און פריילינס איבער שטויסן ביכער, איבער בערג צייטונגען, איבער רעגיסטריר־צעטלען, איבער ענט־פערס אויף פרעגבויגנס, איבער סטאַטיסטישע טאַבעלן, איבער זוך־בלעט־לעך, איבער פאַרגלייכונג־ליסטעס. מען זיצט מיט רויט־בלויע בליישטיפטן, מיט שערן אין די הענט, איבער די שרייב־מאַשינעס, מען שניידט, מען מאַר־קירט, מען פאַרצייכנט, מען דיאַגראַמעוועט, מען שטעלט פעסט — אַ לאַ־באָראַטאָריע פון יידישן שאַפן. אַ צענטראַלער אַפּאַראַט, וואָס כאַפּט אויף דעם מינדסטן ניואַנס פון אַ יידישער דערגרייכונג. אָט ווי אַן אַפּאַראַט וואָס מעסט ערגעץ וואו אין אַ עק וועלט דעם מינדסטן טרייסל פון דער ערד, אַזוי ווערט דאָ, דורך דעם „אַפּאַראַט" וואָס הייסט ייוואָ פאַרציי־כנט די מינדסטע און באַדייטיקסטע געשעעניש איבער גאָר דער וועלט. פון סאַנטיאַגאָ דע טשילי, ביז כאַרבין!
איך בין זיך מודה, אַז אין דער טיפעניש פון האַרץ פאַרגין איך ניט ווילנע אָט דעם אינסטיטוט, כאָטש ווילנע איז דאָס ווערט, כאָטש ווילנע האָט „וועלטן איינגעלייגט", אַז די זאַך זאָל צושטאַנדקומען, אין אָן ווילנער עקשנות וואָלט אפשר ד זאַך ניט געווען קיין געשעענער פאַקט. אָבער דאָך, אַזאַ אינסטיטוט מיט אַזאַ פאַרנעם, מיט אַזאַ רחבות, אינערלעך און אויסער־לעך, וואָלט געדאַרפט שטיין אין אַ הויפּט־שטאָט פון אַ גרויס לאַנד, פשוט דערפאַר, מען זאָל זיך קענען באַווייזן פאַר דער וועלט. וועגן דעם ייוואָ



אויסשטעלונג צו מענדעלעס 100 יאָריקן געבוירנס-טאָג אין ייוואָ

ווייסט מען. די באַדייטיקסטע וויסנשאַפֿט-מענער פֿון גאָר דער וועלט אַר־בעטן מיט לטובֿת דעם ייִוואָ מיט זייער אויטאָריטעט און ווירקונג. נאָר זיי אַליין, אַ פּראָפֿעסאָר איינשטיין, אַ זיגמונט פֿרויד, ווען זיי וואָלטן נאָך גע־זען דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט, געזען און באַטראַכט זיין אַרבעט, וואָלט עס אַלע זייערע פֿאָרשטעלונגען איבערגעשטיגן! אַזוי איז עס אויך מיטן פּשוטן ייִד, דער וואָס איז גרייט בייצושטייערן מיט מיטלען פֿאַרן ייִוואָ. ווען ער וואָלט געקענט אַ מאָל אַ קוק טון בעת מען אַרבעט דאָרט, וואָלט ער ערשט דעמאָלט פֿאַרשטאַנען, אַז אין קיין שום אַנדערן פֿאַל האָט זיך זיין נדבֿה ניט אַזוי הונדערט-פּראָצענטיק רעאַליזירט פֿאַר דעם געגעבענעם צוועק, ווי פֿאַר דעם ייִוואָ.

אומצייליקע יחידים און אָרגאַניזאַציעס האָבן אַריינגעלייגט זייערע כּוחות און מי אין פּולע, אָנגעפּראָפּטע צען יאָר ייִוואָ.



איך ווייס, אַז אָן ווילנע וואָלט איצטער קיין ייִוואָ-פֿייערונג ניט געווען, פּשוט, עס וואָלט ניט געווען וואָס צו פֿייערן. אָבער אַ פֿאַקט איז אַ פֿאַקט, אַז אָן די אַרכיוון און אָן דעם דאָקומענטן-מאַטעריאַל, וואָס איז צונויפֿגע־זאַמלט אין די שאַץ-קאַמערן פֿון ייִוואָ, קאָן שוין קיין שרייבער, קיין פֿאָר־שער, קיין וויסנשאַפֿטלער ניט אַרבעטן, ניט אויסקומען. און גיי, פֿאָלג מיך אַ גאַנג, ביי יעדער קליינוקייט (וואָס איז אין דעם פֿאַל אַ גרויסקייט) כאַפּ זיך אויף אויף דער באַן און גיב זיך אַ פֿאָר קיין ווילנע.

און עס איז קיין ברירה ניטאָ, מוז מען עס טון. איך קאָן שריפֿטשטעלער און וויסנשאַפֿטלער, אַפֿילו סטודענטן וואָס אַרבעטן אין דיסערטאַציעס, וואָס זיי מוזן זיך מטריח זיין קיין ווילנע. אויסער דעם איז שוין ווילנע געוואָרן אידענטיש מיטן ייִוואָ. מען מוז צופֿאָרן קיין ווילנע, דערמיט מיינט מען צו זאָגן, מען מוז צופֿאָרן צום ייִוואָ. מען דאַרף דאָרטן זיין ווינציקסטנס אַן אַכט־צען טעג, כּדי צו רעגיסטרירן די געהעריקע מאַטעריאַלן, וואָס וועלן שפּעטער נייטווענדיק זיין צו דער אַרבעט. ווען דער ייִוואָ וועט אַמאָל זיין בבֿריוה אין געלט (ניסים געשעען דאָך!) וועט ער דאַרפֿן אויפֿן גרויסן הויף פֿון וויוואָולסקע־גאַס נומער 18 אויפֿבויען אַ פּענסיאָן־האָטעל פֿאַר די שטודירנדיקע געסט.

ווילסטו דערקענען די גייסטיקע ווירקונג פֿון ייִדישן לעבן אין גאָר דער וועלט, גיב בלויז אַן עפֿן אויף די טיר פֿון פֿאָדער־צימער אין בנין פֿון ייִדי־שן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט און גלייך וועט עס דיר אַ לייכט טון אין די אויגן.

די מאַפּע פֿון אונדזער אַלוועלטלעכער טעריטאָריע „ייִדיש“ איז אויסגע־

האַנגעגן בײַ דער ברייטער אַרקאַדע, וואָס פירט צו די טרעפּ. די מאַפּע איז באַלויכטן פון אינעווייניקסטן ליכט און עס שטראַלט אָפּ אויף די „פּונקטן" וואו מיר האָבן „קאָלאָניעס" און „סטראַטעגישע" פּאָזיציעס.

עס איז די מאַפּע פון „יידיש־אינטערנאַציאָנאַל" און דאָס זענען ניט קיין פּוסטע פיגורן, ווייל דאָקומענטן, וואָס געפינען זיך אין די ווייטערע צימערן באַשטעטיקן דאָס. און ניט בלויז אַרכיוו־דאָקומענטן, נאָר פרישע, צאַפּלדיקע מאַטעריאַלן, וואָס דער פּאָסט־טרעגער ברענגט יעדן טאָג. די פּאָסט־מאַרקעס פון אַלערליי לענדער באַשטעטיקן דאָס.

עס איז שווער צו וויסן פון וואַנען האָט זיך עס צו די ייוואָ־מיטאַרבעטער גענומען אַזאַ באַהאַוונטקייט און פּאַכקענטעניש. זייערע אַרבעטן זענען אָפּט אַ מוסטער מיט וועלכן עס באַנוצן זיך ביבליאָטעקאַרן פון מלוכה־ אָדער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעקן. עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז די גאַנצע אַרבעט ווערט ניט געטון מעכאַניש און „לאָמיר געמאַכנדיק". איך האָב באַמערקט בײַ די מיטאַרבעטער אַ זעלטענע ליבע אין נאָך מער פרייד, פרייד פון זעלבשטענדיקן שאַפן. מיר האָבן אין משך פון דורות אָנגעוואָרפן הויפנס מאַטעריאַלן און איצטער קומען די מיטאַרבעטער פון דעם ייוואָ און קאָלעקציאָנירן די אוצרות, טאַקע אין וויסנשאַפטלעכער פּאָרשונגס־אַרבעט.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט איז דער באַראָמעטער, וואָס „רעגיסטרירט" דעם אויפשטייג און אונטערגאַנג פון אונדזער עקאָנאָמיק. די קולטור פון אַ פאָלק איז ניט בלויז גייסטיקע קולטור, נאָר אויך קערפּערלעכע; ניט בלויז הימל־זאַכן, נאָר אויך ערדישע ענינים. אגרי איז אויך קולטור און פיזיק איז אויך קולטור. שפּאַנט מען איבער אָפּטיילונג נאָך אָפּטיילונג אין דעם דאָזיקן, נייעם, ציכטיקן, מאָדערן־אויסגעבויטן בנין און מען גאַפט און מען שטוינט. אָבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק מאַכן טאַקע די געפּאַנצערטע קאַמערן, די „סייפן". גייסט אַראָפּ אין די בעטאָנירטע קעלערס — אייזערנע קראַטעס, פעסטע שלעסער און קאַסעס. גאָלד און זילבער דאַרף מען ניט אַזוי היטן. גאָלד און זילבער, ווען מען גנבעט צו, איז אויף דער וועלט נאָך פאַראַן. ווען אַזאַ „שטיקעלע פּאַפּיר" גייט פאַרלוירן, גייט פאַרלוירן פאַר דער געשיכטע אַ פאַרמעג. און פאַר דער געשיכטע טראָגן די ייוואָ־טוער אַן אויסערגעוויינלעכע אחריות.

עס ווערן שוין געמאַכט די געהעריקע פאָרבאַרייטונגען צו פייערן דעם צען־יאָריקן יובל פון ייוואָ. די פייערונג וועט ניט זיין סתם אַזוי, אַ יובילעאום; עס וועט קומען דער דין והשבון. דער ייוואָ איז שולדיק אַ חשבון, ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער וועלט, ער האָט אַפּעלירט, געוועקט און גערופן. מענטשן האָבן געגלויבט אין דעם גוטן ווילן פון די

ייוואָ־טוער, דערפֿאַר ווייל זיי האָבן געפֿילט די נויטווענדיקייט פֿון אַזאַ אינסטיטוציע. דער ייוואָ איז די גרונט-פֿעסטיקונג. די יידישע ליטעראַ-טור איז ניט קיין מעשה־ליטעראַטור, ניט בלויז אַ ליטעראַטור פֿון לידער און דערציילונגען נאָר אויך אַ וויסנשאַפֿטלעכע. דער ייוואָ איז אונדזער יחוס־בריוו צווישן פֿעלקער. און פֿריער צו שפּעטער וועט מוזן קומען די רעספּעקטפֿולע אַנערקענונג אויך מצד די, וואָס פֿאַרלייקענען נאָך אונדזער שאַפֿונג, וואָס פֿאַרהוזקן אונדזער לשון, אונדזערע דערגרייכונגען.

דער יידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט איז ניט נאָר אַ קולטור־היס-טאָרישע אינסטיטוציע ; ער האָט אַ ווירקונג אויפֿן גאַנג פֿון אונדזער לעבן ; ער האָט אַ דערציערישן ווערט פֿאַר אונדזער דור. ער איז דער צעמענט פֿאַרן יידישן טעאַטער, ער איז דער קערן פֿון פֿאָלקס-וועזן.

דעריבער זאָל ער ווערן געשטיצט פֿון אַלע לענדער, פֿון אַלע יידישע קולטור-מענטשן, פֿון אַלע ריכטונגען אָן אונטערשיד !

---

## קראָקע

אַזוי ווי אַמאָל, אין די „אַלטע, גוטע צייטן". בימי הקיסר פֿראַנץ-יוסף I ירום הודו : שטריימלען און בעקעשעס, געלע, קאָלטענעוואַטע בערד, שיך און ווייסע זאָקן, אַטלאַסענע זשופּיצעס און ברייטע טולופּן ביי די עלטערע יידן. די יונגע לייטלעך טראָגן דינע, „פּאַצעטיש"־אַרומגעשווירענע בערדע-לעך, האַלטן די לאַנגע פּאהלעך „וועלטלעך"־פֿאַרלייגט אונטער די אויערן. זייערע ווייבעלעך און כלות גייען אין קאַראַקולענע פֿאַלטאָס, טראָגן פֿוקסענע קאָלנערס אויף די פּאָקענע מאַנטלען ; די באַקן זענען געפּודער-טע, די ברעמען אויסגעצופּטע, די פֿינגערנעגל לאַקירטע — און דאָס איי-דעלע, פּוילישע לשון ליגט אויף די רויט-געשמינקטע ליפּעלעך. אָט, דווקא אַזוי — שפּאַצירן זיי מיט די מענער און חתנים אין זשופּיצעס און אין שטריימלען . . .

דאָס זעלבע קראָקע, נאָר אַביסל אָפּגעקומען. עפּעס דוכט זיך, אַז דער קוז-מאַרק — דאָס יידישע געטאָ — האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, און ס'דאַנקט דעם באַשעפֿער, וואָס עס איז נאָך בכלל פֿאַראַן אַ קאָפּ. עס איז ניט אַזוי די נויט, ווי די מורא פֿאַר דער נויט. מען דרייט נאָך, מען דרייט נאָך מיטן שטעקעלע „אויף דער בערזע", מען טוישט נאָך אַ באַנקנאָטל אויף אַן אַנדער באַנקנאָטל — און די יונגע לייטלעך האָבן נאָך אויף נדן.

געשעפטן גרויסע, קליינע, קלענערע... קאָנסט ניט דערגיין דעם סוד פון אָרעמקייט. מען „האַלט שטאַט", מען „שפּרעכט" דייטש. אפילו קלויז־ניקעס „שפּרעכען" דייטש, אפילו זיצערקעס רעדן פּויליש...

דערפאַר איז אין געטאָ אַן אַנדערער כאַראַקטער פון שטאָט. איך עס אין אַ יידישן רעסטאָראַן, אויף אַ שמאָלן, שמוציקן הויף. אָפּגעריבענע ווענט, אָפּגעשפּרונגענער טונק, אויסגעקראַצטע ציגל — צעקרישלטער ליים.

דאָס רעסטאָראַן-צימער — אַן אומהיימלעך גרויסע שטוב, אַ שורה פענצ-טער, וואָס פאַרנעמט אַ גאַנצע וואַנט די ברייט. דיקע, האַמעטנע ווענט. עס איז שווער צו אָטעמען צווישן די ווענט. דער סופיט איז געלייגט אין עטלעכע בעלקעס. טונקעלע געמעלן, קאָנטור און פרעסקן שלאָגן זיך אַדורך דורך דעם אַן אַ שיעור מאָל אַרויפגעלייגטן קאַלך און פאַרב אויף די ווענט. דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן, אַ ייד, וואָס האָט אויף זיין כאַ-לאַטל דעם געשטאַנק פון הערינג און געהאַקטע לעבער, דערקלערט, אַז זיין רעסטאָראַן איז געווען דער פּאַלאַץ פון אסתרקע, און דער קעלנער כאַפּט אונטער: „פון דער יידישער קיניגין אסתרקע..."

•

פרייטיק פאַרנאַכט אין קראָקע.

דער הו-האַ ווערט ערגעץ ווי איינגעשרומפּן, די געוועלבטע טירן איבער די קראָמען — פאַרמאַכט. שווערע פרענטן ווערן פאַרלייגט. לאַנגע שליס־לען ווערן אַריינגעשטעקט אין די דיקע מויערן-לעכער. די וואַך ווערט פאַר-סקריפּעט. די טראַמווייען איבערן קוזמאַרק לויפן שנעל און ליידיק, ווי זיי וואָלטן דערזעען פאַר זיך אַ סכנה און ווילן וואָס פריער אַפּציען... די צעמראָטענע טראָטואַרן ווערן איבערגעפּוצט מיט מענטשן אין שבתדיקע בגדים. קאָלפּיקעס און טולופּס, אַטלאַס און זייד, רויטע פּנימער פון שוויץ-באָד אַרויס. נאַסע, שוואַרץ-גלאַנציקע פּאות, דריי שטריימלען גייען אין איין ברייט. איין שטריימל איז אַלט אַ יאָר זעכציק, אַ צווייטס — אַ יאָר עטלעכע פערציק, דאָס דריטע שטריימל — נאָך ניט קיין צוואַנציק. פאַר-שטייט זיך, אַז ניט בלויז די שטריימלען טראָגן אויף זיך די אויסגערעכנטע עלטער, נאָר די, וואָס טראָגן די שטריימלען. טאַטע — זון און אייניקל. דער טרעגער, וואָס האָט מיט אַ שעה צוריק געטראָגן אַ זאַק אויף זיין פּליי־צע, די לענדן אַרומגענומען מיט אַ גראָבן שטריק און אויף די פּיס אַ פּאָר דיקע, שווערע שטיוול — איז איצט ניט צו־דערקענען. אויך ער טראָגט אַ 13-שפּיציקן שטריימל, אַ ווייסן קאָלנער איבערגעלייגט אויף דער אַטלאַסע-נער זשופּיצע, אַ פּוטערל אַזאַ, וואָס איז חצי יידיש און חצי גוייש-פּריציש. ער גריסט זיך: „גוט שבת... גוט שבת, גוט יאָר."



דאָס שלאָס „וואַוועל“ אין קראָקע

שולן, שולן און בתי מדרשים. היסטאָרישע און נייע. שניידערישע און טרע־גערישע קלויזן און שטיבלעך, עס זעט אויס, ווי איבער דעם שבתדיקן טאָג וואָלט דער קוזמאַרק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שול.

די אַגודה, די אָרגאַניזירטע אָרטאָדאָקסיע, האָט דאָ, אינעם גרינעם שימל פון מיטלעלטערלעכע שאָטנס, געפונען אַ פּלאַץ פאַר איר נעסט. די אַגודה איז דאָ איינגעפונדעוועט און שפּילט זיך אין שטאַטלעכקייט. קראָקע און קוזמאַרק קאָנען זיך ניט אָנקוקן. אָבער אַ פאָדעם, אַ געמיינזאַמער ציט זיך, בינדט זיך צווישן קאַטוילישן סעמינאַר און אַגודהשע ישיבת. איןביידע הערשט דיזעלביקע „באַרעמהאַרציקייט" איבער עלנטע און אָרעמע.

•

איך בין געווען אין אַ קיך פאַר אָרעמע, „געמיינע מענטשן", וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון דער אַגודה. איז דאָס קודם־כל אַ שטאַל. אָבער דאָס איז ניט וויכטיק. וויכטיקער איז דער אופן פון געבן דאָס קצבה־עסן: די לעפל און גאָפּלען זענען צוגעבונדן צו די טישן מיט קייטלעך. און די „שיסלען"? אַך, די שיסלען, זענען זייער אָריגינעל, דאָס זענען אַזעלכע „אויסגראָבונ־גען" אין די בלעכענע טישן. יעדער טיש האָט אַזעלכע צוויי רייען אויסגע־הוילטע בעכער — ווי קאָריטעס פאַר בהמות. מען גייט אַרום מיט אַן עמער און מען גיסט אָן ביידע רייען טיש־לעכער, און דער עולם זעצט זיך אויס און מיט די צוגעקייטלטע לעפל, דאַרף מען עס אַזוי עסן . . .

פרעג איך זיך, וואָס באַדייטן די מאָדנע שיסלען? ענטפערט מען מיר: „ערשטנס קאָסטן טעלער טייער, צווייטנס ווערן זיי צעבראָכן און דריטנס גנבעט מען זיי אַוועק. איז שוין גלייכער מען זאָל זיי, די „געמיינע מענטשן", נעבעך, ניט שטעלן צום נסיון. אַבי זיי עסן און זענען זאַט. אַ נפקא מינה אין וואָס פאַר אַ כלי?"

און כדי דאָס צו באַרעכטיקן, ענטפערט מיר באַלד דער אויפזעער, אַ ביטרע יידל אין אַ סאַמעטן יאַרמעלקעלע, מיט אַ פּסוק און פאַרטייטשט עס גלייך: „קוק ניט אין דער כלי, נאָר וואָס דערין איז פאַראַן . . ."

איך פּרואוו טאַקע פאַרזוכן פון דעם, וואָס „דערין איז פאַראַן" . . . איך קאָן עס אָבער צו די ליפּן ניט נעמען. די „געמיינע מענטשן" מוזן פאַר דעם ביסל „גאָב" זיצן אין די היטלען, זיך וואַשן און שעפּטשען עפּעס אַזוינס, אַז די „באַרעמהאַרציקע" לייט זאָלן מיינען, אַז מען בענטשט . . .

ווער זענען די „געמיינע מענטשן" אויף וועלכע מען איז זיך מרחם? פאַר־שטייט זיך: אַרבעטער, אַרבעטסלאָזע, די אָרעמסטע טיילן פון קוזמאַרק. ווי אין גאַנצן לאַנד, טאַנצט אייך דאָ דער הונגער, פּלייצט דאָ מיט זיינע פאַרניכטנדיקע טריט איבער די שמאָלע, אויסגעקרימטע, הושכדיקע „הים-

טאַרישע" געסלעך. און ער, דער הונגער, טרייבט עס אַרויס די מענטשן צו בעטלערברויט און „גוט-האַרציקייט" פון די צדקה־געבער, וואָס האַלטן גאָפּל-לעפל אויף אַ שטריקל, צוגעבונדן צום טיש...

•

קראָקע אַליין האָט זיך ווינציק וואָס געביטן, אָבער דאָס, וואָס עס איז דאָ געבליבן פון אַמאָל, איז גענוג, כדי קראָקע זאָל געהערן צו די וואונדער־באַרסטע שטעט אין דער וועלט. עס איז אַ שטאָט פון געשיכטע, דוכט זיך, און ניט בלויז פּוילישע געשיכטע, נאָר וועלט־געשיכטע. אפשר איז דאָס פּאַקטיש ניט אַזוי, נאָר דאָ רעדן ניט בלויז אַראָפּ פּאַקטן פון די אָרנאַמענטן אויף ווענט, נאָר דאָ זינגען אַראָפּ פון די ווענט נשמות פון דורות. ערגעץ צווישן געטאָס, שלעסער, קירכן, ריטער־טורעמס, קאַשאַרן, שולן, פּאַלאַצן, בית עולמס, ליגט נאָך אַ פּרעסעניש ווי שטאָלענע פינגער וואָלטן דיך געדריקט אויפן האַלדז — אָבער ניט אַזוי אין קראָקע. דאָס אַלץ, וואָס איז אויסגערעכנט, איז אין קראָקע פאַראַן, נאָר מיט אַ באַזונדערער לייכט־קייט, ווי דאָס אַלץ וואָלט געווען אויפגעבויט ספּעציעל פאַר אַ דעקאָראַציע, פאַר אַן אויסשטעלונג, צי ווי אַ פּיקטיווע אַלטערטימלעכע שטאָט פאַר אַ פילם: גרויער מייז-קאָליר, אַלטע קירכן־שפּיצן, קירכן־טורעמס און רויטע ציגל-מויערן.

באַרג אַרויף, אינעם וואַוועל־שלאָס, איז די קיניגלעכע קאַפּליצע: טראָן־געוועלבטע זאַלן, קברים, פּיעדעסטאַלן פון קיניגן. ביסקופּן און פּאָעטן. באַרג אַראָפּ — דער געשאַרפטער סערפּ, די וואַסער־קאַסע, די ווייסל, ווייטער אַרויף, אין נעפּל געהילט — דער אָנגעשאָטענער קאָשטשושקאָ־באַרג, אַ מיניאַטור־פּיראַמידע, און גלייך מיטן אויג: פּלאַכע און שפּיציקע דעכער, אַרויסשטאַרצנדיקע טורעמס פון אַלטע פעסטונגען, פון מיטל־עלטערלעכע שלעסער אין קלויסטער-משופּעס. צו דער שעה צעקלינגען זיך די זייגערס, צו דער שעה פאַלט אַרויס אַ טראָמפּייט, זאָגט אָן דער וועלט אין אַלע פיר זייטן, אַז די שעה האָט געשלאָגן. אַז די אַלטערטימלעכע שטאָט איז נאָך עלטער געוואָרן — מיט אַ שעה.

אַרום און אַרום דער שטאָט גאַרטלט זיך אַ בולוואַר־גאָרטן, וואָס ווערט דאָ אָנגערופן „פּלאַנטן". די דאָזיקע פּלאַנטאַציעס גרינען אין זומער-צייט מיט אַ באַזונדערן חן און אין ווינטער הילט זיי איין אַ ווייסער כישוף־שלייער. די „פּלאַנטן" צעטיילן די שטאָט: פון איין זייט, קראָקע, און פון דער צווייטער זייט — קוזמאַרק. דער קראָקעווער טייל איז עלעגאַנט, צוגעפּוצט ווי אַן אַלט-מאָדישער ראָק ביי אַ באַלעבאָסטע אַ לייט. אָפּטמאָל אַביסל פאַרלאַטעט, נאָר די לאַטעס זענען גוט צוגעפּאַסט און אַריינגעפּאַסט.



קראקעווער יידישע בחורים

עס זעט אויס, ווי די ווינציקע, נייע הייזער אין שטאָט וואָלטן נאָר געוואַרט, אַז די זון זאָל זיי אָפּשיסן, אָפּבליאַקעווען, כדי עס זאָל אויסזעען לייטישער, אַלטערטימלעכער . . .

פּוילישע קולטור. הונדערט-פּראָצענטיקע נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישע פּאָעזיע איז איינגעוועבט אין דער שטאָט. עכט פּויליש איז קראָקע.

דער באַזאַר אונטער די קאָלומנעס, דער מוזעאום, מיצקעוויטשס דענקמאָל און דאָס אַלטע ראַטהויז — דאָס איז די קאָנצעפּציע „קראָקע".

אָט די שטאָט קאָן בטבע ניט פאַרלײַדן קיין נייַ־מאָדישן שניט. אויפן „רינעק" האָט אַ געזעלשאַפט אויפגעשטעלט אַ נייע, הויך-שטאָקיקע, מאָדערנע געביידע. אביסל סטיליזירט אין אַלטערטימלעכן גייסט, האָט זיך אויפגעהויבן אַ גוואַלד, אַ געשריי אין דער פּרעסע, אַ מורמלען אין די קאַפעען, אויף דער גאַס: אַ נאַציאָנאַלע פאַרשוועכונג — אַ פּראָפאַנאַציע: מען פאָדערט, ניט אַנדערש ווי די אָפּרוימונג פון דעם בנין — עס מוז גרויסער זיין פאַר די פלאָריאַנישע טויערן, פאַר די פעסטונג-שטעלן אין גאַס, די ווענעציאַנישע אַרכיטעקטאָרן ווען דאָ לאַנג, לאַנג נאָך באַקעמפן די אַמעריקאַנער און האָלענדישע סטילן, אין קראָקע זינגט נאָך דער נעכטן.

# לובלין

לובלין, די אַלטע שם-פולע שטאָט פון מדינהם פוילן, זעט איצט אויס נאָך מער פאַרוואָרלאָזט און פאַרעלטערט.

כאָטש מען באַמיט זיך סיי פון דער מלוכה און סיי פון דער שטאָט זי צו דערהאַלטן ביי איר אַמאָליקן גלאַנץ, וואָרעם לובלין איז דאָך טראַדיציע און ציט איר יחוס נאָך פון די אַמאָליקע, פוילישע קרוינען און אַרצבישאָף-סצעפּטערס. נאָר עס געלינגט ניט.

די קראָקעווער פאָרשטאָט, די הויפּט-גאַס פון לובלין, איז מאָדערניזירט: גרויסע, עלעקטרישע שילדן ברענען מיט רויטע און פיאָלעטענע אותיות, קינאָס און קאַפעס שיר ניט ווי אין אַ קליין, אַמעריקאַניש שטעטל. באַנק-הייזער און וועקסל-שטיבער און לאָטעריע-קאָלעקטורן, אַמט-בנינים און מלוכה-געביידעס. אַ גאַנץ ניט-קשהדיקע טראָטואַר-באַוועגונג צווישן וועל־כער עס וואַרפן זיך דאָס מערסטע אין די אויגן אָפיצירן פון אַלערליי ראַנגען. מיליטער-לייט און באַאַמטע. די מיטן-גאַס איז ליידיק. דער שניי ליגט גאַנץ אומגעשטערט, ווי עס וואָלט דאָרט גערוט דער טויט אונטערן ווייסן צודעק.

יאָ, לובלין איז טויט, פאַרגליווערטער ווי ערגעץ אַנדערש. די אַלטע קרויג־

שטאָט גענעצט. ווען ניט דער סיגנאַל, וואָס ווערט דריי מאָל אין טאָג אויסגעשפּילט אויף דער „בראַמאַ“, דער טורעם, וואָס שטייט ווי אַ גרענעץ צווישן וועלטלעכן לובלין און דער יידישער געטאָ, וואָלט לובלין זיך אפילו ניט איבערגעוועקט. וואָס איז די סיבה? — די עקאָנאָמישע לאַגע. לובלין איז ניט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ זעלבשטענדיקייט, לובלין איז געווען אַ טראַנזיט-שטאָט, די איינציקע גרויסע שטאָט צו דער עסטרייכישער גרענעץ, די שוועל צו דער ברייטער וועלט — דאָ זענען געמאַכט געוואָרן די טראַנזאַקציעס צווישן מזרח און מערב. היינט איז דאָס ניט נייטיק. די גרענעצן האָבן זיך אַרויסגערוקט. לובלין איז געבליבן אין דער מיטן, בלויז ביי איר יחוס, ביי דער קאַטאָליציזם־פעסטונג, ביי די גלחים-סעמינאַרן, ביי פאַרמאַכטע פאַבריקן, באַלעבטע קאַזאַרמעס, שטילע גאַסן און ביי אַ מיטלעלטערלעכן געטאָ.

וויפיל מאָל איך בין געווען אין לובלין, האָב איך ניט פאַרפעלט צו באַזוכן דעם געטאָ. וואָס זאָג איך „באַזוכן“ — באַזוכן — באַזוכט מען די גאַסן מחוץ געטאָ. אין געטאָ, לעבט מען, פון געטאָ קאָן מען ניט אַרויס. געטאָ האָט אַרומגענומען גאַנץ לובלין ווי אַ שפּין־געוועב. דער געטאָ פון לובלין איז דער טיפּסטער אויסדרוק פון דעם מין. ניט דער געטאָ אין ווילנע און אוודאי ניט דער געטאָ אין מעץ און שטראַסבורג מאַכן דעם איינדרוק ווי אין לובלין. לובלין און געטאָ זענען איינס, ווי געבונדן. דער געטאָ אין לובלין לעבט נאָך ביים היינטיקן טאָג, דוכט זיך, אונטער די זעלבע באַדינגונגען ווי אַמאָל, אַמאָל...

דער „הויפּט“-אַריינגאַנג צום געטאָ איז פון קאַטעדראַל-פּלאַץ, מאַגיסטראַט וויז-אַ־ווי די קראָקעווער פאָרשטאָט. צוויי שפּאַן פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק אייראָפּעאישער שטאָט — פאַלט מען אַריין אין אַ שטיק מיטלעלטער. איבער דעם דיקן, געמויערטן טויער, וואָס זעט אויס ווי דער אַריינגאַנג צו אַ קאַטעדראַלע, הענגט אַ הייליק בילד, איבער וועלכן עס ברענט אַ נר תמיד. אויפן טורעם פון טויער דרייט זיך אַרום אַ „וואַך“ און דריי מאָל אין טאָג טראָמפּייטערט מען אויס דעם פּוילישן הימן „יעשטשע פּאָלסקא ניע זגינעלא“... און אין געטאָ אַנטפּלעקן זיך שאָטנס פון אומהיימלעכע בילדער. די הייזער אַלט, מיט אָפּגעפּאַלענעם טונק, דיקע מויערן, מיט אונטערשפּאַר-פליגלען, שמאָלע טירלעך און פינצטערע, לאַנגע קאָרידאָרן. שטאָק איבער שטאָק און פענצטער איבער פענצטער, איינס גע-טוליעט איבערן אַנדערן. מיסט און מיסט, און די מענטשן ווי זיי ראָיען פון מיסט אַרויס. מען שלייכט זיך איבער די געסלעך, וואָס איינס איז שמעלער, ענגער פון צווייטן. די גרינע פלעמלעך, שווינדזיכטיק ליכט פון די גאַז-פיגורן, שטאַרן אַרויס פון די ווענט אין די ווינקל־גאַסן, באַרג און

טאָל, אַראָפּ און אַרויף, קוויט, בלאָטע, פּייכטקייט און דלות. דערזעלביקער געטאָ פון אַמאָל — אויך איצטער. יארהונדערטער האָבן גאָרניט געענ-דערט, גאָרניט געביטן. אין מיטן געטאָ שטייט דער טריבונאַל, דאָס איז אַ פּירעקיקער בנין, גלייך פון אַלע פיר זייטן, גרוי און אומהיילעך. עט־לעכע הונדערט יאָר שטייט אַזוי די געביידע. אַמאָל האָבן די יעזואיטן דאָ געמשפּט די ווידערשפּעניקע פון דער קאַטוילישער רעליגיע, היינט משפּט מען דאָ יונגעלייט און מיידלעך פאַר אַרומטראָגן זיך מיט ליכ-טיקע אידייען...

דער געטאָ איז באַלעבט: קלובן און ביבליאָטעקן, פּראָפעסיאָנעלע פאַריי־נען און ספּאָרט־אינסטיטוציעס. פרייהייטלעכע לידער און אַרבעטער-געזאַנגען צעטראָגן זיך איבער די אָפּגעשיילטע ווענט פון די געטאָ-מויערן, נידערן אַראָפּ אונטן אין טאָל און קלינגען אָפּ אויבן אין קיניגלעכן שלאָס. דער שלאָס שטייט אויף אַ באַרג און גאָוחט זיך פאַרריסן מיטן ווייסן קאַלעך קעגן די הילצערנע, שוואַרץ-ברעטערדיקע הייזלעך, וואָס האָבן זיך ווי שיפלעך קעגן אַ גרויסער פּאַסאַזשיר־שיף דאָ אַהער דערשלעפּט און צופּוסנס פון באַרג זיך איינגעגראָבן ביז צו די פענצטער...

אויך מורא, שרעק און אומרו וואַוינען שוין דאָ אין געטאָ זייט הונדערטער יאָרן. איצט האָבן זיך דאָ אַריינגעקליבן נייע „שכנים": נויט און פאַר-צווייפלונג.

---

# בעלעם

די „קלוגע" שטאָט בעלעם איז איצט צונאַר און אויסגעלאַכט.

בעלעם איז געווען אַ גוט-איינגעפונדעוועטע יידישע שטאָט, אַן אומאָפּ־העגניקע, אַ גוט-סיטואירטע און אַ געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע.

בעלעם איז דורכויס אַ יידישע און יידישלעכע שטאָט. אַ שטאָט, ניט קיין שיינע, אפילו ניט קיין אָנגענעמע, נאָר אַ באַקוועמע.

אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג און צוזאַמען מיט די אוקראַינער — כמעט די גאַנצע מערהייט.

אינעם שטאָטראַט זענען דאָ אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן. אין מאַגיסטראַט זענען דאָ יידישע באַאַמטע. צו פּאַרלאַמענט-וואַלן אַ יידישער דעפּוטאַט פון בעלעם.

אַן אַרבעטנדיקע, יידישע שטאָט. אינערלעכע קאַמפּן מיטן „שטריימל"...

אין די שווערסטע צייטן האָט מען גענומען בויען אַ בנין פאַר דער יידישער וועלטלעכער שול. די יוגנט אין בעלעם שטייט ניט מיט איין פוס, וואו ערגעץ אַנדערש — אויסצוואַנדערן, נאָר קעמפט און טרעט ניט אָפּ.

אָבער —

ווי אומעטום שניידט דער קריזיס מיט אַ צוויי־שאַרף־קאָסע און רייסט אַרויס דעם לעצטן ביסן פון מויל.

נאָר ס'ווילט זיך ניט אָפּטרעטן פון די דערוואָרבענע פּאָזיציעס. אָבער אין פּוילן הערשט איצט אַ נייער קורס: „אַנטיידישן" יידישע שטעט, פּאָלאָניזירן זיי...

עס ווערן איצט געשאַפן נייע „געטאָס" נאָר ניט פאַר יידן, נייערט פאַר פּאָליאַקן. אַ ביישפּיל:

בעלעם איז אַ יידישע שטאָט — מיט די אוקראַינער די גרעסטע מערהייט. עס איז ניט גוט, אַז אַן ערב-קרעסן-שטאָט זאָל ניט זיין דורכוים פּויליש. דאַרף מען באַזעצן פּאָליאַקן. כדי צו באַזעצן מוז מען שאַפן באַשעפטיקונג און די איינציקע באַשעפטיקונג, וואָס מען קאָן געבן פּאָליאַקן איז — אמטן.

האָט מען זיך מישב געווען און איבערגעפלאַנצט אַ פּוילישן שטאַם אין אַ יידישן וואַלד.

מען טראָגט איבער די ראָדעמער באַן-דירעקציע קיין בעלעם. פאַרשטייט זיך, מען איז דאָ אויסן די קנאַפּע צוויי טויזנט משפּחות פון די באַאַמטע, וועלכע וועלן צונויפשטעלן אַ היפּשע ווילער-אודיטאָריע אין צייט פון וואַלן און זיי וועלן שוין איבערוועגן דאָס גלייכגעוויכט אַלס די מערהייט פון דער באַפעלקערונג...

אין אַן אַנדערן פאַל, וואָלט פאַר אַזאַ שטאָט ווי בעלעם — דאָס אַריבערברענגען עטלעכע טויזנט נפשות פּרנסהדיקע לייט געווען אַ ברכה. ווערן אָבער געשאַפן נייע געטאָס. פאַרשטייט זיך, ניט קיין ענגע, אָפּגעריסענע געסלעך, פאַרשטעלט פון זון און ליכט. די נייע געטאָס פאַר די פּאָליאַקן ווערן געבויט מחוץ דער שטאָט, ביי די וואַלד-ברעגן, ביי די טייכלעך. אין מיטן, פרייען, אָפענעם פעלד ווערט אַ שטאָט אויפגעבויט, אַ מאָדערנער געטאָ מיט ברייטע, ליפטיקע אַלייען, בלומען־בייטן, פאָנטאַנען. די הייזער אַליין — דאָס מאָדערנסטע פון דער בוי־טעכניק, מיט באַקוועמלעכקייט „אַ לאַ אַמעריקע", מיט גרויסע פענצטער, מיט קינאָ- און טעאַטער-זאַלן — מיט ביבליאָטעקן און לייען־צימערן, מיט שווים-באַסיינען און — קראָמען.

עס איז שוין פון פריער אַזוי אויסגערעכנט, אַז די אַלטע שטאָט, דאָס יידישע בעלעם, זאָל פון די נייע געסט גאָרניט געניסן. דאָס נייע „געטאָ"

וועט פון דאָרט ניט אַרויסקריכן, סיידן... די וואַלן. דעמאָלט וועלן זיי זיין שותפים צו דער שטאָט און וועלן, פאַרשטייט זיך, געוויילט ווערן אויך. טייל־וויַיז איז דאָס נייע „געטאָ" שוין באַוואוינט. די רויטע ציגל־הייזער אין אַלט־פּוילישן סטיל, די פּראָנט־געביידעס מיט די ברייטע פענצטער, די ליכטיקע אַלייען, די נייע דעבער שאַפן אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער אויסערלעך־אויפגעשטעלטער שטאָט כעלעם.

---

# אויפן וועג קיין קוזמיר

פון כעלעם ביז צו דער פעסטונג דעמבלין, ציען זיך ווי אַ קייט אַ רייע שטעטלעך, וואָס ליגן ביים שטויביקן שאָסיי און ליימיקן שליאַך: קוראָוו און קאָנסקע־וואָליע, מאַקעוו און יאַנאָווע — און ווער קאָן זיי דען געדענקען — און ווער קאָן זיי גאָר אויסרעכענען...
דער אויטאָבוס האָט אַביסל אויפגעטרייסלט די שטעטלעך. עס שטייען יידן אין די מעליקע כאַלאַטלעך ביי די קרעמלעך. מען שטייט אַזוי טעג און וואָכן און זעלטן ווייזט זיך אַ קונה. דער פויער האָט ניט נאָך וואָס, צו וואָס און מיט וואָס צו פאָרן אין שטעטל אַריין. אַז קויפן וועט ער סיי ווי גאָרניט. אַז קיין איין גראָשן פאַרמאָגט ער ניט. דער עול פרעסט אים אויף. פאַר פופציק גראָשן פאַרקויפט ער אַ פערטל קאַרטאָפל, און פאַר זעכציק גראָשן — אַ מאַנדל אייער און אויך אויף דעם האָט ער קיין בעלנים ניט. דאָס שטעטל קאָן קיין אייער ניט עסן און פון די פאַרדינסטן פון עטלעכע גבירים קאָן מען זיך קיין פאַר שטיוול ניט קויפן.
ליגט אויף די פּנימער פון די קרעמער אַן אומאויפהערלעכער צער. די אַרבעטער דרייען זיך אַרום האָפענונגסלאָז און פאַרביטערט.
מען וואַרט אָפּ דעם אויטאָבוס, וואָס פאָרט מיט פּאַסאַזשירן הין און צוריק פון וואַרשע. צו וואָס וואַרט מען אָפּ דעם אויטאָ? וואָס איז דען דאָ עפּעס אַנדערש צו טון? אפשר וועט מען זען אַ פריש פּנים. דער אויטאָ־בוס־פאַרקער איז אַ שטאַרק־פאַרשפּרייטע אונטערנעמונג אין פּוילישן שטעטל. די אייגנטימער זענען יידן און די שאָפערם — גויים. קיין גליקן מאַכט מען ניט. עולם — פאָרט ניט. עס איז ניטאָ צו וואָס, און שטייערן רייסט מען און יידן זיפצן.

•

אַט איז פּילעוו. דער אויטאָבוס ברענגט אַריין אין מיטן שטעטל, אַ גע־לויף פון אַלט און יונג. מען וויל זעען, ווער עס איז געקומען, וואָס וויל מען זעען? די זעלבע מעשה, פאַרוואָס ניט זעען? און אַז עס קומט אַ נייע געשטאַלט, שטרעקט מען אויס ניט־זיכער, ניט־דרייסט און אפילו אָן צוטרוי די האַנט: „שלום עליכם!"

מען האָפט: אפשר אַ פאַרדינסטל, ביי וואָס ווייסט מען ניט, נאָר עס קאָן זיך דאָך מאַכן...

אין מלחמה־צייט איז פּילעוו אָפּגעברענט געוואָרן. נו, שטייט עס אַזוי אָפּ־געברענטערהייט. ווער האָט געלט אויפצובויען? בודעס, כאַטעס, פון ברעטער אויפגעשלאָגענע ביידלעך. אַ יוגנט איז אויסגעוואַקסן, אַ פּרעכ־טיקע יוגנט. אַלע אַרבעטער — שוסטער. אַ שוסטער־שטעטל, מען האָט אַמאָל עקספּאָרטירט. איצט, לייגט מען די הענט פאַרשעמט אין די קעשענעס אַריין. שוסטער־הענט זענען ווייס אָפּגעוואַשן פון סמאָלע.

•

און אָט איז קוזמיר. דאָס באַזונגענע, ראָמאַנטיש־אויספּאַנטאַזירטע קוזמיר. קוזמיר פון סעגאַלאָוויטשס לידער און פּאָעמען. קוזמיר, וואָס האָט תמיד געצונדן מיין אייגענע פאַנטאַזיע. קוזמיר מיט די שלאָס־רואינען און אסתרקעס פּרוכתן. די בערג און די ווייסל, די אַלטע ראָמאַנטיק און — די מאָדערנע פּענסיאָנען. קוזמיר!

כ'האָט עמעצער אַ לין, אָדער אַ קליינשטעטלדיקער פאַנטאַזיאָר אַ זאָג גע־טון „די פּוילישע שווייץ", און דאָס איינרעדעניש איז געבליבן. קיין קוז־מיר ציט מען פון וואַרשע. קוזמיר איז איצטער איבערגעבויט און פאַר־שענערט. די ציגן האָט מען אַראָפּגעיאָגט פון די בערג און אין די טאָלן האָט מען אויפגעבויט האָטעלן. דער מאַרק און די צוויי פּלומפּן שטייען נאָך, דאָס אַלטע ראָט־הויז מיט די אָרנאַמענט־שטוקאַטורן ציט נאָך צו דאָס אויג. די פעדער זענען נאָך פול און באַלאָדן, נאָר — דער דחקות איז גרעסער, דער הונגער פיינלעכער און די אויסזיכט צוועקלאָזער.

דרייען זיך אַרום מיידלעך, פאַרחלומטע, מיט די חלומות פון אסתרקען אָדער „רייזעלע, דעם שוחטס". מען האָט זיך אויפגעהערט קוויקן מיט דער שיינקייט פון דאָ אַרום, און מען טראַכט פון אַ „דאַרט". מען חלומט מיט אָפענע אויגן און די לבנה שטראַלט מיט זילבער אויף די בערג און באַגיסט די בלאַסקייט אויף די מיידלישע פּנימער, וועלכע בענקען צום אומ־באַקאַנטן „דאַרט".

# די קרעסן

פוילן איז אַ מדינת-רוב. מען קאָן ערשט אָפּשאַצן די ברייט און גרויס פון לאַנד, ווען מען שפּאַנט דורך ניט נאָר דאָס אייגנטלעכע, אַזוי-גערופענע קאָנגרעס-פּוילן, נאָר אויך די געוועזענע עסטרייכישע און דייטשע געביטן: גאַליציע — דאָס איצט-גערופענע „קליין-פּוילן", אויבערשלעזיע, פּויזן, דאַנציק און — די קרעסן.

די קרעסן, די ראַנד-געביטן צו די ראַטן-פאַרבאַנדישע גרענעצן, שטעלן מיט זיך פאָר אַ גאַנצן, קאָמפּליצירטן סיסטעם פון אויפמערקזאַמער פאַרוואַלטונג.

גראָד מיט די מערב-געגנטן האָט די מלוכה קיין צרות ניט. די „ציוויליזירטע" דייטשן פון פּויזנער קאַנט, פון קאַטאָוויץ, האָבן שטיל און געהאָרכזאַם אויפגענומען דעם נייעם, פרעמדן רעזשים, דאָס פרעמדע לשון, די קולטור און פאַסן זיך לייכט אַריין אין דעם פּוילישן לעבנסשטייגער, אַסימילירן זייערע קינדער און זענען בכלל געהאָרכזאַמע בירגער.

די פּרימיטיווע, כמעט אומוויסנדיקע מזרח-מענטשן, די ליטווינער, אוקראַינער, ווייס-רוסן, גראָד פון זיי האָט מען אויסצושטיין. „זיי לאָזן זיך ניט שפּייען אין די קאַשע". פאַר זיי שיקט מען שטראָף-עקספּעדיציעס. זייערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען ווערן מיט דער גרעסטער האַרבקייט דערשטיקט און דאָך ווערט עס ניט איינגעלאָשן.

אין די געוועזענע דייטשע אָדער עסטרייכישע געביטן פּילט מען נאָך אויף זיך אַ שטיק פון דער מערב-אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. דער פּאָליציי-מאַן אין גאַס, וועט ליבלעך ענטפערן און גרייט זיין אייך צו דינען. די באַנעמונג מצד דער מאַכט צו דער באַפעלקערונג איז כמעט אַן אייראָפּעאישע. די אויסטייטשונג פון די געזעצן — אַ מילדע. מען דאַרף ניט נאָך יעדע קלייניקייט האָבן די אויטאָריטעטישע הסכמה. טעאַטער-פאָרשטעלונגען און פאַרלעזונגען ווערן אָן ספּעציעלער שטערונג איינגעאָרדנט. דאַקעגן אין די מזרח-געביטן, אָנהויבנדיק אין קאָוועל, און ענדיקנדיק העט ווייט, אַריבער פּינסק ביז די סאָוויעטישע גרענעצן, איז דער גאַנצער רעזשים אַ האַרטער, אַ שטרענגער, אַ ביטערער, עס דערמאָנט אין מלחמה-צייט... עס שמעקט מיט אָקופּאַציע, קריגס-צושטאַנד.

יעדער קער ווערט קאָנטראָלירט. יעדעס וואָרט אויפגעכאַפּט. יעדער גאַנג נאָכגעשפּירט. עס איז שווער צו אָטעמען אויף די קרעסן.

און די צענטראַל-מאַכט באַמיט זיך צו פּאַראַליזירן די באַפעלקערונג, זי טראַנספּאָרטירט פּוילישע פּויערים, באַאַמטע און מיליטער אין די ווייס-רוסישע און אוקראַינישע דערפער אַריין.

אויף די קרעסן ברענט אַ קאַמף-פייער, טליען נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס-פונקען און קאָנען ניט פאַרלאָשן ווערן...

קאָוועל

שטאָט איין, שטאָט אויס, שטעטל און דאָרף — איין גרויסע דערשלאָגנ-קייט. פון איין זייט נויט, פון דער אַנדערער — פּחד. אָט איז קאָוועל, די לאַנגע וואַרשעווער גאַס איז אויסגעצויגן און צעוואָרפן. קראָם און קרעמל, אַ שטאָט, וואָס איז אָנגעוויזן אויפן קרעמל, און קוקט זיך די אויגן אויס אויפן פויער. דער פויער קומט ניט. העננען די שטיוול אויפן קראָם-טיר און וויגן זיך אויפן ווינט. די יוגנט שפּאַצירט אַרום חברותהדיק. איינציק-ווייז, זעען זיי אויס ווי די „פּריזיוניקעס" אין די קורצע, וואַרעמע און צום מייסטן געלאַטעטע רעקלעך און מיט איבער די אויערן אַראָפּגערוקטע היט-לעך. מען גענעצט און מען זוכט אויסוועגן אין זשאַבאָטינסקיס „קאַדערן". די מער-ראַדיקאַלע ווערן גערודפט. זעלטן קומט זייערס אַ גאַסט. און אויב ער קומט, קאָן מען סייווי גאָרניט געניסן, מען גיט ניט קיין דער-לויבעניש אפילו אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט. די שטאָט איז אונטער דער שטרענגסטער קאָנטראָל פון פּאָליציי און וואו דו גייסט און קערסט זיך, זעען שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן. איינער געטרויט ניט דעם צווייטנס בליקן, און דאָס וואָרט ווערט פאַרפרעסט אויף די ליפּן איידער עס רייסט זיך אַראָפּ.

בריסק

אַ שטאָט, וואָס האָט געשמט און געלויכטן אין פאַרשידענע תקופות און פּאַזן. פאַר יעדן דור און יעדן קלאַס. די מלחמה האָט דאָס אַלטע, רומפולע בריסק אָפּגעווישט ניט נאָר בלויז פון די מויערן נאָר פון דעם כאַראַקטער. איצט איז בריסק אַנדערש, אייראָפּעאישער און גלייך־געפּלאַנטער. דער אַלטער יחוס פון דער באַרימטער פעסטונג האָט אָנגעוואוירן זיין באַדיי־טונג. די „פעסטונג" האָט אַן אַנדערן רום; זינט די אָפּאָזיציאָנעלע דעפּו־טאַטן זענען דאָ איינגעשפּאַרט געוואָרן, איז בריסק אַ שם דבר פון ברוטאַ-ליטעט. אויב ערגעץ אין אַ שטאָט געפינט זיך אַ שלעכטער באַאַמטער, זאָגט מען, אַז ער שטאַמט פון בריסק... בריסק איז דאָס שרעק-וואָרט אין פּוילן.

•

בריסק האָט אַרום פופציק טויזנט איינוואוינער און די אָרעמקייט דאָ דע־מאָנסטרירט זיך אויך אָן אמת־גרויסשטאָטישן אופן.

איך פרעג איינעם:

„פון וואָס לעבט בריסק?“

ער ענטפערט:

„פון גאָרניט, קיין אינדוסטריע איז ניטאָ, זי איז ניט געווען און וועט ניט זיין.“

די פעסטונג, דער באַן־קנופּ, די פאַרבינדונג מיטן גרויסן רוסלאַנד האָבן געגעבן בריסק פּרנסה.

דאָ האָט זיך באַגעגנט פּוילן מיט רוסלאַנד, דאָ זענען געקניפּט געוואָרן האַנדלס־באַציאונגען און די שטאָט האָט געשעפּט הונה מיט דער פולער האַנט.

נאָר דאָס איז אַ מעשהלע פון אַמאָל, וועגן דעם דערציילט מען קינדער, איצט, אַלנפאַלס ביז גאָר דער לעצטער צייט, האָט מען געלעבט פון... אַמעריקע! אַמעריקאַנער לאַנדסלייט, משפּחה צו משפּחה, פרעמדע צו פרעמדע האָבן געשיקט, האָבן געשטיצט, האָבן געצוואונגען דעם „דזשאָינט“ צו שטיצן און מען איז אַ צייט לאַנג געווען ווי קעסט־קינדער. נאָר דאָס האָט זיך אויך אויסגעלאָזט. זיפּצט בריסק, הונגערט און זעט ניט קיין אויסוועג.

•

צוזאַמען מיט דער פעסטונג איז אויך די שטאָט חרוב געוואָרן. דער אַמע־ריקאַנער „דזשאָינט“ האָט אויפגעבויט אַ גאַנצע רייע „קאָלאָניעס“, צו איינציקע צימערן און צו צימערן מיט קיכן פאַר דער אָרעמער, אַרבעטנדי־קער, יידישער באַפעלקערונג.

ווי אַלץ וואָס ווערט געבויט דורך פילאַנטראָפּיע, צייכענען זיך די קאָ־לאָניעס אויך אויס מיט דער גוואַלדיקער אומגעלומפּערטקייט.

קודם דער אויסערלעכער איינזעען: צוויי רייען הילצערנע הייזער, וואָס מאַכן דעם איינדרוק פון באַראַקן, שלעכט געבויט, מיט ביליקן מאַטעריאַל — נאָך דערצו אביוניסנדיק — ווייט פון שטאָט.

די מערסטע איינוואוינער זענען בעל מלאכות. ס'רוב — שוסטער לאַטוט־ניקעס. ווער־זשע פון שטאָט וועט גיין אַהין אַזוי ווייט צו געבן זיך די שיך צו פאַרריכטן? זאָל מען דינגען ספּעציעלע וואַרשטאַט־צימערן אין שטאָט, וועט עס דען קלעקן? וואָס פאַרדינט מען בכלל פאַר אַ פּאָר שיך פאַרריכטן, אויב מען האָט שוין וואָס צו פאַרריכטן?

איך באַזוך אַ „קאָלאָניע“ אַזאַ, אויפן נאָמען פון מיליאָנער פעליקס וואַר־

בורג. אַ גרויסע שילד מיט — פּױלישן אױפשריפט, דערציילט דעם יחוס פון דער קאָלאָניע. איך גיי אַריין, פרעג זיך:

„וואָס פאַר אַ באַקוועמלעכקייטן האָט איר אין די „אַמעריקאַנער" הייזער?"

קוקט מען מיך אָן:

„וואָס הייסט באַקוועמלעכקייטן?"

ענטפער איך:

„יאָ באַקוועמלעכקייטן, אַ קינדערגאָרטן, אַ געזעלשאַפטלעכער זאַל..."

ענטפערט מען מיר:

„יאָ, אַ קינדער־גאָרטן, גיט אַ קוק..."

איך קוק זיך אום און זע: די קינדער פון די שכנים, כמעט באָרוועס, נאַ־קעט, וואַלגערן זיך אין די רינשטאָקן, וואָס פליסן מיט בלאָטיק וואַסער פון ביידע זייטן.

„אַ זאַל? נו, יאָ. אַ שול צו דאַוונען, דאָס איז אַלץ. — וואָלט מען כאָטש צופרידן געלאָזט, ניט געריסן אַזוי דאָס דירה־געלט."

„דירה־געלט?"

„זיבעצן צאָלן מיר דירה-געלט און נאָך באַדייטיקע סומעס דערצו. ניט ווייניקער ווי אין פריוואַטע הייזער. און דער הויז-קאָמיטעט (באַשטימט פון „דזשאָינט") האָט שוין עטלעכע פאַמיליעס אַרויסגעוואָרפן פאַר ניט צאָלן."

און די שכנים פאַרענדיקן:

„מסתמא פאַרן געלט פון אונדזערע אייגענע האָט מען די „בודעס" געבויט און איצט רייסט מען גרויס דירה־געלט און מען וואַרפט נאָך אַרויס אויך."

•

בריסק האָט זיך שטאַרק איבערצונעמען מיט איר יוגנט. זעלטן צו טרעפן נאָך אין אַ שטאָט אַזאַ רייפע, באַוואוסטזיניקע יוגנט. דאָס יידישע בוך איז זיי נאָענט און די וועלט־ליטעראַטור באַקאַנט. זייער געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענאַרבעט, דאָס אידעאישע שטרעבן צו אַ בעסערע, צו אַ גערעכ-טערער אָרדענונג פליסט אַרויס פון טיפסטן באַוואוסטזיין. בשעת עס האָבן מיך אָפּגעוואַרט ביי דער באַן העכער הונדערט יוגנטלעכע אַרבעטער און מיט באַגייסטערונג געשטעקט „שלום עליכם" און מיט שמחה מיך געפירט אין זייער לאָקאַל, וואָס איז אין קעגנזאַץ צו זייערע וואוינונגען, גרויס, ליכטיק און ריין — און מיט וואָס פאַר אַ התמדה מען האָט געעפנט די ביבליאָטעק-שענק און ס'האָבן פון דאָרטן אַרויסגעלויכטן די פשוטע, לייי־וענטענע רוקנס פון די ביכער, האָט זיך מיר דערמאָנט אין די פייערלעכע מאָמענטן, ווען אינדזערע עלטער־זיידעס האָבן געעפנט דעם ארון קודש

און זיך באַוויזן מיט די אין סאַמעט באַמאַנטלטע און גאָלד באַהאַפטענע ספרי תורות...

און איך האָב זיך מיט זייער באַגייסטערונג אָנגענומען, בעת מען האָט מיך געפירט אין דער יידישער וועלטלעכער שול. די איינציקע אין שטאָט, די בעסטע אין שטאָט און שטייט טאַקע ווי אַ ביין אין האַלדז דער רעאַק־ציע. איצט ווערט די שול פאַרמאַכט. דער תירוץ:

„מען לערנט ניט אין דער יידישער וועלטלעכער שול קיין יידישע רעליגיע!"

•

די בריסקער פעסטונג, וואָס איז אַמאָל געווען אַ שויץ־וואָל צווישן מזרח און מערב, וואָס האָט אָפּגעטיילט רוסלאַנד פון אייראָפּע, איז איצט אַ פּלאַץ פאַר טוריסטן און אַ — תפיסה.

ס'איז ניט שווער צו באַקומען פון דער קאָמענדאַנטור אַ דערלויבעניש. עס אינטערעסירט דער זאָל וואו די ערשטע שלום־פאַרהאַנדלונגען זענען פאָרגעקומען. בעת מען קומט אַריין אין דעם פּאַווילִיאָן, ניט־ווילנדיק הויבן די בליקן אָן צו בלאָנדזשען און זוכן טראָצקיס באַרימטן אויפשריפט: „ניט קיין מלחמה און ניט קיין שלום!" איך זוך די אויפשריפט און ווער געוואָר שפּעטער, אַז די אויפשריפט, וואָס איז יאָרן אָפּגעהיט גע־וואָרן און האָט זיך געפונען אונטער אַ גלאָז — איז פאַרריבן געוואָרן. דורך וועמען און פאַר וואָס?

עס איז לייכט אַליין זיך צו מערקן. איך קוק אויף דעם אָפּגעריבענעם פּלאַץ און הגם עס איז פאַרשמירט, דוכט זיך, אַז די אותיות אונטער דעם קאַלעך און אונטער די פאַרב, לייכטן אַרויס, גליען קאַפּויער.

פּ י נ ס ק

דעם גאַנצן וועג, וואָס איך בין געפאָרן פון בריסק ביז פּינסק, און ווען איך האָב זיך אפילו אָפּגעשטעלט אין עטלעכע קליינע שטעטלעך, ווי למשל יאַנעווע, וואָס איז איינע פון די וויכטיקסטע יידישע אָאַזיסן אינעם „וויַיטן" מזרח, און ווי די יידישע אַרבעטער אַרבעטן צען שווערע שעהן אַ טאָג אין די זעג־מילן פאַר — איין זלאָטע מיט פופציק גראָשן אַ טאָג און מען איז צופרידן, אַז ס'איז דאָ אַרבעט און ביי די באַדינגונגען האָט מען אַן אייגענע, גרויסע ביבליאָטעק, קלוב-לאָקאַלן און פאַריינס־צימערן, האָב איך אַלץ געטראַכט וועגן „די וואַנט".

יאָ, וועגן יענער וואַנט, ביי וועלכער עטלעכע צענדליגג יידישע יונגעלייט

זענען דורך זעלנער אראָפּגענומען געוואָרן פון אַ פאַרזאַמלונג און דערשאָסן געוואָרן ...

פאַר מיר איז נאָך דער איינדרוק פריש, כאָטש שוין באַלד אנדערטהאַלבן צענדלינג יאָר זענען שוין אויסגערונען געוואָרן, און ווען איך האָב נאָך מיינע ערשטע פינף מינוט זיין אין פינסק אויסגעדרוקט מיין וואונטש צו זעען די וואַנט, האָט מען מיך מיט גרוים הידוש אָנגעקוקט.

•

אין פינסק איז נאָך די לאַגע ערגער ווי אין בריסק. עס איז ווייטער, פאַר־וואָרפענער פון צענטער, נאָענטער צו דער גרענעץ, איז די מאַכט שטרענ־גער, אכזריותדיקער. פון פרנסה איז אָפּגערעדט, אָבער גייסטיק לאָזט מען אויך ניט אויסלעבן זיך, מען לאָזט ניט אָטעמען!

אַ שול, אַ יידיש-וועלטלעכע, וואָס מאַטערט זיך מיט איר פינאַנציעלער עקסיסטענץ און ווערט געטרודעט. אַ יוגנט וואַקסט, אַ פיזיש־געזונטע און גייסטיק־שטאַרקע. ס'איז אַ יידישע שטאָט דורך און דורך. ניטאָ דער מינדסטער סימן פון אַסימילאַציע, אפילו ניט אין די בירגערלעכע קרייזן. יידיש איז נאַטירלעך, דאָס וואָרט — קרעפטיק און באַטאָנט (ניט ווי אין פוילן ווייך און צעקוועטשט) הארט און מעלאָדיש קלינגט פון די ליפּן איבער די גאַסן. יינגלעך מיט גימנאַזיע-אָפּצייכנס אויף די היטלעך, מייד־לעך אין שול־קאָסטיומען רעדן פריי און נ אַ ט י ר ל ע ך יידיש אַלס ז י י ע ר ־ זעלבסטפאַרשטענדלעכע שפּראַך.

די מאַכט קאָן אַ פּראָגרעסיווע, יידישע שול פאַרמאַכן, נאָר ס'איז אומ-מעגלעך די מיילער צו פאַרמאַכן.

•

ענדלעך באַזוך איך די „וואַנט". מאָדנע: פונקט אַזוי האָב איך זיך פאָר־געשטעלט. אַ נידעריקע, ווייסע וואַנט, וואָס גרייכט קוים ביז צו אַ קאָפּ פון אַ מענטשן. און איבער דער וואַנט הויבט זיך אַ ווייטער קלויסטער מיט אַ פירעקיקן טורעם. אַ קרייץ, אַ געקרייציקטער מיטן אויסדרוק פון אַ געפייניקטן פנים. אַזוי איז „ער" געהאָנגען, בעת עטלעכע סאָלדאַטן האָבן אויסגעלאָשן אַזויפיל בליענדיקע לעבנס ...

אין דער „וואַנט" זענען נאָך פאַראַן לעכעלעך, ווי די קוילן וואָלטן זיך דורכגעזיפּט.

לענג־אויס וועבן זיך די בלוט־פלעקן, וואָס האָבן זיך איינגעגעסן אין דער וואַנט, און זיך ניט געלאָזט פאַרשמירן, כאָטש מען האָט זיי אָפּט גע-

שמירט. און די פרומע קאטאליקן האבן אפשר געטראכט: זענען דאס ניט די בלוט־טראפנס פון יעזוסעס וואונדן?...

---

## גדיניע

א הויפט־אריינגאנג צו א לאנד איז אזוי גוט ווי צו א פריוואטער שטוב, צו א האטעל. עס מוז אימפאנירן, געפעלן דעם פרעמדן, דעם גאסט. דער ערשטער בליק מוז זיך איינשניידן אין זכרון. עס מוז בלייבן דער איינדרוק. פוילן האט צוריק באקומען איר צוגאנג צום ים. איז דער גורל געפאלן, אז דאס קליינע, אומבאדייטיקע פישער־דערפל גדיניע — וואס ליגט צו־קאפנס צום אלטן, חושבדיקן און מיחוסדיקן דאנציק — זאל נעמען שפילן אזא באדייטיקע ראלע אין פוילנס האנדלס-אויפלעבונג און אין איי־ראפעאישן ים-טראנספארט.

גדיניע איז דער יונגסטער ים־פארט אין דער וועלט און האט אלע אויס־זיכטן צו ווערן איינער פון די באדייטיקסטע אין אייראפע, אויב מען מעסט עס לויט דער ארבעט, וואס ווערט דארט אריינגעלייגט.

אז מען פארט אריין פון דאנציקער פארט קיין גדיניע, דוכט זיך ווי מען וואלטן פון א בית עולם אריינגעפאלן אין א שטאט, וואס קאכט ווי א קעסל.

אין דאנציק שטייט דער פארט פארפרוירן. די מאסטן פון די פראכט־שיפן שפארן ווי פארגליווערטע פינגער אין הימל אריין. די קוימענס שטייען אויסגעלאשענע און די פארט-ארבעטער זיצן ביי די וואסער־ברע־געס, כאפן פיש און שפייען פאר לאנגווייליקייט...

און אין גדיניע ברויזט מיט ארבעט און לאדונג. די קעסלען זענען געהייצט. די טראנסמיסיע-פאסן ציטערן אין געלויף. די הויב־מאשינעס טראגן איבער זעקלעך צוקער און פעק מיט סחורה פון שפייכלערס אויף דער שיף ארויף און פון שיף אין וואגאן אריין. דער פארט בויט זיך!

עס זענען אויפגעשטעלט מאדערנע, עלעגאנטע „דאקס", און אינעווייניק — איז אלץ מאדערן איינגעריכטעט. „פרידזשעררייען", און קיל־סיסטעמען.

איך שפאציר פון דאק צו דאק. עס פארכאפט דאס אויג. דער מהלך פון די פארט־שפייכלערס מאכט מיר מיינע פיס. איך האב שוין געזעען פארט־שטעט און לאגערן אין דער וועלט. גדיניע, דאס יונגע גדיניע, שטייגט שוין איבער א סך פון די, וואס איך האב געזעען.

נאָר ניט דער פּאָרט גדיניע אַליין בויט זיך, נאָר די פּאָרט-שטאָט גדיניע. איך זע פאַר זיך די ערשטע, מאָדערנע, יונג-אַמעריקאַנישע שטאָט אויף פּוילנס ערד. עס גיט אַזאַ שיין אַריין אין די אויגן אַזויפיל זון און לעבן, אימפּעט און ריטם, בעת מען באַטרעט די שוועל פון דער שטאָט גדיניע.

עס האָבן געפּלאַנט די שטאָט-אַרכיטעקטאָרן, קינסטלער, מענטשן מיט הויכן געשמאַק, זיי האָבן געהאַט צו לייזן אַ פּראָבלעם: אַריינפירן דאָס נייע, דאָס מאָדערנע, דאָס איינפאַכע אין דעם אורשפּרינגלעכן סטיל פון אַלטן פּוילן.

גדיניע, די ערשטע און איינציקע פּוילנס ים-שטאָט, מוז האָבן אין זיך די קאָנצעפּציע פון... וואַוועל און וואָלקן-קראַצער.

און ביז איצט איז עס געלונגען. דער וואָקזאַל איז אַ פּרעכטיק צירונגס-שטיק פאַר דער יונגער גדיניע און אַ פּאַראַד-טויער צו מדינת פּוילן.

אויסערלעך מאָדערניזירט און אינעווייניק סטיליזירט לויט דעם אַלט-פּוי-לישן סטיל. דער וואָקזאַל אַליין איז אַן אַלט מעשהלע אין אַ ניימאָדישער ראַם. עס איז פאַר מיר געווען אָנגענעם צו שפּאַצירן איבער די גאַסן און בולוואַרן פון גדיניע. דער ברוק אַספאַלטירט און גלאַנציק געשפּיגלט. די טראָטואַרן געפּאַסט אין סימעטריש-קליינע שטיינדעלעך. די טעראַסעס, באַגרינט און מיט בלומען-בעטן באַצירט. אומעטום שמייכלען ווייסע מויערן און רויטע דעכער, גרינע פענצטער-ראַמען און קרישטאָל-בלאַנקנדיקע שויבן. ניט ווילנדיק טראָגט זיך אַוועק מיין געדאַנק איבער די אויסגע-זעצטע, צעגראָבענע ברוקן מיט די שפּיציקע שטיינער פון די וואַרשעווער און לאָדזשער צוויי-ראַנגיקע גאַסן.

איך טראַכט, ווי ווייט עס קאָן גרייכן ווילן — גוטער ווילן, און ווי גוט עס איז צו לעבן אין אַ שטאָט פון אויפקום און אויפוואוקס.

און גדיניע וואַקסט, די ציפער פון די איינוואוינער, פאַרגרעסערט זיך. מען געדענקט נאָך די נישטיקע צאָל פון די ערשטע גדיניער בירגער — די פישער-לייט. איצט האָט מען די פישער ווי אַן אור-שבט, וואָס מען וויל ניט לאָזן אונטערגיין, צונויפגעזאַמלט, אַרויסגענומען פון די אַלטע, איינגעפאַלענע און פּרימיטיווע כאַטעס אין איין גרויס הויז אַריין. אין איין מאָדערנעם בלאָק-בנין. אַ קאָלאָניע מיט די טירן צו דער וועלט און מיט די פענצטער צום אָפענעם ים.

•

ניט איין גרויסע שטאָט איז אויפגעקומען ביים ראַנד פון אַ פישער-דערפל. ניט איין וואָלקן-קראַצער איז אַרויסגעוואַקסן אויפן אָרט, אָדער ביי דער זייט פון עפּעס אַ כאַטקע. ניט איין ריזיקער פאַבריקס-קוימען

האָט זיך קאַפּויער געהויבן, דורכגעריסן ווי פון אַ קוזשניע־דאַך אַרויס. גדיניע מאַכט דאָס זעלבע דורך.

•

גדיניע מיט אירע שוין איצט פּופּציק טויזנט איינוואוינער, מאַכט דעם איינדרוק ווי אַ מאָדערנער דור הפלגה אין קלענערן מאסשטאַב. עס איז די נייסטע שטאָט פון אַלטן פּוילן. פון ווייטע ווייטן קומט מען, מען אינוועסטירט פּאַרמעגנס און מען בויט. עס בויען אייגענע און פרעמדע. מען בויט הייזער און פאַבריקן. מען בויט קראָמען און האָטעלן. עס בויט פּריוואַט־קאַפּיטאַל און עס בויט די מלוכה. און איבער יעדע בויאונג וואַכט דאָס אויג פון קינסטלער. דער פּאַראַד־אַריינגאַנג צו מדינת פּוילן, מוז זיין עסטעטיש. איז טאַקע יעדעס הויז אַ קונסט־ווערק. די פּאָסט־געביידע וואָלט געמעגט איינשטיין אין די שענסטע הויפּט-שטעט אויף דער וועלט. עס זעט גיכער אויס ווי אַ פּאַוויליאָן אויף אַ וועלט־אויסשטעלונג. אויסערלעך און אינערלעך געצירט דורך איינפאַכקייט.
גלאַנציק־ווייסער מעטאַל אין מאַט־גלאָז און מירמלשטיין האָבן געשאַפן אַ קאָמפּאָזיציע פון גרוי־זילבער.
און איבער די גדיניער גאַסן זינגט דער האַמער אַן אָנגענעם געזאַנג. אַ שטאָט, וואָס האַלט זיך אין בויען; אַ באַפעלקערונג, וואָס וואַקסט אויף אין אינדוסטריע, אַ פּראָדוקציע, וואָס שטייגט. דאָס איז אַ גרויס שטיק זון אין דער איצטיקער, אומעטיקער און טונקעלער צייט.

•

די אָרעמע קוואַרטאַלן פון די גרויסע שטעט, פון וואַרשע און לאָדזש, פון לובלין און קראָקע, פון ווילנע, ביאַליסטאָק און די קליינע, יידישע שטעטלעך גייען איבער פון שמוץ אין חשכות.
מגפה צינדט זיך אָן אין די שטייענדיקע, פאַרעיפּושטע זומפּן. נאָר... גדיניע בויט זיך!
דער פּאַראַדנער אַריינגאַנג צום החקות־לאַנד, די פּראָנט-טיר צו דער וואוינונג פון נויט און עלנט, בלענדט מיט לוקסוס... מיט נייער, אויפגע-וואַקסענער גבירישקייט.

# די פרייַשטאָט דאַנציק

## קונסט־גאַסן

אַ שטאָט — אַ מוזעאום.

ניט קיין סתם מוזעאום, נאָר אַ קונסט־מוזעאום. אָפט זענען די הייזער — קונסט-קאָלעקציעס. אין מיטן שטאָט אַן אַנטיק. עס איז אַזוי פריי און הפקר, כאָטש נעם עס מיט אַהיים.

די דאַנציקער זענען פאַרליבט אין זייערע קונסט-גאַסן. אַ קליינע האָלץ־פיגור הענגט אויף דער רויטער פעסטונג־וואַנט פון אַן אַלטער תפיסה, וואָס איז היינט גאָר אַ היליק־סטאַציע — שטעלט פאָר ווי אַ שופט פון די אַמאָליקע צייטן שמייסט מיט ריטערס אַ פאַרברעכער. פאַר דעם דאָזיקן האָלץ-בילדל האָט דער בריטישער מוזעאום אָנגעבאָטן אַ סומע פון אַ פערטל מיליאָן פונט! די דאַנציקער שטאָט האָט עס ניט געוואָלט פאַרקויפן, כאָטש פון דער סומע וואָלט מען געקאָנט אויפבויען אַ גאַנצע רייע הייזער אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן. פונדעסטוועגן שטייט זיך די דאָזיקע פערטל-מיליאָניקע סטאַטוע איינגעפאַסט אין דער מויער אין מיטן גאַס אָן אַ שומר. קיינער וועט עס ניט גנבענען.

גאַס און געסל — די אַלטע געמעלן שיינען אַראָפ מיט זייערע גאָלד־באַשלאָגן, אָרנאַמענטן און געזימסן. די שטיין-שניצעריי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. מי פון אַרבעט — פליים פון הענט זינגען אַרויס פון די שטיינער דאָס ליד פון הונדערטער, הונדערטער יאָרן שאַפונג.

יעדעס פאַפּיר־געלד אין אַ לאַנד ווערט געדעקט מיט אַ געוויסן פּראָצענט גאָלד, וואָס ליגט ערגעץ אין די שאַץ־קאַמערן אונטער שלעסער און ריגלען. דאָס געלט פון פריי-שטאָט דאַנציק ווערט ניט געדעקט מיט גאָלד, נאָר גאַראַנטירט מיט קונסט־ווערטן.

די קונסט־אַנטיקן פון די מוזעאומס און נאָך מער פון דער גאַס איז די פאַרזיכערונג.

•

מלאכה, האַנטווערקערטום! דאָס איז געווען דער שטאָלץ פון אַלטן דאַנציק, דער זכר פון דעם שטאָלץ ליגט ווי אויפגעוויקלטע בלעטלעך אין פאַרשידענע פאָרעמס. פון די באַלקאָנען אַראָפ וויגן זיך אייזערנע שילדן מיט עמבלעמען פון אַרבעט. דאָס צעכנטום — דער בירגערלעכער בעל מלאכה האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס בירגערלעכע צעכנטום איז געוואָרן דער שטיץ־זייל פון דער

היטלעריסטישער באַוועגונג. דער צעך-מאַן האָט תמיד ביי פייערלעכקייטן, ביי פּראָצעסיעס מיטגענומען זיין צעך-פאָן. די פאָן, וואָס האָט זיך געקרוינט מיטן אָפּצייכן פון אַרבעט — אַ זעג אָדער אַ האַמער, אַ בייגל אָדער אַ שוך — איז מיטגעטראָגן געוואָרן אינאיינעם מיט די קירכן־בילדער און באַלדאַכינס. איצט איז זיין רעליגיעזע מאַניפעסטאַציע: די האַקן-קרייץ-פאָן. דער צעך־מייסטער, דער בעקער און דער שוסטער זענען די זיילן פון דער נייער רעליגיע.

פ ע נ ע ר

אַריינפאָרנדיק אויף דער טעריטאָריע פון פריי-שטאָט אין טשעוו, גריסט אייך אָקעגן אַ גרויסע, רויטע פאָן מיטן מיסטישן, שוואַרצן שפּין אויף אַ ווייסן גרונט — דער האַקנקרייץ. דאָס איז דער ערשטער אָנזאָג פון יענעם בלוטיקן פּלאָנטער אין היטלער-דייטשלאַנד.

און וואָס ווייטער דער צוג טראָגט זיך, אַלץ געדיכטער ווערן די האַקנקרייץ־פענער אויף דעכער און מויערן, אויף פויערישע כאַטעס און שייערן, אויף ברונעם־בויגנס און אויף ביימער. אַ שאָד נאָר, וואָס מען קאָן ניט באַנוצן די טעלעגראַף־סלופּעס און סטאַציע-בנינים, וואָס געהערן צו פּוילן.

די שטאָט דאַנציק אַליין איז ממש איינגעטונקען אין די האַקנקרייץ- און מאָ־נאַרכיסטיש-דייטשע, שוואַרץ־ווייס־רויטע פענער, וואָס זענען שוין געשטאַ-נען ערגעץ פאַרוויקלט אויף די בוידעמער. מען האָט זיי אויפגעוויקלט, אָפּ־געבאַרשט דעם שטויב און דעם טויבן-טנוף און אַרויסגעהאָנגען פאַר די פענצטער, פאַר די טירן און טויערן.

דער ענין פאָן און האַקנקרייץ איז זייער האַרב אין דאַנציק. אַ הויז אָן אַ פאָן, זעט אויס ווי פאַרשעמט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און קאָמוניסטן מאַכן אַלערליי פּרוּאוון, אַז אויך די פענצטער פון זייערע וואוינונגען זאָלן ניט פאַרשעמט בלייבן. זיי הענגען אַרויס זייערע פּאַרטיי-פענער, נאָר באַלד וואַקסן אויס גרופּעס נאַציס און באָמבאַרדירן מיט שטיינער די פענצ־טער. שויבן צעקלינגען זיך, עס ווערט אַ געשריי —און אַז דאָס העלפט ניט, ברענגען די נאַציס פייערלעשער־לייטערס און רייסן אַראָפּ די פענער...

איז איינע אַ פרוי פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט געפאַלן אויף אַן עצה: זי האָט געזען ווי די פייערלעשער־לייטער איז אויסגעשטרעקט צו איר פענצטער און אַ נאַצי קלעטערט מיט קעצישער געשיקטקייט, האָט זי שנעל געכאַפּט אַ ווייס האַנטעך און ציגעשפּילעט צו דער רויטער, סאָציאַליס־טישער פאָן און ס'האָט זיך באַקומען אַ פּוילישע, נאַציאָנאַלע פאָן. דער

נאַצי איז געבליבן שטיין אין מיטן קריכן. די באַליידיקטע אויסגעשרייען האָבן אויפגעהערט. די פּוילישע פאָן מוז מען רעספּעקטירן, עס שמעקט מיט קאָנסעקווענצן.

און ווען אַ נאַצי האָט אַרויפגעמוסרט:

„ווי וואַגסטו, דייטשע פרוי, אַרויסצוהענגען ביי דיין פענצטער אַ פּוילישע פאָן!"

האָט די פרוי אַראָפּגעענטפערט:

„אויב איר ווילט ניט האָבן אין דאַנציק די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וועט איר האָבן די פּאָליאַקן."

•

וויבאַלד אַ הויז אָן אַ פאָן זעט אויס פאַרשעמט, און בכלל, אַז עס איז אַ גוטע סגולה צו פּרנסה אויך, האָט צומערשט אין דאַנציק אַרויסגעהאָנגען די האַקנקרייץ-פאָן אַ גרויס סחורה-הויז.

דאָס איז געווען אַ ביישפּיל און דאָס פאָלק האָט נאָכגעטון. די האַקנקרייץ-פענער, און די ברוינע העמדלעך, די פּאַסקעס, די היטלעך און אַלע אַנדערע נאַצישע מונדירן קויפט מען אין דער דאָזיקער פירמע, און די זעלביקע פירמע קויפט ביי לאָדזשער יידישע פאַבריקאַנטן די שטאָפן. עס קאָסט אין לאָדזש ביי די יידן ביליקער, ווי אין מוטערלאַנד, און די פירמע נעמט פאַר אַ פּאָר נאַצישע הויזן אָדער אַ העמד דריי מאָל אַזוי פיל... עס איז ווערט, עס איז נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטיש...

וואָס-זשע טוען די יידן, די יידישע געשעפטס-איינגנטימער? אַ פאָן מוז דאָך הענגען פאַר דער טיר, הענגט מען אַרויס די פריי-שטאָט-פאָן, וואָס איז אָגב אויך רויט און אָנשטאָט אַ האַקנקרייץ, האָט זי געוויינלעכע, צוויי פירעקיקע קרייצן מיט אַ קרוין. דאָס איז אַ פיינע פּשרה. קעגן דער דאַנציקער נאַציאָנאַלער פאָן קאָנען אַפילו די היטלעריסטן ניט אַרויסטרעטן.

## דאָס געשעפטס ווערסאַיל

הגם היטלער האָט, אַלס מלוכה-מאַן אין רייכסטאָג פאַרגאָסן מיט הנופה זיינע כוונות, וואַרפנדיק אַ צוקערל צו פּוילן, טרעט דאָ, אין דאַנציק, זיין פּאַרטרעטער, פאָרסטער אַרויס מיט אָפענער אָנשרעקונג קעגן פּוילן.

פּוילן איז דער בייזער גייסט, די סטראַשידלע, דאָס געשעפנסט.

אין דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פּרעסע, אין בראָשורן, אויף פּלאַקאַטן ווערט דאָס געשעפנסט „ווערסאַיל" פאַרגעשטעלט מיט כעס. זייער רציחה לאָזן זיי אויס צו פּוילן. גדיניע, די נייע פּאָרט-שטאָט, וואָס פּוילן בויט אויס

מיט פיבערדיקער שנעלקייט, איז פאר דאנציק ווי א ביין אין האלדז. שוין היינט, ווען גדיניע איז נאך ווייט ניט פארענדיקט האט דער פארט שוין אפגעצויגן העכער א העלפט פון טראנספארטן, וואס אין דאנציק. פוילן האט געהאנדלט אין די אינטערעסן פון איר ווירטשאפט.

•

אויף די פלאקאטן און אין פילם ווייזט מען טאקע דעם דאנציקער פארט, ווי זיינע הויב-מאשינען שטייען פארגליווערט, די סחורה-שפייכלערם — פאר-שלאסן, די שיפן האלב־אויסגעקרימט ווי פארחלושט...

דערביי ווערט געוויזן ווי גדיניע וואקסט אין הארץ פון פריי־שטאט, און ווי פוילן באפעסטיקט זיך מיט איר ארסענאל אין סאמע הארץ פון פריי-שטאט. אויפן וועסטערפלאץ, וואו זי האט קאנצענטרירט א קליינע מילי-טער־אפטיילונג און האלט אן אפן מויל פון א הארמאט איבער דער שטאט.
אבער די „עקסטעריטאריאלקייט" פון פוילישע מלוכה-אינסטיטוציעס אין פריי־שטאט קומט שטארק צונויף די געפלאגטע און פארפאלגטע סאציאל־דע־מאקראטן און קאמוניסטן. עס איז איראניש, אז אונטערן פוילישן ארלער פילן זיך די סאציאל־דעמאקראטן און די קאמוניסטן זיכער און באשיצט.
בשעת ס'איז געווען אן איבערפאל פון די נאצים אויף דער סאציאל-דעמא-קראטישער דאנציקער „פאלקס-שטימע", האבן די סאציאליסטישע ארבעטער געפרואווט זייער בנין פארטיידיקן. די פאליציי און נאצים האבן זיך בא-נוצט מיט גומענע שטעקנס, אייזנס און אפילו געווער. זיי האבן אנגע־הויבן שלאגן און טרעטן פרויען און קינדער. די סאציאליסטן האבן ניט גע־האט קיין אנדער ברירה ווי אריינצולויפן אין גרויסן הויף פון דער פוילישער פאסט אין דאנציק, וואס געפינט זיך פונקט קעגנאיבער דער דאנציקער „פאלקס-שטימע". ערשט דא, אויף דער פוילישער טעריטאריע זענען זיי ניצל געווארן פון די נאצים.

### דאס נאצישע „חיל"

דאנציק מאכט דעם איינדרוק ווי די גאנצע באפעלקערונג איז מאביליזירט. די נאצים אין פארשידענע העמדלעך מארשירן איבער די גאסן. מען גייט ניט, נאר מען מארשירט. מען שטעלט פעסטע טריט און מיט א ריטם. וואו צוויי נאצי-יינגלעך טרעפן זיך, גייט מען גלייך אראפ פון טראטואר און מען מארשירט שוין מיליטעריש אויפן מיטן ברוק. אז פיר-פינף נאצים מארשירן, גייט שוין איינער פארויס — א קאמאנדיר...
קיין ציוויל-געקליידטע יונגעלייט זעט מען כמעט ניט. טאמער זעט מען

שוין יאָ עמעצן, איז ער אויך ניט אָן קיין האַקנקרייץ. אויפֿן אַרבל, צי אויפֿן לאַץ, אויפֿן היטל און וואו עס זאָל ניט זיין.

אַלע אויטאָמאָבילן זענען מאָבליזירט און לויפֿן אַרום איבער דער שטאָט ווי אין קריגס-צייט. מאָטאָציקלען מיט האַקנקרייץ-פֿענדלעך און אָפּצייכענונגען יאָגן זיך מיט אַ געוויש איבער די גאַסן. דאָס „ברוינע הויז", ממש אויף ברוין אָפּגעפֿאַרבט, זעט אויס ווי אַ גענעראַל-שטאַב. שטאַפֿעטן לויפֿן און קומען. אין פֿענצטער פֿון „ברוינעם הויז" שטייט, זעלבספֿאַרשטענדלעך, אַ געמאָלן בילד — „ער" אַליין, אַדאָלף היטלער, געמאַכט פֿון אַ פּאַרטאַטש, אַ מאָלער. וואָרעם געוואָלט האָט דער מאָלער אים מאַכן פֿאַר אַ קריסטוס, אַן אויסלייזער, און אַרויסגעקומען איז עפּעס אַ מענטש מיט אַ אידיאָטיש פּנים. און אונטער דעם נאָך אַ געמאָלן בילד פֿון — דריי יידן, פֿאַרשידענע טיפּן מיט אַ פּויליש-יידיש היטעלע, מיט אַ קאַפּעלוש און אַ שטריימל. דאָס איז דער סימבאָל פֿון דעם „פֿיינט", קעגן וועלכן די גאַנצע מאָביליזאַציע גייט אָן.

נאָר דאָס, וואָס אין דייטשלאַנד זעט אויס צו זיין גרויס, אימפּאָזאַנט, איז עס דאָ, אין פֿריי-שטאָט דאַנציק היפּשלעך קאַריקאַטוריסטיש און אַפֿילו קינדעריש.



איך בין בייגעווען אַ דעמאָנסטראַציע אויפֿן קליינוואַלד-דאָרף פֿון נאַציש „מיליטער" און ס'איז געווען קאָמיש. אויסער די נאַצי-יוגנט האָבן אויך דעפֿילירט די פֿריי-שטאָטישע באַאַמטע, וואָס דאַרפֿן זיין פֿראָנט-גרייט. דאָס זענען געווען די גרענעץ-צאָל-באַאַמטע, די פֿייערלעשערס, און די — קוימענקערערס.

פֿאַרשטייט זיך, אַז ס'איז שלעכט דערמיט, וואָס דער פֿעלקער-בונד-קאָמיסאַר דערלויבט ניט צו שאַפֿן אַ ריכטיקע, רעגולערע אַרמיי, אָבער ווינציקסטנס אַריבערברענגען פֿונעם „דריטן רייך" אַביסל מיליטער...

מען מוז זיך באַגנוגענען, וואָס פֿון „דריטן רייך", דייטשלאַנד, קומען סתם גאַנצע צוגן מיט מענטשן, די וואָס האָבן אַמאָל געוואוינט אין דאַנציק און האָבן שוין לאַנג קיין וואַל-רעכט ניט, זענען איצטער געקומען אויף היטלערס חשבון און זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די וואַל-רעגיסטערס און וועלן שטימען פֿאַר די נאַציס.

גלייכצייטיק זענען די לאַנד-אַרבעטער געצוואונגען פֿון זייערע בעלי-הבתים די לאַנדווירטן, אַריינצוטרעטן אין די נאַציש רייען. גאַנצע דערפֿער ווערן געמיינזאַם פֿאַרשריבן אין דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און זיי, די בעלי-הבתים, נעמען פֿון אַרבעטער-לוין אַראָפּ דעם מיטגלידס-אָפּצאָל.

ניט-קשה, די לאַנדזווירטן וועט עס שפּעטער, אויב די נאַציס וועלן זיגן, זיך גוט לוינען פאַר זייער געטרייעם דינסט, דעם פאַטערלאַנד...

באַרשטייט זיך, אַז אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק וועט דער נאַצי-זיג קיין באַדייט ניט האָבן. סיידן, זיי זאָלן דינען אַלס פּראָוואָקאַציע פאַר אַ וועלט-פייער. אָבער, וואָס שייך אינעווייניק איז דער פּראָגראַם קלאָר: די אויסראָטונג פון סאָציאַליסטן און — יידן.

## באַניק, נאַצי-פּראָפּאַגאַנדע און וואַלן

שבת צונאַכטס איז דער דאַנציקער וואָקזאַל געווען באַלעבט.

דער וואַרשעווער-לאָדזשער צוג האָט אָוועקגעפירט אַ גאַנץ גרויסע מחנה יידן, פּוילישע בירגער. זיי האָבן געוואָלט אויסמיידן דעם אומרואיקן טאָג פון די וואַלן. דאָס זענען געווען מערסטנטייל מער-באַמיטלטע און אַזעלכע, וואָס האָבן גאָרניט וואָס אָנצואָווערן.

איך האָב גערעדט מיט אייניקע און זיי געפרעגט:

„פאַרוואָס אַנטלויפט איר? עס איז ניט העלדיש, פון אַ זינקענדיקער שיף די ערשטע זיך צו ראַטעווען."

ענטפערן זיי מיר:

„מיר האָבן גענוג באַקומען דראָאונגען פון די נאַציס, אַז זיי וועלן זיך נאָכן „28סטן מיט אונדז אָפּרעכענען..." קיין גוטס וועט שוין ניט אַרויסקומען. די שנאה צו אונדז איז אַן איינגעוואָרצלטע."

מען קאָן צו די אַנטלויפנדיקע גאָרניט האָבן קיין טענות. אפשר זאָלן זיי וואַרטן ביז ס'וועט ניט זיין מעגלעך צו אַנטלויפן? אַזוי ווי אין דייטשלאַנד? „זאָלן מיר וואַרטן ביז עס וועט שוין קיין ברירה ניט זיין?", פרעגן די אָפּפאָרנדיקע, דייטשע יידן.

אַלע דאַנציקער יידן האָבן שטאַרק ליב דאַנציק — און ווען ס'האָט זיך געהערט דער לעצטער סיגנאַל פאַרן אָפּגיין פון צוג, האָט איינער מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט:

„כ'וואָלט נאָך געוואָלט רואיק לעבן און אַרבעטן אין דער וואונדערבאַרער שטאָט."

און די געזעגנדיקע האָבן צוריק געענטפערט:

„ווער ווייסט, צי וועלן מיר אויך ניט געצוואונגען זיין מיט דער מערקווירדיקער שטאָט זיך צו שיידן."

•

דער ראַדיאָ איז ביי די היטלער-מושלים אַ וויכטיקער קאַמפּס-אינסטרו-

מענט קעגן מאַרקסיסטן און יידן. אין די דאָזיקע טעג איז דער דייטשער מיקראָפאָן געווען געווענדעט קיין דאַנציק — אָנצוהאַלטן די שטימונג אין היטלער-גייסט. חוץ די רעדעס און אַגיטאַציעס גיט מען אויך פאַרווייַלונ-גען אונטערן נאָמען „די שעה פון דער נאַציע". דאָס זענען אימפּראָווי-זירטע טעאַטער-שטיקער, סצענקעס און דיאַלאָגן וועגן יידן.

אָט זענען עטלעכע „פּערל" פון די ראַדיאָ-פאָרשטעלונגען:

דאָס ערשטע בילד: ... אין אַ וואַגאָן זיצט אַ ייד און אַן אָפיציר. דער ייד האָט זיך אָנגעגעסן מיט ציבעלעס און קנאָבל און וויל ברעכן. דער אָפיציר דרימלט. דער ייד ברעכט אַרויף אויף דעם אָפיציר... שפּעטער, ווען דער אָפיציר כאַפּט זיך אויף און זעט, אַז ער איז אָפּגעגאָסן מיט דעם יידנס ברעכעכץ, ווייסט ער ניט, וואָס דאָ איז געשען. דער ייד אָבער פרעגט אים גאַנץ מינטער: פילט איר זיך שוין, הער אָפיציר, לייכטער?...

דאָס איז אַ רמז, אַז דער ייד האָט איינגערעדט דעם אָפיציר, אַז ער, דער אָפיציר האָט גאָר געבראָכן.

דאָס צווייטע בילד: ראָטשילד איז מיטגעפאָרן אין דער שלאַכט ביי וואַ-טערלאָאָ. די גאַנצע דייטשע אַרמיי שרייט, אַז נאַפּאָלעאָן וועט ניט זיגן. איין ראָטשילד שרייט, אַז ער וועט יאָ זיגן. און ווען מען פרעגט אים, פאַרוואָס ער איז אַזוי פאַרינטערעסירט אין נאַפּאָלעאָנס נצחון, ענטפערט ראָטשילד: דערפאַר, וואָס איך האָב איינגעשטעלט אין נאַפּאָלעאָנס נצחון אַ סך געלט.

דאָס איז אַן אָנצוהערעניש, אַז דער יידישער קאַפּיטאַל איז פאַרינטערעסירט אין די פיינטס נצחונות.

דאָס דריטע בילד: יידישע בערזן-מעקלערס קויפן די אַקציעס פון גאַנצע קוואַרטאַלן אין פּאַריז און לאָזן די אַקציעס פאַלן. די געפאַלענע אַקציעס שלעפּן מיט אַנדערע. יידן קויפן די אַקציעס ווידער, ווערן באַזיצערס פון אַלטע הייזער און שלעסער, וואו די פּאַטריציער האָבן געוואוינט. די יידן ציען זיך אַריין און ווערן די באַלעבאַטים.

אַזעלכע פאָרשטעלונגען גיט מען טאָג טעגלעך אין ראַדיאָ. די נאַציאָנאַל-סאַדיסטישע, שנעל-צוזאַמענגעשטעלטע, פילם-פאָרשטעלונגען זענען דען בעסער? אָט איז דער ווייצע-פּרעזעס פון דער דאַנציקער יהודימישער קהלה געגאַנגען זען אַ פילם-בילד „דייטשלאַנד ערוואַכע" און געהערט געבעלסן רעדן העץ-רייד קעגן יידן. דער דייטשער ייד האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז מעגלעך אין „זיין" פאָטערלאַנד. איז ער אַהיימ-געקומען, באַקומען אַ האַרץ-שלאַג און געשטאָרבן.

•

זונטיק, דעם 28סטן מאַי.

דער טאָג איז גאָלדיק, שיין. די גאָטישע טורעם-שפּיצן פון די דאַנציקער קירכן און הייזער שפּאַרן צו די בלויע וואָלקנס. די מאַסן היטלעריסטישע פענער פלאַטערן ניט, הענגען רואיק. דער עולם, מערסטנטייל יידן און סאָציאַליסטן, שרעקט זיך פאַר אַ פּראָוואָקאַציע. אין פּאָרט וואַכט דער ענגלישער קריגס-קרייצער, וואָס דראָט מיט אָנצוהערעניש, אַז איבער די שוצלאָזע איינוואוינער איז היטלער נאָך קיין בעל הבית ניט. די וואַלן גייען דורך רואיק. פאַר די וואַל-באַצירקן שטייען יונגעלייט. יעדער מיט אַ טראַנספּאַרענט און אָפּצייכן פון זיין פּאַרטיי. דער קאָמוניסט שטייט נעבן היטלעריסט. איצט שטייען זיי אַלע גלייך פאַרן אומבאַקאַנטן גורל. מען ווייסט ניט, ווער עס וועט זיגן. די וואַלן גייען צו אין אָרדענונג. דאָס אויג פון פעלקער-בונד-קאָמיסאַריאַט קוקט אויף אַלעמען. מען דאַרף אָפּוואַרטן.

אין שטאָט איז רואיק, אַפילו געמיטלעך. די רויטע, סאָציאַליסטישע פענער, וואָס אין צייט פון וואַל-קאַמף איז געווען אַ געפאַר זיי אַרויסצוהענגען, באַווייזן זיך אין די פענצטער פון סאָציאַל-דעמאָקראַטישע און קאָמוניסטישע וואוינונגען. עס זעט אויס ווי אַלץ האָט אָפּגעאָטעמט מיט פרייהייט. פאַרנאַכט ווערט די שטימונג שווערער, נערוועזישער. דער עולם ליידיקט אָפּ די גאַסן. מען פאַרזאַמלט זיך נעבן די ראַדיאָס. מען וויל הערן די ערשטע רעזולטאַטן.

יידן טראַכטן:

אפשר וועט פּאַרט געשעען אַ נס? מען ווייסט דאָך וואויל, אַז ניט אַלע, וואָס האָבן אַרויסגעהאָנגען האַקנקרייץ-פענער זענען נאַציס, אַז פון איין זייט אונטערן טעראָר, און פון דער צווייטער זייט פאַר „מתנות" האָט מען די פענער אַרויסגעהאָנגען אין ביים שטימען קאָן יעדער טון, וואָס זיין געוויסן דיקטירט. דאָך, די אָטעמס זענען איינגעהאַלטן, די אויערן אָנגעשפּיצט.
דער ראַדיאָ-ספּיקער מעלדעט די רעזולטאַטן פון די ווייטע באַצירקן. די הינטערשטאָטישע-ראַיאָנען ברענגען פאַר די היטלעריסטן זעכציק פּראָצענט, זיבעציק פּראָצענט. ניט גוט, ביטער, די אילוזיעס צערינען זיך. דער ראַדיאָ דערציילט וועגן היטלעריסטישע יוגנט-אויפמאַרשן אין קיניגסבערג, ניט אָנצוהערענישן וועגן דאַנציק. ענדלעך, שפּעט אין אָוונט, די לעצטע רעזולטאַטן ווערן באַקאַנט: מיט אַ קליינער מערהייט קומען די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן צו דער מאַכט.

•

אין די גאַסן איז ניט צו באַמערקן קיין מאַניפעסטאַציעס מצד די היטלע-

ריסטן. בלויז צייטונגס-ייִנגלעך מיט די האַקנקרייצן אויף די אַרבל רופן אויס די ספּעציעלע אויסגאַבע פון היטלעריסטישן אָרגאַן „פּאָרפּאָסט“. פונדעסטוועגן פילט זיך אַ געדריקטע שטימונג. די קאַפּעען זענען ליידיק. די נאַציס זענען אין זייערע קאַזאַרמע־לאָקאַלן און די ניט־נאַציס — אין די היימען.

אַקטיווע טוערס פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן און קאָמוניסטן, זענען שוין לאַנג אַרעסטירט, באַהאַלטן. עס זענען שוין מסתמא גרייט פּלענער צו אַנטלויפן. וואָרעם ווען ניט, שטייען שוין פאַר זיי גרייט די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווי אין „מוטערלאַנד“ — דייטשלאַנד. און יידן? וועגן זיי האָט מען דאָך צוגעזאָגט אין אַ ספּעציעלן צירקולאַר, אַז ביזן „28סטן“ וועט מען זיי ניט טשעפּען. איצט, אַז דער „28סטער“ איז שוין געענדיקט, זענען די הענט פריי...

## נאָך די וואַלן...

נאָך דער מאָנטיקדיקער טאָג האָט געבראַכט דערשטוינונג. שטיל, רואיק — ווי עס וואָלט גאָר קיין קאַמף ניט אָנגעגאַנגען. ווי ס'וואָלטן קיין נאַציס ניט געווען.

ענדלעך האָט מען פון די הייזער און מויערן אַראָפּגענומען די האַקן־קרייץ־פענער, וואָס האָבן אַזוי פאַרמיאוסט די שטאָט. דאַנציק האָט באַקומען איר אייגנאַרטיקן און כשופדיקן אויסזעען.

נאָר דער פּחד אין די יידישע אויגן ווערט גרעסער און די אומרואיקייט שטייגט. איז דאָס ניט דער שטיל־שטאַנד פאַר אַ שטורעם?

דאָס איז דער וועקסל, וואָס די נאַציס דאַרפן באַצאָלן זייערע קליינע סוחרים און האַנטווערקער פאַר די שטימען, און ווען ס'האָט זיך היינט באַוויזן די ידיעה, אַז לגבי יידן וועלן ניט אָנגעווענדעט ווערן קיין רעפּרעסיעס, האָבן יידן שוין אַ בעסערן אויסטייטש.

איצט איז פאַר אַלעמען קלאָר, ווען אַפילו עס זאָלן ניט זיין קיין ברוטאַלע, פיזישע אָנפאַלן אויף די יידן, וועט אָבער דער עקאָנאָמישער אויסראָטונגס־קאַמף אָנגעווענדעט ווערן מיט מאַכט.

די רעפּרעסיעס וועלן זיין געווענדעט קעגן די, וואָס קויפן און גיבן צו לייזן יידן, דהיינו, אַרבעטער. און אַז די נאַציס וועלן זיך נעמען צו די אַרבעטער, וואָס זענען טריי־געבליבן זייערע אידעאַלן, איז קיין אונטערשיד, איז ניט קיין נפקא מינה אויף וועלכן אופן דער האַמער וועט פאַלן איבערן יידישן קאָפּ.

ווי אין דייטשלאַנד, אַזוי דאָ אין דאַנציק, פילן זיך די „עכטע" דייטשע-דאַנציקער יידן געבראָכן און שפּל. שפּל קעגן דעם פּוילישן ייד, וואָס איז היינט אין דאַנציק אַ מיוחס...

אמת, מען איז טאַקע געשיצט קעגן קלעפּ. אָבער עקאָנאָמיש, וואָס וועט זיין?

פונדעסטוועגן איז די צערודערונג צווישן די פּוילישע יידן אויך ניט קליין. מען קוקט זיך איבער מיט פּחד. אין אָוונט זיצט מען אין די היימען. מען ציטערט פאַר די אייגענע שכנים, וואָס האָבן ארויסגעהאָנגען פאַר די פענצטער האַקנקרייץ-פענער און היטלערס בילד.

אַ מוראדיקן איינדרוק מאַכט פאָלגנדיק בילד:

אין מיטן שטאָט איז אויף אַ הויכן קוימען פון אַ פאַבריק אויפגעשטעלט אַ האַקנקרייץ פון עלעקטרישע לעמפּלעך. באַנאַכט איז דער האַקנקרייץ אָנגעצונדן — און אין דער טונקלקייט פונעם רוים ברענט דער סימבאָל פון מאָרד ווי אַ משונהדיקער שפּין מיט הונדערטער, הונדערטער פייער-אויגן.

אָט דאָס וואַרפט אַן אַ שרעק. געשעפטן ווערן ניט געמאַכט. אומרו קוקט פון די אויגן און געציילטע ווערטער פאַלן פון די ליפּן.



אַ דאַנציקער איינוואוינער האָט מיר געזאָגט:

„יעדער ייד אין דאַנציק טראָגט אַרום אין זיין מוח אַ וואַליזקע."

יאָ, מען שטייט גרייט אין וועג אַריין. די פראַגע איז נאָר, אין וועלכן וועג? קיין פּוילן, וואו די לאַגע איז אַן אויסזיכטסלאָזע, צי קיין מערב-אייראָפּע, וואו די פּערספּעקטיוון זענען אויך ניט קיין גוטע?

האָבן עטלעכע שוין אויסגעפונען אַן עיר מקלט:

„טריעסט."

„פאַרוואָס טריעסט?"

„ווייל ערשטנס איז טריעסט אַ פּאָרט-שטאָט, וואָס האָט אַן ענלעכקייט צו דאַנציק. צווייטנס, אַלס אַ געוועזענע עסטרייכישע שטאָט רעדט מען דאָרט דייטש. און ביז וואָס ווען, ביז מען וועט זיך אויסלערנען איטאַליעניש, זאָל מען כאָטש קאָנען אַ וואָרט אויסרעדן. און דריטנס? מען מוז דאָך ערגעץ פאָרן..."

די געשעפטן פון די פּוילישע יידן זענען איצט אַזוי איינגעאָרדנט, אַז וואָס ס'זאָל זיך ניט מאַכן, זאָל מען זיך קענען ערגעץ אַריבערפּעקלען. וואו?

אין גדיניע? די נייע פּאָרט־שטאָט, די פּוילישע, וואָס שטייט גרייט און וואַרט אויף דעם מאָמענט.

און די דאַנציקער יידישע בירגער? זיי זענען אין קלעב, זיי האָבן איין אויסוועג: פּאַלעסטינע.

אָבער דאָס איז שוין גאָרניט פון די לייכטע זאַכן. ווען עס זאָל פּאַר זיי זיין צוויי דריטל אילוזיע און איין דריטל ווירקלעכקייט, וואָלט עס שוין געהייסן רעטונג.

דערווייל זיצט מען אין די פּאַריינען. די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז טויט. מען דערוואַרט דעם מאָרגן. מ'האָט מורא די פּאַרע פון מויל אַרויס־צולאָזן. די רעכטע פּועלי-ציון, וועלכע האָבן דאָ אַ שיינעם קלוב, האָבן אַראָפּגענומען דאָס בילד פון קאַרל מאַרקס, וואָס איז אַ צייט לאַנג גע־האָנגען נעבן ד"ר הערצל. קאַרל מאַרקס' בילד קאָן אַמאָל אויפרייצן די נאַציס . . .

## די פרעמדן־גאַס

די לאַנגע בריק-גאַס, לענג אויס דעם ים־אַפּפלוס — דער טייך מאָטלאַוו, איז די פרעמדע גאַס, די גאַס פון יידן, פּאָליאַקן און דאַנציקער פּאָרט־אַר־בעטער.

עס ציען זיך ביי דער קאַנאַל־טעראַסע קלייטן און קראָמען פון די איינגע-וואַנדערטע יידן, פון די, וואָס האָבן דאָ געפונען אַ שטיקל מקום מקלט, וואָס זענען געטריבן אַנטלאָפן פון זייער היים-לאַנד — פּוילן.

•

איצט שטייט מען ביי די קראָמען. די טעג נאָכן היטלער־נצחון זענען פּאַר זיי אומקלאָרע. מען שפּאַצירט איבער דעם קאַבלענעם ברוק הין און צוריק. מען שטעלט זיך אָפּ ביים באַרימטן „קראַנטאַר" — דאָס איז דער שוואַר־צער, הילצערנער טויער, וואָס שטאַרט אַרויסגעבויגן איבער דעם טייך ווי אַ געשפּענסט. עס הענגען איבער אים קייטן־שטריק, גרייט אַרויפצוציען פּעקלעך לאָדונג ווי אַמאָל מיט הונדערטער יאָרן צוריק. נאָר היינט זענען שוין דאָ אַנדערע הויב-מאַשינעס, זיי שטייען אויך ליידיק. דער „קראַנטאַר" מיט די גרויסע דריי-רעדער, אין וועלכן מען האָט אַריינגעוואָרפן די שקלאַ־פן, אין געלויף פון זייערע הענט און פיס, אויף אַלע פיר, אונטער שמיץ פון בייטשן אויף זייערע נאַקעטע ריפּן, האָבן זיך די רעדער באַוועגט און די — די שטריק האָבן אויסגעלאָדן די סחורה פון די שיפן.

איצט וואָלט ניט איינער פון די אַרבעטסלאָזע גערן פאַרנומען אָט דעם

בייטשן־געוויקל איבער די פּלייצעס, אַבי ער זאָל האָבן, וואָס צו שלעפּן און וואָס צו טון.

ביים סוף פון לאַנגער בריק־גאַס שטייט דאָס געווערקשאַפט-הויז — די היים פון דאַנציקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אַרבעטער. עס איז אַ רויער, רויטער, אַלטער בנין מיט אַ גרויסן וואַסער־קעסל אויפן דאַך, ער האָט דעם אויסזעען פון אַ פּיראַטן-שיף. דער אויסזעען פאַרשטאַרקט זיך איצט נאָך בולטער, ווען מען זעט, ווי די נאַצים האָבן זיך דאָרט באַזעצט, שטייען אין זייערע ברוינע מונדירן גרופּעסווייז ביי די טויערן און קוקן אַרויס פון די פענצטער ווי ריכטיקע אָקופּאַנטן, וואָס הויזן זיך איין אין די ערטער פון נעם פאַרטריבענעם פיינט.

פונעם געווערקשאַפטס-הויז ציען זיך שוין די אַרבעטער-געסלעך און „לינקע“ קוואַרטאַלן, געקלאַמערט און געטוליעט איינס צום אַנדערן, אַט פּונקט ווי זיי אַליין, די דאַנציקער אַרבעטער, טריי־געבליבענע צו זייער מחנה.

דאַנציק איז אין דערוואַרטונג. דערווייל איז דער גאַנצער „ברעגן“ פון די וואַל־טעג געלאָשן געוואָרן. די שטאָט גרינט זיך פון די פולע ביימער און גראָז-טעראַסעס. די בלומען־בעטן זענען צעבליט און די בראָנז-פיגורן צו־גלייך מיטן אַרבעטס־מענטש זענען אומעטיק און טרויעריק.

# אין ליטווישן קאָנסולאַט אין טאַלין

מיין באַקאַנטשאַפט מיט ליטע

דער פּרוזדור צו אַ לאַנד איז דער קאָנסולאַט. דאָס איז ניט נאָר אַ געדאַנק, נאָר אַ פאַקט.

אינעם ליטווישן קאָנסולאַט אין טאַלין, די הויפּט-שטאָט פון עסטלאַנד, האָב איך זיך דאָס ערשטע מאָל באַקענט מיט ליטע און מיט איר אָנגעווייטאָגט פּראָבלעם: ווילנע.

עס איז אַפילו „פאָלג מיך אַ גאַנג" פון ווארשע קיין ליטע דורך — עסטלאַנד. נאָר אַזוי ווי איך „בין" אַ געבוירענער פּוילישער, פאַר וועמען צווישן קאָנטרע און ווילנע איז ניטאָ קיין גרענעץ, פאַקטיש ניטאָ — און אַריינצוקומען אין אַ לאַנד, אויב מען פאָרט ניט מיט אַן עראָפּלאַן, מוז מען דורך אַ גרענעץ — מוז איך זיך מטריח זיין „אַרום און אַהום"...

מעסט ניט דאָס לאַנד לויט די דירות פון אירע קאָנסולאַטן. איר וועט זיך נאַרן. עסטלאַנד האָט איין מיליאָן איינוואוינער, און איר קאָנסולאַט אין ווארשע פאַרנעמט אַזאַ דירה ווי דער אַמעריקאַנער קאָנסולאַט — בעסער, באַקוועמער און שענער ווי דער אַרגענטינער קאָנסולאַט.

איך האָב זיך ניט ליב צו נאַרן. איך בין אַ געפּרואווטער. איך ווער ניט נתפּעל פון אַ רייכן אַריינגאַנג, פון אַ טיר־פּאַרטיער, פון אַ גרויסאַרטיקער וואוינונג, אונטער וועלכנס דאַך עס זיצט דער ליטווישער קאָנסול צי אַמבאַסאַדאָר אין טאַלין.

אין פאָדער־צימער זיצן אינטערעסענטן, ליטווישע בירגער, מסתמא — בלויז יידן.

איך טראַכט אַזאַ טראַכטונג:

„וואָס, אַ שטייגער, וואָלטן געטון אָט די קאָנסולאַטן, אָנגעשטעלטע, באַאַמטע — ווען... עס זאָל ניט זיין קיין יידיש פאָלק אויף דער וועלט, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט, יידן וואָס זענען געבוירן אין לעטלאַנד, וואוינען אין עסטלאַנד און זענען ליטווישע בירגער?

און, פאַרשטייט זיך, די פּאַפּירן זענען ניט אין אָרדענונג, מען דאַרף אָפּגעבן בקשות און קלעפּן סטעמפּל־מאַרקעס און פאַרשאַפן אַרבעט אָט די באַאַמטע, וואָס וואָלטן אין אַן אַנדערן פאַל געזעסן מיט פאַרלייגטע פיס אויפן טיש, לויטן אַמעריקאַנער שטייגער."

יידן דאָקטערן זיך, יידן קאָנסולעוון זיך . . .

זיץ איך גלייך מיט זיי און כאַפּ אַ שמועס. זייערע „ענינים" איבער מיינע נערוון זענען ווי אַ באַל, וואָס ווערט פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ פון שטריק. דער באַאַמטער וועט זיי שוין אַרויספּלאָנטערן.

פונדעסטוועגן פּרואוו איך ס'מזל. איך שיק אַריין מיין וויזיט־קאַרטע: „זשורנאַליסט און מיטאַרבעטער" . . . און אַזוי ווייטער. עס איז טאַקע אַ כישוף — מיין וויזיט־קאַרטע — און אַלע טירן ווערן ברייט געעפנט פאַר מיר. אָך, איך נאַר, וואָלט איך ניט געקענט אַזאַ וויזיט-קאַרטע אַריינשיקן צום שר פון גן עדן? . . .

די סעקרעטאַרין, אַ ליבנסווירדיקע דאַמע מיט בלויע אויגן, אַ בלייך פּנים און מיט דער זעלבער בלויקייט און בלייכקייט שמייכלט זי. זי איז גרייט מיר צו דינען — ווי איר פאָטערלאַנד.

„אייער וואונטש?" — פרעגט זי.

„מיין וואונטש? אַ גאַר באַשיידעניר וואונטש: אַן אַריינפאָר־וויזע קיין ליטע", ענטפער איך און זאָג האַלב אין פּאָרוואורף, „. . . איך האָב געמוזט מאַכן אַזאַ ווייטע רייזע — קנאַפּע צוויי מעת לעת פון וואַרשע ביז טאַלין — און פון טאַלין צוריקפאָרן אַ מעת לעת קיין קאָוונע . . . אָך, אַנטשולדיקט: קאַונאַס."

„מיר וועלן אין פּוילן אַזוי לאַנג ניט האָבן אונדזער קאָנסול, ביז מען וועט ניט אומקערן ווילנע און די אַנדערע אָקופּירטע טיילן צו ליטע."

די בלויע אויגן פון דער סעקרעטאַרין ווערן גרין, איר בלייך פּנים — רויטלעך. די סעקרעטאַרין אַפּעלירט צו מיר, דעם אָרעמען יידישן זשורנאַליסט: „איר דאַרפט וועקן דאָס געוויסן פון דער וועלט!"

איך וויל ענטפערן: „דאָס געוויסן פון דער וועלט האָט אויסגעהויכט זיין אָטעם."

נאָר ווי קאָן מען ענטפערן אַזאַן איידעלער דאַמע, אַזאַ ניט־א י י ד ע ל ע פראַזע? זי טראָגט איבער האַלדז אַ גילדן צלמל און גלויבט אין פעלקערבונד . . .

נאָר פּוילישע בירגער לאָזט מען ניט אַריין קיין ליטע, ליטע אַנערקענט ניט, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי „אַ פּוילישער, אויסלענדישער פּאַספּאָרט" פּונקט ווי זי „ווייסט" ניט, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּוילישע רעפּובליק. נאָר צווישן די אינטערעסענטן, וואָס זיצן אין קאָרידאָר, זענען אויך פאַראַן פּוילישע בירגער, וואָס מוזן פאָרן קיין קאָוונע, פאַרדאָן . . . קאַונאַס, און דורך אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון אויסערן־מיניסטעריום. גיט מען זיי ציטווייליקע, ליטווישע פּעסער. דעם פּוילישן פּאַס הייסט מען באַהאַלטן אין דער אונטערשטער קעשענע, מען זאָל אים ניט אַרויסזעען.

אַזאַ פּראָצעדור קאָסט געלט און נאָך מער — מי, און נאָך מער — צייט, און ניט יעדער קריגט עס.
איך בין פונדעסטוועגן געוואָרן אַריינגעשלעפּט אין אַ גאָר אינטערעסאַנטן שמועס מכח ווילנע. איך בין מיטגעריסן געוואָרן מיט דער סעקרעטאַרינס איבערצייגטן טאָן, אַז ווילנע איז דורכויס אַ ליטווישע שטאָט, אַז ליטווישע געצנדינער האָבן זי געבויט, און אַז אָן ווילנע, איז ליטע קיין מדינה ניט, אָן דער הויפּט־שטאָט איז ווי אָן דער קרוין פון קאָפּ.
און כדי דאָס צו באַשטעטיקן, גיט זי מיר אַ פּאַק מיט ליטעראַטור וועגן דעם „פּראָבלעם ווילנע" אין דער ענגלישער שפּראַך, אַז די וועלט זאָל קע־נען לייענען. און ווידער — דער „פּעלקער־בונד"...
איך טראַכט: אַז ווי גוט עס איז צו גלויבן, נאַיוו צו גלויבן.

•

קאָן זיין, אַז ווען ניט דער „ענין ווילנע" וואָלט איך מיט דער עלעגאַנטער און איידעלער דאַמע ניט געוואָרן נאָענטער באַקאַנט — און וואָלט אפשר אין זעלביקן פאַרנאַכט ניט געזעסן אין איר פּריוואַטן, קליינעם סאַלאָן ביי איר אין דער היים און געטרונקען אַ גאָר, גאָר פיין גלעזל וויין.
זי: פאַר אַ ניט־אָקופּירט ליטע! פאַר אומאָפּהענגיקייט פון פעלקער! פאַר דער פרייער אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַלע קולטורן!
איך: (אויפהויבנדיק מיין גלעזל וויין) פאַר דעם ליטווישן יידיש, וואָס איז געוואָרן דער הויפּט־דיאַלעקט אין דער יידישער ליטעראַטור!
די גלעזלעך האָבן זיך אָנגעקלאַפּט. איך בין געווען גערירט. איך האָב גע־טראַכט: „עס ליגט פאָרט ניט אין מיין מאַכט, איך זאָל אָפּגעבן ווילנע, צוריק די ליטווינער."
פאַרשטייט זיך, מיין השערה, אַז די דאָזיקע יונגע דאַמע שרייבט, האָט זיך באַשטעטיקט: אויסער איר אַמט — אין דער פּריוואַטקייט פון איר וואוינונג — האָט זי מיר געוויזן אַ מלוכה־פּרעמיע פון טויזנט ליט.
בלויז וועגן דעם, וואָס אַ מלוכה גיט אירע שרייבער און קינסטלער קאָנסו־לאַט־אַמטן, איז שוין כדאי, אַז עס זאָלן זיין וואָס מער מלוכות אויף דער וועלט...

# אַ בריוו צו דער סעקרעטאַרין אין טאַלין

„מיין פֿיל געשעצטע מאַדמואַזעל,

איך וואָלט זער געוואָלט באַנוצן דאָס וואָרט „פֿאַניאַלאַ", וואָס איז אַזוי וואוילקלינגנדיק און באַחנט, מיט וואָס מען באַטיטלט די טעכטער פֿון אייער פֿאָטערלאַנד, נאָר ביי מיר וועט עס מסתמא אַרויסקומען ניט עכט, אַ שטייגער, ווי ניט עכט עס קומט ארויס אין יידיש, דאָס וואָרט „מאַדמואַזעל", „סעניאָריטאַ", „פֿאַניענקע", „מיס" אָדער צומשלעכטסטן „באַרישניע", נאָר דאָס איז דורכגייענדיק באַמערקט.

איך שרייב אייך אויף אייער פּריוואַטן אַדרעס, וואָס אייער גוטע פֿריינדין מאַדעלינאַ, שעף פֿון פּרעסע־אָפּטיילונג אינעם אויסערן־מיניסטעריום, האָט מיר געגעבן. זי האָט ליבלעך צוגענומען אייער גרוס דורך מיר. און, אגב, אַ זייער אָנגענעמע, אינטעליגענטע דאַמע, וואָס פֿאַרערט ליטעראַטור בכלל, און די העברעאישע ליטעראַטור בפֿרט, און האָט מיט באַזונדערער צופֿרידנקייט מיר דערלאַנגט אַ העברעאישע אַנטאָלאָגיע פֿון ליטווישע שרייבער, צוזאַמענגעשטעלט פֿון איינעם קיסין. איך האָב באמת באַדויערט, וואָס אזא טיכטיקע באַאַמטין, וועמענס אויפֿגאַבע עס איז צו זאַמלען אַלץ, וואָס איז געשריבן וועגן ליטע, ווייסט ניט פֿון אַזאַ וויכטיק ווערק, ווי דאָס, פֿון מיין חבר אוריה קאַצענעלבאָגענס איבערזעצונגען פֿון די „ליטווישע דיינעס". ערשט נאָך דריי יאָר זינט דעם דערשיינען, האָב איך, אַ גאַסט, אַ פֿרעמדער, געמוזט וועגן דעם דערציילן און אָנווייזן.

נאָר דאָס שרייב איך אַזוי פֿאַרבייגייענדיק.

איך שרייב אייך, ניט ווי צו אַ הויכער באַאַמטין פֿון אויסערן־מיניסטעריום פֿון דער ליטווישער רעפּובליק, נאָר ווי צו אַ קאָלעגין, אַ שריפֿטשטעלערין. דעריבער וועל איך זיין ניט זשענירט און אַרויסזאָגן אַ פּאָר אמתן, וואָס זענען כדאַי צו וויסן. עס איז אפֿשר אַן עולה פֿון מיין זייט. איך האָב געזען און אַרויסגעדרונגען, אַז איר זענט שטאַרק פֿאַרליבט אין אייער היימלאַנד, ליטע. איך קאָן אייך וועגן דעם זאָגן, אַז דאָס געפֿיל האָב איך ביי אַ סך געטראָפֿן און אויך ביי יידן. עס וואָלט אוודאי אייך אָנגענעם געווען צו הערן בלויז מעלות ווי יעדער פֿאַרליבטער פֿון זיין געליבטע. איך וועל דאָס אויך טון. ליטע האָט אַ סך מעלות, וואָס זענען פֿאַר מיר ניט פֿאַרהוילן, עס האָט אָבער אַ סך, אַ סך חסרונות, וואָס איך נעם זיך די דרייסטקייט אויסצורעכענען.

איך געפֿין זיך שוין אין דער הויפּט־שטאָט, אַנטשולדיקט, אין דער צייט־ווייליקער הויפּט־שטאָט פֿון אייער רעפּובליק, אין קאָונאַס. דאָס דאָזיקע וואָרט „קאָונאַס" קלינגט ניט עכט אין דער יידישער פֿאָנעטיק, פֿונדעסט־וועגן איז פֿאַרוועדט דאָס וואָרט צו שרייבן אויף יידיש. אַ גזרה: מען מוז אויף די יידישע צייטונגען שרייבן דאָס וואָרט „קאָונאַס". איך טראַכט פֿונ־דעסטוועגן; באַמיען זיך דאָך די פּאָליאַקן אויך צו פּאָלאָניזירן אַלץ און אַלעמען אונטער זייער האַנט, נאָר זיי האָבן זיך נאָך נים דערטראַכט צו דער אָריגינעלקייט פֿון פֿאַרווערן די יידישע צייטונגען צו שרייבן אָנשטאָט וואַר־שע — „וואַרשאַוואַ"...

נאָר דאָס איז פֿאַרבייגייענדיק באַמערקט.

איך האָב באמת הנאה פֿון דער דאָזיקער איצטיקער הויפּט־שטאָט. די ברייטע הויפּט־גאַס, לייסוועס־אַלייע, מאַכן דעם איינדרוק פֿון עכטע, אַמע־ריקאַנער גאַסן. דער געפֿלאַסטעטער אַספֿאַלט־ברוק, די טעראַסע מיט גראָז, בלומען, ביימער און בענק אין דער מיט געהערן שוין גאָר צו די גרויסאַר־טיקע פּלעצער. די הייזער, ווייסע און מאָדערנע, דער עיקר טאַקע די מאָ־דערנע הייזער, וואָס וואַרפֿן זיך אַזוי אָפּט אין די אויגן, דער קוביסטישער סטיל, די איינפֿאַכע אַרכימעקטור מיט די ברייטע פֿענצטער און קרישטאָל־שויבן, די מלוכה־בנינים, די מיניסטעריום־געביידעס, וואָס זעען זיך אַזוי אָפּט אָן, ממש אויף שריט און טריט (מחמת די שטאָט איז ניט גרויס, און דער נייער שטאָט־צענטער איז נאָך קלענער). דאָס אַלץ דערציילט טאַקע פֿון אַ מלוכה, וואָס האָט זיך איינגעפּעסטיקט ניט אויף דערווייל.

איך האָב הנאה, וואָס אין אומגאַנג הערשט ניט דער שאָוויניסטישער גייסט פֿון דער באַנייטער ליטווישער שפּראַך און מען הערט גאָר געשמאַק רעדן רוסיש, פּויליש, דייטש און יידיש. ספּעציעל יידיש, ווייל יענע אַנדערע אויסגערעכנטע שפּראַכן זענען נאָך איבערבלייבעכצן פֿון אַמאָליקן רעזשים, פֿון פֿרעמדער הערשאַפֿט, אָבער יידיש האָט זיך ניט אַרויפֿגעצוואונגען, האָט ניט באַעולט אייער ליטווישע שפּראַך; האָט זיך געלעבט אויף איר אייגענעם שטייגער, זיך אַנטוויקלט און כאָטש זי האָט אויסגעשטיין ניט־אָפֿיציעלע רדיפֿות. איר שטוינט מסתמא, מיין געערטע פֿריינדין, פֿאַרוואָס איך איך, אַז אַזוי איז עס. ווייל עס איז דאָ ביי אייערע מאַכט־האָבער אַן איינגע־רעדטע מיינונג, אַז אַלץ, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט יידישער שפּראַך איז — קאָמוניסטיש... איז במילא פֿאַראַן אַ טענדענץ דורך אַזאַ, צי אַנדערן אופֿן אונטערצודריקן די יידישע שפּראַך, דאַקעגן העברעאיש איז כשר. נאָר דאָס איז אַלץ פֿאַרבייגייענדיק באַמערקט.

פֿרייט דאָס מיך אַזוי, אַ שטייגער, ווי עס וואָלט אייך געפֿרייט, ווען איר קומט קיין אַמעריקע און טרעפֿט דעם גאַנצן מיליאָן ליטווינער, וואָס וואוי־



9

נען דאָרט, רעדן אייער מוטער־שפּראַך, ניט נאָר זיי — נאָר זייערע קינדער, געבוירענע אין אַמעריקע. איך האָף, אַז איר פאַרשטייט מיך.
איך האָב אויך דאָ אין ליטע ניט געטראָפן דאָס, וואָס מען טרעפט, צום באַדויערן, איצט אין גאָר דער וועלט: דער הונגער זאָל שפּאַנען איבער די גאַסן, אַז די גאַסן, אַז די בולוואַרן־בענק זאָלן זיין נאַכט־לעגערס פאַר דאַכ־לאָזע — און ביליקע, אָדער אומזיסטע קיכן זאָלן זיין די שפּייז־שטיבער פאַר אַרבעטסלאָזע. צום גליק האָב איך דאָס ניט געטראָפן, מסתמא איז דאָס פאַראַן, נאָר ניט אין אַזאַ מאָס ווי ביי אייערע שכנים פון מזרח און מערב. דאָס נעמט זיך פון אייער גוטער, אויסגעצייכנטער ווירטשאַפט, וואָס די גרינדער פון אייער מלוכה האָבן געבויט, ווי אמתע פאַכמענער. אָן טעאָריעס, האָבן זיי געגעבן אַ וואָרף איבער די ווירטשאַפט פון איין צווייג אויף אַן אַנדערן. ווי באַלד, אַז ווייץ איז דאָ גענוג אויף דער גרויסער וועלט, קאַ־נאַדע און אַרגענטינע פאַרפלייצן די וועלט־מערק, האָט מען זיך דאָ גענומען צו מילכווירטשאַפט, האָט מען זיך דאָ גענומען צו מילכוואַרג און חזיר־צוכט. דאָס האָט אַוועקגעשטעלט אייער לאַנד אין אַזאַ מדרגה, וואָס איצט, ווען נויט ברענט אין דער וועלט, ווייסט מען ביי אייך ניט פון הונגער, הונגער אין ווערטלעכן זינען פון וואָרט. ניט אין די דערפער און ניט אין שטעט. עס קאָן זיין אַ פראַגע פון ניט גלענצנדיקע צייטן, אָבער ניט פון דחקות.
אויף מיין וועג אַהער האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין עטלעכע קלענערע שטעט און דערפער. אַוודאי איז בעסער, וואָס מען האָט צוגענומען די ערד־שטחים ביי די רייכע פּריצים און זיי איינגעטיילט אין קלענערע חלקים פאַר די ערדלאָזע פּויערים און דערמיט אָפּגעשאַפט לאַנדקנעכט און לאַנד־האַרן, און ס'איז נאָך בעסער, וואָס מען האָט איינגעשטעלט אַן עקאָנאָ-מישן אַפּאַראַט אין פאָרעם פון די קאָאָפּעראַטיוון. דאָס איז דער ערשטער שטאַפּל פאַר אַ צוגאַנג צו סאָציאַליזאַציע. ווייטער וועט עס מסתמא אַזוי גיך ניט דערגיין. דערויף זאָרגט שוין דער שטאַרקער, דיקטאַטאָרישער רעזשים, וואָס הערשט איצט אין לאַנד, וואָס האָט אָפּגעשאַפט יעדן פריי-הייטלעכן געדאַנק, שוין ניט רעדנדיק, וואָס עס איז ניטאָ, קיין פּאַרלאַמענט און קיין דעמאָקראַטישער אופן פון זעלבסטבאַשטימונג. דער פּויער האָט טאַקע ברויט און אַן איבעריקן ליט אויך. ווען פרעמדע לענדער אימפּאָר-טירן אייערע מילך-פּראָדוקטן און „בעקאָן", פילט ניט דער פּויער קיין נויט. פונדעסטוועגן באַקלאָגט ער זיך אויף די אומגעהויערע שטייערן, וואָס ליגן ווי לאַסטן אויף זיינע פּלייצעס. אויף זיין פשוטן אופן באַנעמט דאָס דער פּויער, בעת ער זאָגט:
„מיר, די פּויערים, זענען די שעפּסן. טאַקע פעטע שעפּסן, מיט אַ סך וואָל. נאָר — דער שטאָטישער, דער באַאַמטער, ער איז ניט דער שערער."

דאָך, איז דעם פּויער מקנה צו זיין, עס איז אים ניט שלעכט, דאָס איז אמת. איך האָב באַזוכט זייערע הייזקעס און ניט געטראָפן די אָרעמקייט, ווי מען טרעפט אין אַנדערע לענדער . . .

דער פּשוטער, ליטווישער פּויער ווייסט ניט קיין קונצן. ער זאָגט:

„ווי וואָלט צו אונדז געווען, ווען מען פאַרייניקט ווילנע מיט ליטע. די דאָרטיקע אָרעמקייט — אויף דער פּוילישער טעריטאָריע, אין ווילנער קאַנט, אין סוואַוואַלקער קרייז — וואָלט אונדז מיט די ביינער אויפגעפרעסן.“ אַ פּנים, וואו עס האַנדלט זיך וועגן עקאָנאָמישע אינטערעסן, הערט אויף דער פּאַטריאָטיזם. ביי דעם שטאָטישן קומט דאָס אַרויס ראַפינירטער, ביים פּויער — איינפאַכער.

אַגב, אַז מען רעדט וועגן דעם „ווילנער פּראָבלעם“, ווילט זיך שוין אויך זאָגן אַ מיינונג, וואָס איך האָב געהערט פון אַ באַדייטיקן געלערנטן, אַן אמתדיקן פּאַטריאָט, וואָס ביי אים איז פּאַטריאָטישקייט אַן אויסדרוק פון קולטור, און פריער פון אַלץ, פון ליטווישער קולטור, שפּראַך, ליטעראַטור און קונסט. ער האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט און געמאַכט גלויבן אין תחית־המתים פון דער ליטווישער שפּראַך, וואָס איז פון אַ פּויערים־דיאַלעקט אין אַן אָפּגעשטאַנענער געגנט פון דער רוסיש־צאַרישער אימפּעריע געוואָרן דערהויבן צו אַ מלוכה־שפּראַך, צו אַן אוניווערסיטעט־לשון און מיר אויפגעוויזן:

„אין יענע אַלטע צייטן, ווען ליטוויש איז געווען די פאָלקס־שפּראַך, די רייד פון אָפּגעשטאַנענע, האָבן זיך די אינטעליגענטן פון איר געהאַט אָפּגעקערט און די רייכע — אַוודאי און אַוודאי. דער בעסערער טאָן פון דער געזעלשאַפט איז געווען רוסיש און דייטש. רוסיש איז נאָך פאַרשטענדלעך, ס'איז געווען די אַרויפגעצוואונגענע שפּראַך, די אָפיציעלע. די געבעטביכער, הגם קאַטוילישע־רוימיש, האָט מען געמוזט דרוקן מיט דער גריכישער טראַנסקריפּציע, דאָס הייסט מיטן רוסישן אַלף־בית. אָבער דייטש? נו, דאָס האָבן זיך שוין די „אינטעליגענטן“ געוואָלט הנדלען צו „מערב“, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט ביי די טירן.“

איך האָב מיטגעפילט מיט דעם דאָזיקן געלערנטן אין זיינע פיין־רייד, ווען ער האָט גערעדט וועגן דעם קלאַס. איך אויף מיין גאַס קומט פאָר דאָס זעלביקע און גראָד אין אייער צייטווייליקער הויפּט־שטאָט. יידיש האָט דאָ אַלע קערנדיקע זאַפטן פאַר אַ פרייער אַנטוויקלונג, ניט מחמת די מלוכה איז אַזוי שטאַרק פאַרינטערעסירט דערין. דאָס איז נאָר געווען אַמאָל, אין דער צייט פון דער „אויטאָנאָמיע“ און דעם יידישן מיניסטעריום. יידן געדענקען נאָך יענע גוטע צייטן ווי אַ זיסע דערמאָנונג. דערווייל איז געבליבן פון דעם בלויז אַ שאָטן אויף אַ פּאָסט־מאַרקע. יאָ, איך האָב באַזוכט

די הויפּט־פּאָסט-געביידע, וואָס זעט באמת אויס ווי אַן אימפּאָזאַנטע דע־קאָראַציע אין אַ פילם־סטודיע. אין דער דאָזיקער געביידע געפינען זיך אַלם דעקאָראַציע, אויסגעמאָלטע בילדער פון אַלע פאָרמעס פון פּאָסט-מאַרקן מיט די בילדער פון די מלוכה־מענער און גרינדער פון אייער מלוכה. געפינט זיך דאָרט אויך דאָס בילד פון יידישן מיניסטער סאָלאָווייטשיק. פריוט עס מיך, וואָס מען האָט כאָטש פאַראייביקט דאָס יידישע מיניסטעריום אויף אזא שאָטן-בילד.

למען האמת, מוז מען זאָגן, אַז די פאָלקס־שולן פאַר יידישע קינדער אין דער יידישער אינטעריכט-שפּראַך, אַלס מלוכה-שול, איז זייער אַ שיינע אינסטיטוציע און איך דערמאָן עס מיט ליוב.

עס איז אוודאי נים צום הארצן די ליבהאָבער פון ליטוויש, וואָס אויף איינע פון די שענסטע גאַסן אין קאָוונע הייבט זיך מיט שטאָלץ אַ פרעכ־טיקע געביידע, וואָס איז געבויט אין אַ טעמפּל-אַרטיקן סטיל, ניי, מאָדערן און פריש און אויף דער געביידע אַן אויפשריפט, גראָד, אין לאַטיין, אַז די שול איז נים פאַר באַקוועמלעכקייט, נאָר פאַרן לעבן און לערנען. מען דער־ציילט מיר, אַז דאָס איז אַ דייטשע שול פאַר — יידישע קינדער...

ווער האָט זי געבויט? ווער האַלט זי אויס? ווער דאַרף זי און וואָס פאַר אַ נוצן ברענגט זי? איך פרעג מיך אַליין. דאָס, זעט איר, איז שוין אַ ביסל צופיל טאָלעראַנץ פון אייער מלוכה. דאָס זענען די זעלביקע ניט־אויסע יידן, ווי אייערע געוועזענע דייטש־אינטעליגענטן.

דאָס איז שוין קיין מה־יפית אויך ניט. דאָס איז רעגענעראַציע; קליין־קעפלדיקייט, שמאָלע באַגריפן. גערעכט איז דער לעטלענדישער אויסערן-מיניסטער, וואָס האָט אַזעלכע שולן פאַרווערט. מען מוז זיין קאָנסעקווענט: אָדער גיי אין דער שול פון דיין נאַציאָנאַלער מינדערהייט, אָדער, אויב זיך יאָ אַסימילירן, בין איך, מלוכה, פריער דערצו באַרעכטיקט.

נאָר דאָס, וואָס אייער געלערנטער האָט מיר געזאָגט, איז מיר אַריין אין זכרון, און ווען דאָס זאָל אמת זיין, פאַרלירט איר אַ גרויסע געלעגנהייט צו שרייען, אַז מען האָט אייך באַעוולט מיט ווילנע. ער האָט מיר געזאָגט: „... מיר האָבן שטאַרק מורא, אַז עס קאָן קומען דער מאָמענט, ווען פוילן זאָל איינזעען אונדזער געגרעכטע טענה מכח ווילנע און זי אָפּגעבן צו ליטע, דאַן — קאַטאַסטראָפע! די גאַנצע מי, וואָס מיר האָבן אָנגע־ווענדט איינצופלאַנצן די ליטווישע שפּראַך און דאָס אייגנאַרטיקע, ליט-ווישע קולטור-לעבן אין די אַזוי־גערופענע „בעסערע הייזער", וועט גיין לאיבוד. די פוילישע שפּראַך, די פוילישע קולטור, וועט נעמען דאָמינירן. אונדזער גאַנצער אייגנאַרטיקער קולטור-בנין, וואָס מיר האַלטן אין בויען, וועט אומפאַלן. פאַרן דאָרף האָבן מיר קיין מורא ניט. זיי האָבן אויסגע־

האָלטן דעם דרוק אין די צאַרישע צייטן. נאָר פאַר דער שטאַט, פאַר דעם אינטעליגענט, פאַר דעם — ציטערט מען. מיר, בויער פון דער ליט־ווישער קולטור, ווילן זיין דאָס, וואָס מיר זענען, אַ שטיק לאַנד ווייניקער, אַ שטאַט ווינציקער, דערפאַר ווייסן מיר, אַז מיר זענען דאָס, וואָס מיר זענען."

פון מיין זייט האָב איך גאָרניט וואָס צוצוגעבן. עס איז אייערער אַ ענין. איך גיב נאָר איבער די שטימונג פון צוויי קאַטעגאָריעס מענטשן. דער פויער און דער קולטור־מענטש. נאָר מסתמא דאָמינירט דאָ פּאָליטיק און פּאַטריאָטיזם, וואָס שטעלט זיך העכער פון אַלץ.

וואָס נאָך זאָל איך אייך מיטטיילן? יאָ, איך האָב געהאַט די טרויעריקע געלעגנהייט צו זען דאָס ליטווישע פאָלק אין טרויער. איך בין אָנגעקומען גראָד אין טאָג, ווען אַלע האָבן פיבערהאַפט דערוואַרט דאָס אָנפליען פון די צוויי מוטיקע, ליטווישע פליערס דאַריוס און גירענאַס. איך בין געווען איינער פון די דערוואַרטנדיקע, געוואַכט אַ גאַנצע נאַכט אויפן פלי־פעלד און באמת געוואָלט באַגריסן אַ דרייסטע טאַט. נאָר מיר איז אָבער באַשערט געווען זיי צו באַגעגענען אויפן דריטן טאָג, אויפן זעלבן פעלד, נאָר שוין טויטע. ביי דער געלעגנהייט דאַנק איך אייך פאַר די אַדרעסן צו פערזאָנען, וואָס האָבן מיר געדינט מיט אינפאָרמאַציע און מיט פריינד־לעכקייט. אייער נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן מיט אַ סך ליוב, וואָס דאָס האָט מיך באמת געפרייט, שליסנדיק מיט אייך פריינדשאַפט. האָפנטלעך, אַז ווען ניט איז וועלן מיר זיך באַגעגענען אין דער גרויסער וועלט. איך גריס אייך האַרציק און אויפריכטיק. אייער ל. מלאך."

---

## דאָס יידישע לעבן אין די ליטווישע שטעטלעך

ד ע ר  א ו י ט א ָ ב ו ס

ווי שטערן צעזייטע איבערן הימל, אַזוי ליגן געדיכט צעלייגט קלענערע און גרעסערע יידישע שטעטלעך אין ליטע.

געדיכט, איינס נעבן אַנדערן. אַמאָל, איידער די ציוויליזאַציע איז אַריינ־געדרונגען, איז טאַקע געווען אַ מהלך פון איין שטעטל צום אַנדערן, היינט דויערט עס מינוטן, טאַקע ניט מער ווי מינוטן. דער אויטאָבוס פאַרבינדט. עס איז אַ נייע פרנסה, אַ נייער איינשטעל, אָבער די רעגירונג באַקעמפט

דעם פּאַרקער פון אויטאָבוס, זי זעט אין דעם אַ קאָנקורענץ צו אירע באַנען... דער עולם ווילט אויס בעסער דעם אויטאָבוס, וואָס שניידט זיך דורך איבער שלעכטע וועגן, האַלב־שאָסיי און האַלב־בלאָטע און קומט דאָך אָן פריער ווי די באַן.

מען מאַכט אַפילו איצטער לייטישע וועגן, אַספאַלטירטע, אָט ווי אין אַמע־ריקע. עס וועט ניט נעמען, מסתּמא, לאַנג און גאַנץ ליטע וועט זיין באַ־דעקט מיט גלאַנציקע אַספאַלטן, געפּלאַסטערטע וועגן. ווי אַלץ אין ליטע פּראָגרעסירט אויך די טעכניק און דער פּאַרקער. גאַנץ ליטע וואָלט שוין היינט „געגאַנגען אויף רעדלעך", ווען ניט די גזרה פון באַגרענעצטן אוי-טאָבוס־פּאַרקער, אַלנפאַלס אויף די שטרעקעס, וואו עס גייען די באַנען.

נאָר באַנען גייען ניט אויף אַלע שטרעקעס אין מדינות ליטע. דער אויטאָ־בוס איז אַ באַדייטיק פּאַרקערס־מיטל.

דער אויטאָמאָביל-בוס האָט אַריינגעבראַכט לעבן אין שטעטל. עס שאַפט אַ געוויסע „אַרבעט": מען דאַרף גיין אָפּוואַרטן דעם אויטאָבוס... וואָס אָפּוואַרטן, ווען אָפּוואַרטן, ווען? דאָס ווייסט מען ניט גענוי. צייט איז דאָ. איבעריקע צייט, און עמיצער דאַרף דאָך קומען פון דער „גרויסער שטאָט", פון קאָוונע, נו, דאַרף מען גיין אָפּוואַרטן.

אַלע שטעטלעך האָבן איין פּנים — און דאָך האָט יעדעס אַן אַנדערן כאַ־ראַקטער. עס זענען פאַראַן שטעטלעך, וואָס יחוסן זיך מיט זייער טראַדי-ציע. דאָס און דאָס שטעטל האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין דער „באַ־וועגונג". דאָס און דאָס שטעטל האָט „אַרויסגעגעבן" די און די פּערזענ־לעכקייט. נאָר דאָס איז, פאַרשטייט זיך, זכות אבות. איצט הערט מען ניט וועגן „ראָלן", וואָס מען זאָל שפּילן און „פּערזענלעכקייטן", וואָס מען זאָל אַרויסגעבן.

## יידישע בענק

די צייטן זענען שלעכטע אין ליטע. אָבער ניט אַזוי שלעכט, אַז מען זאָל הונגערן. ניט אין דער גרויס-שטאָט און ניט אין קליינעם שטעטל. קעגן פּוילן איז ליטע — „אַמעריקע". קעגן ערגעץ אַנדערש „עסט מען דאָ חלה אינדער-וואָכן". יידן האָבן אַ סך, גאָר אַ סך געלעגנהייטן דורכגעלאָזט. אין אָנהויב, ווען מען האָט איבערגעאַנדערשט דעם לעבנס-סדר, ביים איבערגאַנג צו נייע עקאָנאָמישע צווייגן אין דער לאַנד־ווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע, וואָס האָט אָנגענומען אַ מער קאָמערציעלן אויסדרוק, האָבן יידן געקאָנט שפּילן אַ באַדייטיקע ראָלע, נאָר זיי האָבן עס ניט אויסגענוצט.

די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע בענק, באַווייזט דאָס. דאָס איז אַן איבער־

בלייבעכץ פון יענע „גוטע טעג“: די יידישע בענק, סיי די „צענטראַל־באַנק“ אין קאָוונע מיט אירע אָפּצווייגונגען אין דער פּראָווינץ, סיי די „פֿאָלקס־באַנק“, מיט אירע פיליאַלעס אין גאַנצן לאַנד. די יידישע בענק זענען די נערוון פון קליין-שטעטלדיקן לעבן. ניטאָ קיין ייד, אָרעם צי רייך, סוחר אָדער בעל מלאכה, וואָס זאָל ניט כאָטש יעדן טאָג אַריינגיין אין באַנק. צי מען האָט אַ דירעקטן אינטערעס, צי מען האָט אַן אינטערעס צו דעם, וואָס האָט דאָרט אַן אינטערעס... די באַנק אין קליינעם שטעטל, איז ווי די פּאָסט־סטאַציע אין דער אַרגענטינער פּראָווינץ. בעת מען קומט אָפּנעמען בריוו, טרעפט מען זיך מיט אייגענע און נאָענטע. און דאָ אויך אַזוי: די גאַנצע פּאָליטיק און די געזעלשאַפטלעכקייט ווערט אַרומגערעדט אין באַנק. אינסטיטוציעס ווערן געבויט, געשאַפן און אומגעברענגט אין באַנק. אַרום דער באַנק, אין דרויסן, ווערט מען אין יעדן קליינעם ליטווישן שטעטל טרעפן פאַרזאַמלט אַן עדה יידן.

די בענק זענען געבויט געוואָרן אין פּאָרעם פון גמלות חסדים-קאַסעס. ווי לאַנג זיי זענען געווען קליין און אומבאַדייטיק, האָט זיי קיינער ניט געשטערט אין זייער אַרבעט. קוים אָבער זענען זיי אויסגעוואַקסן צו אַ ריזיקע אינסטיטוציע, קוים איז דער הויפּט-בנין פון דער יידישער „צענטראַל־באַנק“ אין קאָוונע געוואָרן אויסערלעך אימפּאָזאַנט און אינעווייניק — אַ מאַכט, האָבן זיך די ליטווישע בענק דערשראָקן און געפּועלט געוויסע „באַשווערונגען“ אין דער טעטיקייט פון די די יידישע בענק. די ליטווישע בענק האָבן פּשוט מורא פאַר קאָנקורענץ. די יידישע באַנק מאַכט שוין טראַנסאַקציעס מיט די וויכטיקסטע בענק פון גאָר דער וועלט און די יידישע באַנק האָט אַ נאָמען אַלס רעיעלע און פּינקטלעכע. וואָס-זשע קאָן מען אויסזעצן קעגן איר? און בפרט, אַז זי פאַרמאָגט אַ גרויסן עודף אין געלט? פּשוט, מען ווייסט ניט וואָס צו טון מיט דעם איבעריקן געלט. די יידישע בענק האָבן אַן איבערפלוס פון דעפּאָזיטן. דאָס באַווייזט, אַז מען מאַכט שלעכטע געשעפטן, אַז יידן האַנדלען ניט. דאָס ביסל געלט, וואָס מען האַלט אין באַנק, איז אָנגעזאַמלטע האָרעוואַניע אָדער — געשיקטע פון אַמעריקע. בכלל האָט דער ענין שיקן פון אַמעריקע אָפּגעטויט די איניציאַטיוו פון אַ סך ליטווישע יידן. עס זענען דאָ שטעטלעך, וואָס זייער גאַנצע פּרנסה איז באַשטאַנען פון דעם, וואָס „מען האָט געשיקט“, אַנדערע האָבן זיך אויסגעבויט הייזער פאַר „אַמעריקאַנער דאָלאַרן“. פון חתונה מאַכן קינדער איז דאָך אָפּגערעדט. דאָ האָט מען געקינדלט, און די אַמעריקאַנער „פּעטערס“ האָבן זיי חתונה געמאַכט.

נאָר די צייטן זענען שוין ניטאָ. מען שיקט שוין ניט פון אַמעריקע. די פּעטערס פון „יענער זייט“ ים קומען מער ניט, ווי זיי פּלעגן עס טון יעדן

זומער. דאס דערקענט מען גלייך אין די פארקנס פון די בית עולמס, אין די דעכער פון די מקווהס, אין די פענצטער פון די שולן און אין די מא-גערע מאלצייטן פון די מושב-זקנימס און בית יתומימס.

נאר די באנק שפילט אלץ א גרויסע ראלע. זי פינאנסירט יידישע אונטער-נעמונגען, אויב א זעלכע מאכן זיך. זי גיט קרעדיטן אויף א מילדן אופן. די טראדיציע פון א גמילת חסדים-קאסע האלט ווייטער אן, כאטש זי איז שוין אונטערגעווארפן די אלגעמיינע רעגולאמענטן פון באנק-געזעץ. דאך, ביז איצט האט מען געקוקט דורך די פינגער. איצט איז זי אנדערש. אט האט מען ארויסגעגעבן א גזרה, אז די אינערלעכע בוכפירונג מוז זיין אין ליטוויש. ביז איצט איז די בוכהאלטעריע געווען אין יידיש.

מיטן איבערגיין פון יידיש אויף ליטוויש, פארלירט די יי ד י ש ע באנק, וואס ציילט ה ו נ ד ע ר ט אפטיילונגען, טיילווייז איר כאראקטער און איר ספעציפישע ראלע, וואס זי שפילט אין לעבן פון די ליטווישע יידן. פארשטייט זיך, אז פון איין זייט שפילט א ראלע די קאנקורענץ פון די אנדערע בענק, פון דער צווייטער זייט — איז באגרענעצט די באנק-טעט-טיקייט און ווען מען נעמט צו איר כאראקטער, וועט זי ניט זיין בכח צו געבן לייכטע קרעדיטן אויף מ א ר א ל י ש ע בטיחות. עס וועט זיך פאדערן א געזיכערטע ערבות, דאס וועט פאר די ליטווישע יידן ניט זיין אזוי לייכט, און במילא וועלן געוויסע יידישע אונטערנעמונגען אבפאלן.

דער ערשטער שריט מצד דער מאכט איז שוין געמאכט געווארן. מען האט באשטימט בוכהאלטער-קאנטראלערן, וואס דארפן רעווידירן פון צייט צו צייט די באנק-אפעראציעס. די פראווינציעלע בענק וועלן דורך דעם מוזן צוזאמענברעכן. קודם כל: די אויסגאבן פאר א בוכהאלטער וועט די באנק גופא מוזן דעקן. און, אז זי וועט דארפן צאלן א חודש אין יאר צו פינף און צוואנציק ליט א טאג, קאן זיין, אז א סך בענק, דער עיקר אין דער פראווינץ, וועלן דאס ניט קענען איבערטראגן.

נאר דערווייל פירן די בענק אין דער פראווינץ זייער טעטיקייט. יידן קו-מען און גייען, פרעגן זיך נאך פארשידענע, גוטע עצות. די באנק-באאמטע, דירעקטארן און אנגעשטעלטע, זענען די כלל-טוערס. עס איז א טאפעלע אינסטיטוציע. דאס יידישע באנק-הויז, וואס אין תוך איז עס דאך א ריינע האנדלס-אינסטיטוציע — אבער דאס באנק-הויז אין ליטע, איז אויך א יידישיסטישע אנשטאלט. פסיכאלאגיש ווירקט עס אויף די מאסן צו רע-ספעקטירן יידיש. ווען דער ייד פון א גאנץ יאר זעט ווי אין אזא אנשטאלט ווי א באנק, ווערט אלץ געפירט אויף יידיש: די אויפשריפטן און מודעית אויף די ווענט און ביי די פענצטערלעך, די באנק-בלאנקען, טשעקן, וועקסלען — אלץ אויף יידיש, די קארעספאנדענץ און געשעפט-

פירונג אויף יידיש, הויבט זיך אָן אין אים איינקלאַמערן דער באַגריף, אַז יידיש איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג און ער לעבט זיך איין מיט דעם געדאַנק אַלס זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. דערפאַר האָט די יידישע באַנק אין ליטע אויך אַ קולטור־באַדייט.

---

# די בערשטער-שטאָט אין ליטע

ווילקאָווישקי פאַרנעמט אין דער יידישער אַרבעטער־געשיכטע אַ חשובן אָרט.

אין אָט דער שטאָט זענען די ערשטע יידישע אַרבעטער-קאָמערלעך געגרינ־דעט געוואָרן. דאָס ווינגעלע פון „בונד“ איז דאָ געשטאַנען. דאָ האָט זיך דער „בונד“ אויסגעפּיקט און פון דאָ איז ער אויפגעגאַנגען.

אין ווילקאָווישקי האָט די פּועלי-ציון פּאַרטיי די ערשטע טריט געשטעלט. פון דאַנען איז זי אַרויס אין דער וועלט אַריין.

איצט איז ווילקאָווישקי אַ שטיק טראַדיציע, אַ בלעטל געשיכטע, וואָס לעבט נאָך.

אַן אַרבעטער־שטאָט:

די הייזלעך, קליין, נידעריק און געבויגן. דער מאַרק — פּירקאַנטיק, אַ גרוי־סער, אַ ברייטער, מיט אַ פּלומפּ און מיט בודע-קראָמען אין דער מיט.

און קרעמער שטייען אויף די שוועלן פון זייערע קלייטן, קוקן אויס אַ קונה און וואַרטן אויף אַ מאַרק-טאָג. ווי אומעטום, ווי ערגעץ אַנדערשוואו.

נאָר דאָך, ווילקאָווישקי איז אַנדערש. פון דאַנען, פון דעם קליינעם פּירקאַנ־טיקן מאַרק האָבן זיך אַרויסגעריסן די ערשטע קאַמף-בשורות פון יידישע אַרבעטער: די בערשטער!

אַ פאַרוואָרצלט פאַך, אַ ספּעציפיש יידיש פאַך, איז געווען דאָס בערשטע־ריי. — נאָר עס ווערט אויסגעוואָרצלט, קיין נייע בערשטער קומען ניט צו און די אַלטע — ווערן ווייניקער.

דאָס פאַך בערשטעריי — וואָלט געבליט, ווען ניט דער קריזיס. דאָס נאָכ־פרעגן אויף סחורות איז גרויס, נאָר עס איז ניטאָ קיין רוי-שטאָף.

ווען אין אַזאַ שטעטל האָבן אַמאָל געאַרבעט טויזנט אַרבעטער, טוי־זנט יידישע אַרבעטער ביי איין פאַך, ביי בערשטעריי, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ יידיש פאַך. און די בערשטער זענען געווען יונג, קאַמפּס־לוסטיק, האָבן זיי אין יאָר טויזנט אַכט הונדערט פינף און ניינציק

געגרינדעט דעם „בערשטער־בונד“ און אויסגעקעמפט די ערשטע — דעם אַכט-שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און מינימאַלע וואָך־שכירות.

אין יענער צייט, אין יענעם צאַרישן רעזשים, האָט עס באַדייט מער ווי רעוואָלוציע.

און איצט, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פינף און דרייסיק, איז ווילקאָווישקי בלויז זכרונות. מען דערמאָנט ווילקאָווישקי אויף פאַרטיי־באַנקעטן, אויף אַרבעטער-פייערונגען, אין יובל־אויסגאַבעס. ווילקאָווישקי אַליין, גייט איין, ווערט איינגעשרומפּן. פון די טויזנט יידישע בערשטער־אַרבעטער זענען איצטער דאָ נאָר אַרום זיבעציק — אַכציק, אַלטע, שוואַכע און געהויקערטע, מיט שטיקלעך פלאַם פון אַמאָליקן פייער אין האַרץ. איך באַזוך אַ פאַבריק, איינע פון די באַוואוסטע בערשטערייען פון ווילקאָווישקי. עס זענען דאָ עטלעכע אַזעלכע פאַבריקן אין דער וועלט. מען רופט אָן איינצלנע: אין פוילן — מעזריטש, אין ליטע — זשאגער.

איצט קאָנקורירט ראַטנפאַרבאַנד מיט ווילקאָווישקי. עס ווילט זיך אַ שמייכל טון, אַ גרויסע מדינה קאָנקורירט... און ווילקאָווישקי נעמט אויף דעם קאָנקורענץ־קאַמף. ראַטנפאַרבאַנד איז שטאַרקער, זי האָט ארויסגעגעבן אַ פאַרווער אַרויסצופירן די חזיר־האָר — און אָן די רוסיש-סיבירער חזיר-האָר, איז בערשטעריי אין ווילקאָווישקי מער קיין פאַך ניט.

אייגנטלעך ווערן די באַרשטן גופא ניט אויסגעאַרבעט ניט אין ווילקאָווישקי און ניט אין מעזריטש — און אויך ניט אין זשאגער — און ס'קאָן זיין, אַז אויך ניט אין ראַטנפאַרבאַנד. די האָר ווערן נאָר פון רויען צושטאַנד צוגעגרייט, אויסגעאַרבעט און פּרעפּאַרירט פאַר באַרשטן. באַרשטן און פּינדזלען צום מאָלן, שמירן און ראַזירן, פּוצן און רייניקן. פון דאַנען, פון ווילקאָווישקי, גייט דער באַאַרבעטער רוי־מאַטעריאַל אַרום אין דער גרויסער וועלט אַריין. ערגעץ באַקומען די בינטלעך האָר, אויסגעאַרבעטע און כעמיש-געוואַשענע, אַ תיקון. נאָר די אַרבעט דאָ ביי די רויע מאַטעריאַלן איז שווער. מיר דוכט, אַז שווערער ווי אין שטאָלגיסערייען, געזונטער — אַוודאי ניט, דאָס קאָן מען דערקענען אין די פּנימער פון די באַרשטן־אַרבעטער אין ווילקאָווישקי.

די ווילקאָווישקער באַרשטן־פאַבריק האָט אַ שם אין דער וועלט. גרויסע אַמעריקאַנער פירמעס שטייען מיט זיי אין שטענדיקן קאָנטאַקט. באַשטעלונגען קומען אָן און באַשטעלונגען ווערן אויסגעליווערט. איך שטעל מיר פאָר אָט די פאַבריק, ווי אַ מאָדערן־איינגעריכטעטע, אַן אימפּאָזאַנטע אונטערנעמונג. איך קום צו: אַ הויף מיט אַ הענגנדיק, אַלט טויער אויף איין האָק. די פאַבריק גופא — אַ גרופּע פון דריי, פיר קליינע הילצערנע כאַטעס. איצט שוין, אַ צוגעמויערטער פליגל פאַר אַ ביוראָ און סאָרטיר-

שטוב. דער בעל הבית פון דער פאַבריק, אַליין אַ געוועזענער אַרבעטער, ציטערט פאַר יעדן פרעמדן באַזוכער. ער האָט מורא, אַז די אַרבעטער וועלן זיך אַריינלאָזן אין אַ שמועס. דאָס קאָן אים שאַדן. ער קווענקלט זיך ביים געבן די דערלויבעניש צו באַזוכן די פאַבריק בעת דער אַרבעט. מיר דינ־גען זיך. מען קומט דורך. איך פאַרזיכער אים, אַז איך וועל מיט די אַר־בעטער זיינע ניט רעדן. מיין צוזאָג אַליין איז ווינציק. ער געדענקט נאָך פון פאַר דער מלחמה, אַז אַזאַ גאַסט, אויך פו אַ צייטונג, האָט זיך אַריינ־געלאָזט אין אַ שמועס מיט די אַרבעטער און דער סוף איז געווען — אַ שטרייק...

פאַרשטייט זיך, אַז דער בעל הבית, אַ געוועזענער אָנפירער פון „בערש־טער־בונד", היט זיך פאַר אַ שטרייק. אַרבעט איז דאָ אַ סך, הזיר־האָר ווינציק און מען קאָן נאָך אינגאַנצן בלייבן אויסגעשטעלט.

איך באַקוק די פאַבריק: הילצערנע ווענט, אַלט און חושך, פונקט אַזוי הושכדיק זעען אויס די אַרבעטער, וואָס שטייען ביי די האָר און אָטע־מען איין אין זיך דעם פאַרסמענדיקן שטויב און די כעמישע סמען. בלויז אַלטע מענטשן, אַזוי אַלט ווי עס זענען די מעטאָדן פון דער אַרבעט. קיין נייע מאַשינען קומען ניט צו. מען האָט דאָ צו טון מיט „לעבעדיקע" זאַכן. — האָר, דאָס מוז ווערן אינדיווידועל באַהאַנדלט, מען קעמט און מען באַרשט, מען הוסט און מען שפּייט אַרויס שטיקער גרין־שטויביקן לייבעך.

די מיקראָבן פון די האָר פרעסן אויס די אויגן. כמעט אַלע אַרבעטער האָבן קראַנקע אויגן.

איך זאָג „האַלאָ". מען שמייכלט, מען באַגריסט מיך מיט אַ קאָפּ־שאָקל. זיי פאַרשטייען דעם אָנזאָג מצד דעם בעל הבית, ניט צו פירן קיין שמועסן. שווייגט מען. דער פירער גיט מיר דערקלערונגען, נאָר די אַרבעטער זע־נען ניט צופרידן פון זיינע דערקלערונגען — און אַזוי איינציקווייז, פון אַ וואָרט ווערט אַ זאַץ, פון אַ זאַץ ווערט אַ שמועס. מען לייגט אַוועק די בינטלעך האָר, מען שאַרט אַוועק די „קאַמען" און מען נעמט מיך אַריין אין רעדל און עס קומען אויף זכרונות...

וואָס בלייבט דעם בעל הבית, דעם געוועזענעם קעמפער צו טון? פּראָטעס־טירן שעמט ער זיך. ער שיקט אַריין זאָגן:

„די באַשטעלונג איז דרינגלעך, מען וואַרט מיט דער פאַרפּאַקונג."

נאָר ווער הערט אים. דערויף האָבן זיי אין אַכצן פינף און נײַנציק געשאַפן דעם „בונד", אַז זיי זאָלן איצט ניט קאָנען אויסרעדן אַ וואָרט מיט אַ גאַסט — אַ שרייבער?

און מער פון אַלעמען נעמט אַ וואָרט פריינד ב ע ר ל ס אַ נ ד ל ע ר,

דער זקן, וואָס איז די לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פון די „ווילקאָווישקער אַנטוויקלונגען". איצט איז ער אַלט העכער זעכציק יאָר. ער אַרבעט נאָך ביים זעלבן פאַך, ביים זעלביקן טיש, ווי אין דער יוגנט...
„ניטאָ די צייטן פון אַמאָל", זיפצט סאַנדלער, „אַן אינדוסטריע איז איינגעגאַנגען. ווער, מיינט איר, איז שולדיק, די סאָוויעטן!"
„פאַרוואָס די סאָוויעטן? אפשר דערפאַר, וואָס זיי האָבן צוגענומען אייערע קינדער און זיי דאָרט געמאַכט פאַר — קאָמיסאַרן?"
„ניין, ניט דאָס, נאָר די סאָוויעטן דערלויבן ניט אַרויסצופירן די עכטע סיבירער חזיר-האָר און דאָס גאַנצע פאַך גייט אונטער וועגן דעם פעלן פון אַט דעם רוי־מאַטעריאַל, וואָס האָט געשאַפן ברייטע אַרבעטס־מעגלעכקייטן פאַר בערשטער ביי אונדז. אָן די סיבירער חזיר־האָר גייט ווילקאָווישקי אונטער און מיט איר צוזאַמען אַ פאַך, וואָס האָט אַמאָל געשפּילט אַ פּיאָנערן-ראָלע אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג."

---

# מעמעל

א שטאָט מיט דריי פעלקער

מעמעל איז ווי אַ טייערער שטיין געפּאַסט אין אַ הערלעכן רינג. אַ רינג פון וואַסער, זאַמד און וואַלד.
אַ ווינטער־שטאָט, איינגערעמט אין אייביקע זומערן.
אפילו ווען עס איז פּראַסטיק, ווינטערדיק, האָט די שטאָט אין זיך עפּעס זומערדיקס.
רחבותדיקע, אָפענע גאַסן. אַפילו די שמאָלע גאַסן האָבן אין זיך ברייט-קייט. און ווינטן, אַרויסגעיאָגטע פון די ים-כוואַליעס, גיבן זיך אַ לאָז אי-בער דער שטאָט, ברענגען מיט מיט זיך הויפנס זאַמד אין די פּוסטן, שיטן אַריין די איינוואוינער אין די אויגן און לאָזן זיך שטיפעריש צוריק רייטן אויף די כוואַליעס.
אין אַ סך ערטער זענען צעלייגט גראַז־וויגן אין וועלכע עס שלאָפן מילדע בלומען־סימפאָניעס.
מעמעל איז אַ קליין שטעטל, נאָר עס האָט אין זיך גרויסשטאָטישקייט, עס טראָגט אין זיינע שטיינערנע פאַלדן דעם רויש פון אַ ווינקל אין אַ מעטראָ-פּאָליע. דער רויש קומט ניט פון די לאַסט־אויטאָס-רעדער, וואָס פאַלן מיט

אַ געשריי אויף די שטיינער־ברוקירטע גאַסן, נאָר פון די ווייטע ים־כוואַליעס, וואָס רוישן מיט ווייסן שוים ביי די ברעגעס פון „זאַמד־קרוק“. פון די דינע און שלאַנק־הויכע סאָסנע־ביימער, וועמענס גרינע שפּיצן באָדן זיך פּרימאָרגנס אין ראָזע גאָלד פון זון־אויפגאַנג און פאַרנאַכט — אין בלוטיקן פורפור־שיין פון זון־אונטערגאַנג.

אויף די שויבן פון די מעמעלער פענצטער ברענט פאַרנאַכט ווי אַ מעשענער טעלער — די זון, איידער זי טונקט זיך אונטער אין ים.

איבער דער שטאָט פאַלט ווי אַ שלייער פון שוואַרצן קרעפּ דער רויך פון די שיפן, וואָס שווימען פאַרביי אין די שמאָלע קאַנאַלן, איבער וועלכע די בריקן ווערן אויפגעהויבן אין אַ זייט.

איך האָב ניט ליב צו זיין אין אַ שטאָט לאַנג. איך האָב דעמאָלט ניט קיין שום מעגלעכקייט זיך צו שאַפן וועלכן ס'איז איינדרוק. אַ צוגעגעסענער איינדרוק איז שטרענג — געניי און טראַקטאַטיש ערנצט. איך קריג מיינע איינדרוקן פון ערשטן אויגן־בליק, איך באַמי זיך צו דערגיין דעם תוך, דעם יש, פון מאָמענט.

איך וויל איצט דערגיין צי איז מעמעל אַ דייטשע שטאָט צי אַ ליטווישע. פאַראַן האַנט־ביכער און שריפטן וועגן דער געשיכטע פון מעמעל. ביידע צדדים, די דייטשע און די ליטווישע ברענגען באַווייזן. וועט מיר גאָר ניט קלאָר ווערן. מען דאַרף דעם אמת דערפילן, אָנטאַפּן מיט די חושים, אָפּמעסטן מיט די אויגן.

נעמענדיק נאָך דעם „פאַקטישן באַשטאַנד“, אַז אין מעמעל הערשט די ברייטסטע אויטאָנאָמיע, וואָס אַ רעגירונג האָט ווען עס איז געגעבן אַ פרעמד־בירגערלעכער באַפעלקערונג אין אַן אייגן לאַנד (איבער מעמעל פאַכעט די ליטווישע דריי־פאַרביק שפּילעוודיקע פאָן און שליסלעך איז עס דאָך ליטע־לאַנד) און אויסער אויף דער באַן־סטאַציע, פּאָסט, אין קאָמענדאַנטור און אין גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ, הערט מען כמעט אויסשליסלעך דייטש. ווען די פּאָליציי און די געזעץ־געבונג, אַדמיניסטראַציע און שול, טעאַטער און צייטונג, גאַס און הויז זענען דייטש, הונדערט־פּראָצענטיק דייטש, קאָן מען זיכער אַריינפאַלן אין אַ פעסטשטעלונג, אַז מעמעל מיט אירע געביטן זענען דייטש אין בלוט און אין גייסט.

איך זוך ניט איצט די היסטאָרישע פעסטשטעלונגען. איך קוק ניט אַריין אין ביידע „וועג־ווייזערס“, וואָס די טוריסטן־ביוראָס לייגן ביי גערנוויליק ביים קויפן אַ בילעט, צי ביים נעמען אינפאָרמאַציעס. איך זוך אין דער נשמה פון דער שטאָט צי איז זי אַ דייטשע, ניט געקוקט, וואָס דאָס גאַנצע וועזן איז אַ דייטשס.

איך זאָג ניין. מעמעל איז צו לייכט, צו לופטיק און צו דאָרפיש זי זאָל

זיין פון די דייטשע „ראַסן"-שטעט. ניטאָ די אומהיימלעכע גאָטיק אינעם געבוי, ניטאָ די שרעקעוודיקע אָרנאַמענטיק, ניטאָ די פעלדזיקע מאַסיווקייט פון ווענט און די מרה שחורהדיקע וויסטקייט פון די גאַסן.

איך בין ניט קיין בקי אין ראַסן־טעאָריעס, היטלערס, אָדער געבעלס „פּראַקטישעם האַנטבוך פאַר ראַסן־דערקענטעניש" האָב איך נאָך ניט געלייענט. נאָר ווידער די זעלביקע מעשה. איך מעסט זאַכן לויט מיין אייגענעם אויג־אויפכאַפּ. איך האָב געזעען דייטשן אין דייטשלאַנד, דייטשן אין בראַזיל, אין אַרגענטינע און אין אַמעריקע. סאַנטאַ קאַטאַלינאַ איז אַ דייטשע פּראָווינץ אין האַרץ פון בראַזיליע, וויסקאַנסין איז אַ כמעט דייטשע מלוכה אין מיטן אַמעריקע. זיי זענען אַלע דייטשן, אַפילו געבוירענע אין פּאַראַנאַ, אין פּאָרט וויליאַמס, צי אין ירושלים.

דייטשן דערקענט מען ביים קריגל ביר. דייטשן דערקענט מען אין זייער טאָג־טעגלעכער פילאָסאָפיע, מיטן „פּוטער־שניט" אין טעאַטער און מיט דער אָרדענונגספולער צונויפגעקנייטשטער און אויסגעלייענטער ציי טונג.

די דאָזיקע זאָרגזאַמע אָרדענונג איז ניטאָ אין מעמעל. דאָס ליגט ניט אין געמיט פון מעמעלער מענטש.

נאָר אינטערעסאַנט איז מעמעל. פון יענער זייט גרענעץ האָט מען, ניט געקוקט, וואָס עס זענען פאַראַן שטרענגע גרענעץ־וואַכן און קאָנטראָל־אַמטן מצד די ליטווינער, האָט מען דאָך אַריבערגעשמוגלט אין אַ היפשער מאָס דאָס זייער גאַנגבאַרע אַרטיקל וואָס הייסט „ראַסן־האַס" און אין דער אמתן איז עס — מענטשן־האַס. די מעמעלער, וועמענס אור־עלטערן זענען, ווי מען זאָגט, געווען עכטע ליטוואַקעס, און זיי אַליין זענען אַ פאַרגרייזט קאַפּיטל אין דעם מעמעלער געשיכטע־בוך, האָבן אויפגעהויבן מיט פאַררישנקייט די קעפּ און קוקן פון אויבן אַראָפּ צו דעם מיטבירגער, צו דעם מיטוואוינער — דעם ליטווינער פון איצט.

מעמעל איז דורכגענומען מיטן געפיל, אַז זי איז די אויפמערקזאַמקייט פון דער וועלט. נאָך דער „באַרואיקונג" פון דאַנציק, איז מעמעל דאָס צילברעט פון „מערבדיקן שכן".

נאָר וועגן דאַנציק רעדט מען שוין ניט אויף „יענער זייט גרענעץ". די וואַלן זענען לאַנג אַריבער: היטלערס תלמידים זענען לעגאַל ביי דער מאַכט. די פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען דאָס „בייזע געשפּענסט" אין צייט פון וואַלן, זענען איצט פאַרבינדעטע מיט דער היטלעריסטישער פּריישטאַט. מען זוכט אַלץ „אַ פאַרקנעכטעטע טעריטאָריע אונטער אַ פרעמדן יאָך", אַן אויסרייד פאַר ווערסאַילער אומצופרידנהייטן... מען האָט זיך דאָרט, אין יענער זייט, דערמאָנט אין מעמעל.

און ווי איבער עלזאַס און לאָטרינגען אַמאָל, דאַנציק — ערשט ניט לאַנג,

מעמעל — איצט, פאלט א רעפלעקטאר מיט א בלוטיקן אפשיין, געדרייט מיט דער האנט פון א געניטן רעזשיסאר, וואס רעזשיסירט די צוקונפטי־קע וועלט־דראמע און לויט זיין רעזשי־פלאן דארף מעמעל זיין די סצענע פארן בלוטיקן ספעקטאקל. דא דארפן אויפשיינען די ראמפע־לאמפן — גהינום־פייערן...

## נאצישע דייטשן אין מעמעל

זינט היטלער איז געקומען צו דער מאכט, האט זיך דאס פייער, וואס איז געלעגן פארשטיקט אין די נאצישע הערצער פון די מעמעלער דייטשן, אפן צעברענט. דער מעמעל־געביט איז איצט שוין גארניט קיין שטילע ארענע פאר א צעפלאקערטן קאמף. ווער קעמפט? ווער מיט וועמען?

צום גליק קעמפן איצטער דייטשן מיט די ליטווינער. בעסער געזאגט: בער־לין מיט קאוונע. צו יידן האט עס דערווייל גארניט. אבער די יידן פילן אויף זיך די שנאה־בליקן פון די נאצים. די פאליציי, וואס איז דורכויס נאציש, איז איינגעהאלטן, הגם, זי אונטערליגט דער אויטאנאמער מאכט פון מעמעל־געביט. די פאליציסטן זענען אפילו ניט קיין ליטווישע בירגער, נאר איבער זייערע מעשים וואכט דאס אויג פון ליטווישן גובערנאטאר, וואס האט שליסלעך דאס לעצטע, דעצידירנדיקסטע ווארט.

דער ווערסאילער טראקטאט האט אומגעקערט צו ליטע דעם מעמעל־געביט, אויף וואס זי האט היסטארישע טענות.

נאר ניט וויכטיק זענען דא געווען די „היסטארישע טענות“ ווי, אז דאס קליינע ליטע, זאל האבן א צוגאנג צום אפענעם ים.

ליטע טענהט, אז די גאנצע באפעלקערונג, דער גאנצער געביט, איז אמאל געווען א ליטווישער. די דייטשן, וואס האבן אקופירט די געגנט, האבן אלץ געטון, כדי די ליטווישע באפעלקערונג זאל זיך שפראכלעך אסימילירן. עס איז זיי טיילווייז געלונגען. די איינוואוינער פון מעמעל־געביט רעדן ניט קיין ריינעם דייטש, נאר א זשארגאן, און די כאראקטער־שטריכן פון די מעמעלער, שיידט זיך ניט קיין סך אונטער פונעם ליטווינער.

פונדעסטוועגן האט די פעלקער־ליגע איינגעזען, אז די מעמעלער זענען פארט ניט קיין גאנצע ליטווינער און באשלאסן צו שאפן דארט א מין אויטאנאמיע אונטער דעם ליטווישן פראטעקטאראט.

האבן די מעמעלער גענומען זיפצן אונטער דעם יאך פון דער אויטאנאמיע זייערער.

זיי זענען פשוטע מענטשן און פאר זיי וואלט בעסער געווען, ווען די געגנט גיסט זיך איינגאנצן אריין מיטן אלגעמיינעם ליטווישן לעבן. מען דארף

ניט פארגעסן, אז ביז די לעצטע חדשים, איז נאך כמעט קיין קריזיס אין ליטע ניט געווען און אויך היינט, ווייסט מען דארט ניט פון קיין הונגער און נויט. פון דעם אלגעמיינעם וואוילשטאנד געניסט אויך דער מעמעלער. נאר וואס דען? מען האט אים אנגעהאנגען א לונג־און־לעבער פון נאציא־נאלער אויטאנאמיע און ער מוז אליין טראגן דעם לאסט פון דער אויטא־נאמיע: די הונדערט און פופציק טויזנט איינוואוינער מוזן אויף זייערע אייגענע פלייצעס אויסטראגן א זעלבסטשטענדיקע פאליציי, דאס געריכט, דאס שול־וועזן, דעם גאנצן אדמיניסטראטיוון אפאראט און די באזארגונג פון ארבעטסלאזע.

און ביים פשוטן מענטש איז שוין גאנץ הארב געשטאנען די פראגע פון פאדערן, אפזאגן זיך פון דער דאזיקער טובה. ער קאן באשטיין, אז די צענטראלע רעגירונג, דאס הייסט די ליטווישע מאכט, זאל זארגן וועגן דעם געביט, ווי זי זארגט פארן גאנצן לאנד, און דער ספעציעלער אויטאנאמיע־שטייער זאל ניט אזוי דריקן און באשווערן...

און אט איז היטלער געקומען צו דער מאכט. פאר די קאריעריסטן פון „געביט" האט זיך געעפנט א נייע טיר און ווי מען שמועסט — א נייע קאסע. מען האט אנגעהויבן צו מאנען אלטע חשבונות פון ליטע. קודם די פראגע וועגן די דייטשע דענקמעלער! די דענקמעלער פון די דייטשע קיסרים איז פאר מעמעל א וויכטיקער ענין. געשעען איז עס שוין גאנץ לאנג, אין די ערשטע טעג פון ליטווישן אויבער־פראטעקטאראט איבער מעמעל. אין אן אוונט, זענען דורך געהיימע הענט אראפגענומען געווארן די דענקמעלער פון די דייטשע קיסרים, וואס זענען געווען דער סימבאל פון דער דייטשער ממשלה.

אין מעמעל — מסתמא, האבן דאס ליטווישע פאטריאטן ניט געוואלט ליידן. ווי עס זאל ניט זיין, די דענקמעלער זענען שוין מער ניט ארויפ־געשטעלט געווארן אויף זייערע פיעדעסטאלן, ביז — ביז דעם היטלער־פעריאד. די היימישע נאצים האבן אנגעהויבן פאדערן זייערע דענקמעלער און דער קאנפליקט צווישן די מעמעלער־דייטשן מיט די ליטווינער האט זיך פארשארפט.

פארשטייט זיך, אז אין מעמעל קאן יעדע רגע אויסברעכן א פראוואקא־ציע. די מעמעלער נאצים זענען פונעם זעלביקן טייג, וואס די היטלעריסטי־שע. מען פארט א הין און צוריק. מען קריגט דירעקטיוון און אנווייזונגען. די ליטווישע רעגירונג, וואס האט טאלערירט ביז איצט די פרעמדע שטרע־מונגען אין אירם א פראווינץ, טרעט איצט ארויס שארף און ענערגיש. עס איז אבער שווער און קאמפליצירט. זי האט ניט מער אין מעמעל ווי א גובערנאטאר, א קאמענדאנט, און א ביסל זשאנדארן. דער „געביט", דאס

הייסט די אויטאָנאָמיע, האָט די פּאָליציי, די באַאַמטע, די יוגנט, וואָס האָט זיך דערצויגן אין דייטשע שולן און איז ניט נאָר פיינטלעך צו ליטע, נאָר נאַציש געשטימט. די ריכטער זענען ניט קיין ליטווישע בירגער, נאָר דייטשע בירגער.
אונטערן אויסרייד פון שיצן די אויטאָנאָמיע פון צופיל באַלאַסטונגען, און אין דער ערשטער ריי, פון אַרבעטסלאָזיקייט, האָט דער „סיימיק" דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז „פרעמדע" איז ניט דערלויבט צו אַרבעטן אין מעמעלגעביט. אונטערן נאָמען פרעמדע מיינט מען ליטווינער, וואָרעם קיין אַנדערע פרעמדע זענען אין מעמעל ניטאָ. לויטן געזעץ קאָנען זיי אָננעמען אַזעלכע באַשלוסן, הי ליטווינער זענען ניט מער ווי פרעמדע דאָרט, אָבער אַזוי ווי יעדעס געזעץ מוז באַשטעטיקט ווערן פון גובערנאַטאָר, האָט דער גובערנאַטאָר דאָס געזעץ וועטאָאירט. און כדי, אַז דאָס געזעץ זאָל דאָך אָנגענומען ווערן, דאַרף עס נאָכאַמאָל אָנגענומען ווערן פונעם לאַנדטאַג, דאַן — נו, דאָ פאַרשאַרפט זיך שוין די סיטואַציע. דאָ קאָן דער גובערנאַטאָר אינגאַנצן צעטרייבן דעם געביט־פּאַרלאַמענט, אַריינזעצן אַ קאָמיסאַר און פאָדערן ביים פעלקער־בונד די אויטאָנאָמיע זאָל אינגאַנצן אָפּגעשאַפן ווערן.
דאָס ווילן אָבער פאָרט ניט די מעמעלער דייטשן, מען וויל אייגנטלעך רייטן אויף צוויי ירידים, געניסן פון דער גוטער, ליטווישער סיטואַציע און זיך הנדלען צו די היטלעריסטן אין דייטשלאַנד. די מעמעלער נאַציס האָבן אַליין דעם געזעץ־פּראָיעקט צוריקגעצויגן.
נאָר דערמיט איז נאָך די סיטואַציע ניט דערליידיקט.
דער שאַרפער ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער קאַמף צווישן די מעמעלער דייטשן און מעמעלער ליטווינער גייט אָן אויפן שאַרפסטן אופן. עס גייט אָן, ניט אָפיציעל, אַ פאַרביסענער אויסראָטונגס־קאַמף אין די דייטשע אונטערנעמונגען אַרויסצושטויסן די ליטווינער. זייערע אונטערנעמונגען ווערן באָיקאָטירט. די ליטווינער, וועלכע זענען געצוואונגען, צו שיקן זייערע קינדער אין די דייטשע שולן, דערציילן אין דער קאָונער פּרעסע די האַרצרייסנדיקסטע סצענעס, ווי אַזוי די קינדער ווערן מוראדיק געפּייניקט.

## די ייִדישע גאַס

צווישן עקסטרעם און קאַמף פון יידע פעלקער, לעבט אַ דריט פאָלק, אַ מינדערהייט צווישן אַ מינדערהייט — די יידן.
ביז איצט זענען די מעמעלער יידן געווען פון זעלביקן טייג, וואָס זייערע ברידער פון „דריטן רייך" — פון דייטשלאַנד. מען האָט פיינט געהאַט

דעם מזרח־ייד און זיך געשעמט מיטן מזרח-ברודער. נאָר אין קאַמף צווישן די מעמעלער נאַצים מיטן גויישן ליטוואַק, האָט דעם ייד ניט אויסגע-מידן אויף פאַרשידענע וועגן און אופנים. איצט האָט זיך דער מעמעלער „יודע" גענומען דערנענטערן צו זיינע ברידער. בפרט, ווען ער זעט, אַז דער מזרח־ייד איז שטאָלצער, שאַפונגספעיקער, רירעוודיקער און ניט פאַר-לייקנדיק צו זיך ווי ער, דער „יאַהודי".

אין משך פון דער צייט, וואָס מעמעל איז געוואָרן אַ טייל פון ליטע, האָבן זיך די ליטווישע יידן, די היימישע, די אייגענע, אַריבערגעכאַפּט פון קאָוונע און שאַוול, פון פּאָניעוועזש און זשאַגער און דאָ גענומען בויען זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן.

דורך דער פאַרשאַרפטער סיטואַציע צווישן די מעמעלער נאַצים און מע-מעלער ליטווינער, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן פאַרערגערט. די דייטשן אין מעמעל היטן הייליק אָפּ דעם געבאָט פון „ניט קויפן ביי יידן". פּאָליטיש האָט זיך די יידישע לאַגע פאַרבעסערט. די ליטווישע רע־גירונג איז איצט מער גענייגט צו די יידן. אין פאַל פון אַ נייעם פּלעבי־סציט, וועלן יידן שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער דעציזיע.

עס איז נאָך איין זאַך שלעכט: דער באָיקאָט אויף די דייטשע סחורות אין ליטע און אין די שכינותדיקע לענדער, האָט שטאַרק געטראָפן די מע־מעלער יידן, וואָס זענען געווען די פאַרמיטלער צווישן דייטשלאַנד און די מזרח-לענדער. די יידן זענען איצט געבליבן אָן פרנסה — אָבער זיי באַקלאָגן זיך ניט, זיי ווייסן, אַז ניט זיי פערזענלעך שפּילן דאָ אַ ראָלע, נאָר עס איז אַ נאַציאָנאַלע פראַגע, מוזן זיי זיך אונטערגעבן און ניט פאַרראַטן. זייערע אָפּנעמער — יידן, מיידן אויס דייטשע סחורות.

דערפאַר האָבן די יידן אַליין אַנטוויקלט אינדוסטריעס, פאַרטרעטן די דייטשע סחורות מיט היימישע, ליטווישע פּראָדוקטן און איבעראַרבעטונגען. נויט שאַפט נייע האָריזאָנטן און די יידן נוצן אויס אָט די נייע האָריזאָנטן. דערווייל לעבט מען זיך געזעלשאַפטלעך ענגער און מער אין קאָנטאַקט איינער מיטן אַנדערן ווי פריער. די פאַרוואָרלאָזטע אינסטיטוציעס ווערן איצט אויפגעלעבטע אין טעטיקע. מעמעל, וואָס איז ווי אַלע אַנדער דייטשע פּראָווינצן געווען „פאַרדייטשמערישט", אַסימילירט און יאַהודיש, האָט אויפגעוואַכט. די קהילה, וואָס האָט פון קיין אַנדער שפּראַך ניט געוואוסט ווי דייטש, האָט געמוזט איינפירן יידיש און העברעאיש אין איר בוכ־פירונג. אַ יידישע צייטונג „מעמעלער נייעס" האָט אָנגעהויבן צו דער-שיינען אין דער יידישער שפּראַך, און מען טראַכט גאַנץ ערנצט וועגן אַ יידישער שול מיט יידישער אונטערריכט־שפּראַך.

# דאָס זינגנדיקע פֿאָלק

דער גורל האָט פֿאַסן־ווייז געשניטן שטיקער פֿון דער אַמאָליקער רוסישער אימפּעריע און פֿעלקער זענען אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים, קולטורן, מנהגים און אייגנאַרטן האָבן אויפֿגעלעבט און לשונות, פֿאַרגעסענע און באַעולהטע, האָבן אויפֿגעזונגען: באַלטיקום, באַלטישע לענדער!

די דריי־פֿיר רוסישע גובערניעס זענען איצט מלוכות פֿאַר זיך. יעדע מלוכה מיט איר פּאָליטיק און אירע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. זיי האָבן זיך מיט ליבשאַפֿט איינגעפּאַסט אין די קליינע, ענגע און שמאָלע שיכעלעך און טראָגן די לאַסט פֿון אייגן לעבן און די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן אייגענעם פֿאָלק. זיי פּלאָגן זיך מיט די בודזשעטן און קאָנען זיך ניט קיין עצה געבן מיטן שטייגנדיקן קריזיס, מיט דער נייער מלוכה־פֿאָרעם פֿון קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. זיי וואַרגן זיך מיטן ביסל דעמאָקראַטיע, וואָס איז זיי, גראָד זיי, די שוואַכע און קליינע לענדער, אָנגעהאָנגען געוואָרן מיט פֿאָרעמס און רעזשימען.

לעטלאַנד איז אַ מדינה. קאָוונער ליטע איז אַ מאַכט. עסטלאַנד איז אַ מלוכה.

•

פֿינלאַנד האָט, אייגנטלעך, תּמיד געהאַט איר אויטאָנאָמיע. איר איבערגיין צו אַ רעגירונג־פֿאָרעם אין פֿולן זינען איז געווען צום לייכטסטן און צום צוגעפּאַסטסטן.

אָבער לעטלאַנד? פֿון וואַנען נעמט זיך צו איר פֿאָרעמס און טראַדיציע, נאַציאָנאַלער יחוס און געפֿיל פֿאַר טיפֿער פּאַרטייאישקייט? דאָס איז דער נס פֿון דער געשיכטע. דער שטילער כּוח, וואָס האָט געלעבט אין דער טיפֿעניש פֿון לעטישן פֿאָלקס־מענטש; פֿון דעם פּויער ביים אַקער און פֿון אַרבעטער ביים האַמער און דער פֿאַרלאַנג פֿריי צו ווערן פֿון די רוסישע סאַטראַפּן, פֿון דייטשע באַראָנען, האָט אַ סך מיטגעווירקט פּטור צו ווערן פֿון דער רוסישער פּויסט און פֿונעם דייטשישן שפּיי! און די שעה האָט געשלאָגן, דאָס קליינע לעטישע פֿאָלק, וואָס יחוסט זיך מיט זיין אָפּשטאַמונג (אַרישע) אַלס אינדאָ־אייראָפּעער, האָט צוזאַמען מיט די קערנער אין פֿעלד, אויך פֿאַרזייט אין די קינדערס געהער די אַלטע מאָנגאָלישע סאַנסקריט־שפּראַך, און האָט אין דער טיפֿעניש פֿון זייערע

נשמות מיט אָט דער שפּראַך זיך אַרומגעטראָגן, האָט שטיל און הייליק געהאָפּטן אירע קולטור-אוצרות. זייערע פאָלקס-לידער, וואָס האָבן אין די צפון־ווייסע פרילינגס־אָוונטן זיך צעקלונגען מיט צער און בענקשאַפט ביי די ברעגעס פון באַלטישן ים, זענען איצט דאָס גאָלד פון האַרץ ווי די זון וואָלט זיך צעברעקלט אינעם דווינע-טייך.

נאָך היינט, ווען דער פאָלקס־מענטש לאָזט זיך אַוועק איבער די אומ־ענדלעכע טייכן און וואַסערן, וואָס גאַרטלען אַרום דאָס קליינע, פעטע לאַנד, צעטראָגט זיך אין דער לופט דאָס פיין-ליד, וואָס איז ווי אַ שטומער פּראָטעסט אויף זיינע מאַכטהאָבער און אונטערדריקער:

זאָגט, ווער זענען די, וואָס זינגען,
שפּעט ביינאַכט אָן ליבער זון?
דאָס זינגען אַלץ יתומים־קינדער
פון רוסישן פּריצם קנעכט.

ברענט אַ פייערל, וואַרעמען זיך גלידער,
ווישן טרערן ביטערע.
גריזשען האַרטן ברויט פון קלייען,
ווייקן אין די קילע קוואַלן.

ליבע זון זעצט זיך אין אָוונט
אין אַ גאָלדן שיפעלע,
און זי שפּרינגט אַרוים באַגינען
בלייבט דאָס שיפל וויגן זיך.

וואָס האָסטו זיך, זון, פאַרשפּעטיקט,
אַזוי שפּעט זיך אויפגעכאַפּט?
כ'האָב געזוימט זיך אין די בערגלעך,
ביינאַכט געוואַרעמט די יתומימלעך.

כאָטש אין יאָר טויזנט ניין הונדערט אַכצן האָט דער גליאָק פון באַפרייאונג דעם לעטישן פאָלק אָנגעקלונגען, און איבער די דריי קליינע פּראָווינצן „לעוואַניען“, „לענאַליען“ און „קורלאַנד“, האָבן אויפגעבליצט דריי שטערן, — וואָס זענען געוואָרן די מלוכה — מדינה לעטלאַנד.

דער אומבאַדייטיקער שבט, וואָס האָט פון די קאַספּישע ים-ברעגעס דאָ אַהער געוואַנדערט און זיך איינגענעסטעט און געשטרעבט צו פרייהייט און ציוויליזאַציע, איז באַהערשט געוואָרן פון פּריצים און קיניגן, לאַנד־

האָרן און רעגענטן, האָט זיך דער שבט געוואָרפן אין קאָנוואולסיע, אָפּ־געגאַנגען אין בלוט און אומגעקומען ביי די אַקערס און גראָבאייזנס. איצט האָט דער שבט אויפגעלעבט און זיך באַנייט אַלס אַ פאָלק, גע־וואָרן בעל הבית איבער זיין אייגן לעבן און גענומען בויען זיין ווירט־שאַפט, דערהויבן זיין קולטור און אָנגעיאָגט די ציוויליזאַציע פון דער גרויסער וועלט.

אַ באַפעלקערונג פון צוויי מיליאָן — און ניט לויטער לעטן.

צוזאַמען מיט די לעטן האָבן אויף יענער ערד געלעבט, זיך געפייניקט, געקעמפט און געהאָפט אויך מענטשן פון אַנדערע פעלקער: יידן און פּאָ־ליאַקן, פינלענדער און ליטווינער.

דער רוסישער פויער אין דייטשער אַרבעטער האָבן די זעלביקע פלייצע געבויגן אונטער זייערע פּאָטערלענדישע אויבערהאַרן, און אין דער לע־טישער ערד האָבן זיי זייער מי פאַרזייט און האָבן אַ גלייכן חלק אין דאָזיקן לאַנד. דאָס לעטישע פאָלק, וואָס איז אויפגעשטיגן און אויפגע־קומען צו זיין נאַציאָנאַלן לעבן, האָט זיי, די מינאָריטעטן ניט באַוואוילט, האָט ניט געהאַנדלט ווי אַנדערע פעלקער, וואָס זענען אויפגעשטאַנען תחית-המתים און פאַרגעסן די נעכטיקע אונטערדריקונג. דאָס לעטישע פאָלק האָט געגעבן אירע שכנים, אירע מיטבירגער אַ נאַציאָנאַלע, קולטור־רעלע אויטאָנאָמיע און צווישן אַנדערע — אויך די יידן.

איצט זענען שוין פופצן יאָר זינט לעטלאַנד איז אַ מלוכה פאַר זיך. זי האָט שוין אַ סך פון אירע הבטחות פאַרגעסן. און אויב די מינאָריטעטן לאָזן ניט אָן זיך פאַרגעסן, ווייל מען אַזוי גלאַט אַראָפּדינגען, אַראָפּרייסן, איינקוועטשן, און די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיעס ווערן וואָס אַמאָל איינגעגאַנגענער און איינגעטרוקנטער.

נאָר דאָס, וואָס עס איז נאָך פאַראַן איז נאָך אַלץ גרויס און הייליק.

•

אַמאָל איז דאָס פאָרן פון וואַרשע קיין ריגע געווען אַ סך נאָענטער. די באַן האָט דורכגעשניטן די טעריטאָריע פון איצטיקן ליטע: וואַרשע — ווילנע—קאָוונע—ריגע. איצט מוז מען מאַכן אַן אומוועג, ליטע איז מיט פוילן אין מלחמה-צושטאַנד... ליטע קען ניט פאַרגעסן אָן איר ווילנע...

ליטע „אָנערקענט" ניט פוילן אַלס — פוילן און אירע גרענעצן זענען ביי דער פוילישער זייט פעסט פאַרמאַכט. ניטאָ קיין בריוו־אויסטויש צווישן פוילן און ליטע. מען שרייבט קיין לעטלאַנד, אָדער דייטשלאַנד צו נאָענ־טע מענטשן, יענע „נאָענטע מענטשן" לייגן אַריין דעם בריוו אין אַן אַנדער

קאָנוווערט און קלעפּן צו אַן אַנדערע מאַרקע און שיקן עס ערשט אָפּ אויפן באַשטימטן אַדרעס.

דאָס פאָרן פון פּוילן קיין לעטלאַנד איז אַ שווערס. דאָס פאָרן פאַר אַן אויסלענדער קיין ליטע, איז נאָך ערגער. מען מוז אָנלייגן וועג, מאַכן אַן אַרומקרייז לענגאויס דעם סאָוויעטישן גרענעץ-פּאַס: ווילנע — זעמגאַ־לאַ — דווינסק ביז ריגע.

זעמגאַלאַ איז די לעטישע גרענעץ. ווען מען שטייגט אויס פון די פּוילישע עבט־מאָדערנע, נייע און באַקוועמע באַן-וואַגאָנען, איינגעריכטעט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און עלעגאַנץ, וואָס אפילו די מערב־אייראָפּעאישע באַנען קאָנען זיך ניט פאַרגלייכן (ראַדיאָ אפילו אין דריטן קלאַס) און ווען מען דאַרף איבערשטייגן דערנאָך אין דער לעטלענדישער באַן מיט די ברייטע, גרוי־הילצערנע וואַגאָנען, מיט קליינע קאַמער־פענצטערלעך, מיט די ברייטע איבערבענק — אַנטפּלעקט זיך דאָס בילד פון דעם אַמאָליקן פערטן-קלאַס, רוסישע וואַגאָנען מיט אייזערנע אויוונס, וואָס ווערן געהייצט מיט האָלץ אָט אַזוי ווי די לאָקאָמאָטיוון. די קאָנדוקטאָרן און באַאַמטע מאַכן אַ קלאָגעדיקן איינדרוק. זייער הילוך — ברוין און פאַרפּעצט. עס זעט אויס ווי דער קאָנדוקטאָר וואָלט הוץ זיין אַמט פון קאָנטראָלירן די בילעטן פון די פּאַסאַזשירן, אויך געטון נאָך אַן אַנדערע מלאכה. אמת טאַקע, ער איז דער הייצער פון וואַגאָן, אָבער, עס דוכט זיך, אַז ער העלפט אויך צולייגן דאָס האָלץ אין לאָקאָמאָטיוו־קעסל אַריין, אָדער ווייניקסטנס ברענגען און האַקן דאָס האָלץ, פאַר באַן־הייצונג...

•

לעטיש איז די אָפיציעלע שפּראַך פון דער לעטישער מלוכה. לעטיש זענען אויך די אויפשריפטן אין די וואַגאָנען, אויף אַלע עפנטלעכע פּלעצער. נאָר עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער לעטישער באַאַמטער רעדט דערווייל ביז ער וועט זיך אויסלערנען זיין נאַציאָנאַלע שפּראַך, רוסיש. און טאָמער פרעגט מען אים אויף דייטש, קלערט ער אויך ניט קיין סך און ענטפערט תיכף אויף דייטש. קיין ערשטע קלאַס איז אויף די לעטישע באַנען ניטאָ. בלויז צווייטע און דריטע. דער הילוק פון די צוויי קלאַסן איז ניט קיין גרויסער. ריין איז אין ביידע. קיין שנעלצוג גייט אויך ניט אויף דער לעטישער טעריטאָריע. ניטאָ וואָס זיך צו איילן. וויצלערס זאָגן, אַז מיט אַ שנעלצוג וואָלט דאָס לאַנד איינגעשרומפּן געוואָרן און די לעטן האָבן דווקא אַ כוונה זייער לאַנד וואָס לענגער און ברייטער אויסציִען. זאָל אַ פרעמדער, אַן אויסלענדער מיינען, אַז דער שטח איז גרויס.

פון דער פּוילישער גרענעץ ביז דער הויפּט־שטאָט פאָרט מען אַ טאָג.

די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ פֿאָלק איז גוט צו מאַכן אין דער באַן פֿון איין זייט טרעפֿט מען דעם דורכגעטריבענעם פֿאָרער און פֿון דער אַנדערער זייט — דעם פּשוטן, קליינשטעטלדיקן מענטש, אָדער — דעם פּויער, דעם לאַנדאַרבעטער. דער שטאָטישער מענטש, וואָס פֿאָרט מיט מיר אין צווייטן קלאַס־וואַגאָן רעדט רוסיש. די באַאַמטע, וואָס דרייען זיך אין וואַגאָן רעדן צווישן זיך — אויך רוסיש. צוויי מענער אין אוניפֿאָרעמס, וואָס איך קאָן נאָך ניט וויסן צי זענען זיי מיליטערישע אָדער פּאָליציייאישע, רעדן צווישן זיך רוסיש.

אין דריטן קלאַס־וואַגאָן רעדט דאָס פֿאָלק לעטיש. עס איז ניט פֿון איצט, עס איז ביי זיי ניט קיין נאַציאָנאַלע אויפֿלעבונג, עס איז ביי זיי דאָס לשון פֿון זייערע מאַמעס. און אין דעם איז דאָ דער זאַפֿט פֿון זייער פֿעטער ערד. די ייִנגערע, ווייניקער אַלט ווי פֿופֿצן יאָר, די וואָס קענען ניט לעטלאַנד אונטערן פֿרעמדן יאָך, פֿאַרשטיין ווייניק פֿון אַ פֿרעמדער שפּראַך, חוץ לעטיש. דאָס דאָרף, דער פּויער ביים אַקער אין די פּויערטע אין שטאָל, האָבן דורך יאָרהונדערטער זיך אויסגעלעבט אין ד ע ם לשון. פֿאַר זיי און דורך זיי זענען אפֿשר געשאַפֿן די 218 000 פֿאָלקס־לידער. פֿאַר זיי און פֿון זיי איז במשך פֿון דורות אויסקריסטאַליזירט געוואָרן אַן אייגענע און אייגנאַרטיקע פֿאָלקסטימלעכע אָרנאַמענטיק. אין צייטן, ווען דער רוסישער טשינאָווניק און דייטשער באַראָן האָבן דאָ אין לעטלאַנד געפֿלאַנצט באַרבאַריזם און פֿרעמדע קולטור, האָבן אָט די פּויערים געטראָגן אויף זיך דעם מלבוש פֿון נאַציאָנאַלן, פֿאַרשידן־קאָלירקן טראַכט און זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער שפּילעוודיקייט פֿון צעצונדענע פֿאַרבן, פֿון זון־אויפֿגאַנג און זון־אונטערגאַנג.

איך שמועס מיט מיינע מיטפֿאָרער, איך פֿרעג זיי:

„ווי פֿילט איר אייך אַלס זעלבסטשטענדיק פֿאָלק?"

זיי קוקן מיך אָן מיט אַ נאַאיוון, שטוינענדיקן בליק:

„וואָס הייסט ווי מיר פֿילן זיך? וואָס הייסט זעלבסטשטענדיק? ווען זענען מיר דען דאָס ניט געווען זעלבסטשטענדיק?! אפֿילו ווען די רוסן האָבן געטריבן און די דייטשן האָבן געדריקט האָבן מיר געשאַפֿן, געאָכצט און געזונגען."

עס איז אמת, די לעטן האָבן אונטער אַלע פּיינען געטאַנצט און געשאַפֿן זייער נאַציאָנאַלן טאַנץ.

# ריגע, די הויפּט-שטאָט פון לעטלאַנד

פֿאַר די אויגן גיט אַ שעמעריר די שטאָט — אַ פּראַכט. ווייס און גרין, דאָס איז דאָס בילד. אַ ווייכקייט גלעט זיך אריין אין אויג. העלע מויערן און שיינע פּאַרקן. אַזוי ווי אַן אַלטע דאַמע, וואָס ווייסט זיך ווי צו האַלטן יונג — אַזוי איז ריגע.

עס קומט גאָרניט אויפֿן זינען, אַז מען האָט דאָ צו טון מיט אַן אַלטער, גרויער, רוסישער שטאָט, אָדער מיט אַ טונקל-רויטער, ציגל-קאַזאַרמע־דייטשער שטאָט. ריגע איז אייגנאַרטיק, אַלט און מאָדערן, לוסטיק און ערנצט, גלייך און קרום־לאַבירינטיש.

אַ שטאָט — אַ פּאַרק, אַ שטאָט — אַ טעראַסע, אַ שטאָט — אַ ריינע און געצירטע, מיט פּיעטעט און פּעדאַנטישן גלאַנץ.

די סלופּעס — דין, די גאַסן־לאָמטערן זענען ניט סתם — „אייזערנע דרענגעה" — נאָר זענען ציר־שטיקער פֿאַר דער שטאָט. גראַווירט, גע-שניצטע און פֿאַנטאַסטישע. שוואַרצע, אייזערנע אָדלערס האַלטן אין זייערע פּיסקעס די לאָמפּן און די אייזערנע פליגל זענען פונאַנדערגעשפּרייט און פּאָכן אין די וואָלקנס אריין.

דער דווינע-טייך פליסט אינדערמיט שטאָט, ער טראָגט אויף זיינע כוואַליעס גריסן פון יענער זייט ערב־פּרילינג. די קריעס אייז שווימען אָן פון איבער גרענעצן פון רוסלאַנד. איצט זענען עס פרעמדע אייז-קריעס — זיי דערציילן פון אַן אַנדערער וועלט, פון אַן אַנדער לעבן פון אַ „דאָרט", וואָס איז אַמאָל געווען „דאָ". ניט איין בליק פּאָרשט אין די גרויע, גוססדיקע אייז־קריעס עפּעס אויפֿצוכאַפּן, עפּעס זיך צו דערוויסן פונעם גרויסן שכן, דעם „בער", פון יענער זייט גרענעץ.

נאָכן דורכמאַרש פון די אייז-שטיקער, פלעגן זיך באַווייזן די טראַטוועס און שלעפּ־שיפן. די רויטע פלעמלעך פון די לאָמטערנדלעך און די קנאַ־קנדיקע פּייערלעך אויף די פליטעס האָבן זיך געגליטשט איבערן טייך און אָפּגעציטערט אין וואַסער, אָט ווי עס האָבן אָפּגעקלונגען די לידער אין די אויסגעלאָשענע שויבן פון די פּאַלאַצן אויפן רעכטן ברעג דווינע און פון די אָנגעצונדענע פענצטער פון די פאַבריקן אויף דער לינקער זייט פון דווינע. איצט פליסט דער טייך רואיק און זאַכט, ווי אַ ליידיקע בויד, וואָס קומט פון איין שטאָט אין דער אַנדערער.

דער שלאָס-באַרג, די רעזידענץ פון איצטיקן מלוכה־קאָפּ, דערציילט אויף דעם שטייגער פון זיין גרויער פעסטונגס-מויער, פון זיינע טורמע־ און ווינקל-זיילן, ווען דער מאַכט פון אַמאָליקן צאַרישן גענעראַל־גובערנאַטאָר, וועלכער האָט דאָ געוואוינט און פון דאַנען געהערשט איבער די פעלקער

פון באַלטישן קאַנט. און איבער דעם באַרג-שלאָס און מעטשעט־ארטיקע קופּאָלן רייסן זיך ווי שפּיזן צום הימל די קירכנשפּיצן, דער „דאָם" מיט זיין הילצערנעם טורעם.

ניט איין סכסוך איז שוין אויסגעבראָכן צווישן די לעטן און די דייטשן — צווישן די קאַטאָליקן און די פּראָטעסטאַנטן.

און יידן האָבן זיך גראָד אָנגענומען פאַר דער עוולה פון אַ מינאָריטעט-פאָלק, ווי די דייטשן זענען אין לעטלאַנד. און אין פּאַרלאַמענט געשטיצט די דייטשישע פאָדערונג אויף די רעכט פון דאָזיקן עלטסטן קירכן־דאָם אויף וואָס זיי האָבן אַ חזקה...

דער וועג פון שלאָס־באַרג און צום קירכן־דאָם פירט צו דער אַלט-שטאָט און פאַר דיין טריט וואַקסט אויס דער פינף-הונדערט יאָריקער פולווער־טורעם. דאָס געווער-הויז פון די אַמאָליקע בעלי הבתים אין ריגע. אַ ריזיקער, טונקל־רויט־ציגלדיקער געבוי, דורכגעשפּאָלטן און דורכגעשאָסן אין פּאַרטיזאַנישע מלחמות און פון לעצטן וועלט-קריג. די קליינע פענצטער זענען געשניטן אין דער טיפער מויער און פאַרקראַטעוועט ווי אין אַ תפיסה.

און אויפן טורעם הויבט זיך אַ משופּעדיקער דאַך פון שוואַרצע שינדלען און שאַרפע שפּיצן שטאַרן אַרויס ווי פון אַ פינצטערן בוידעם. איצט איז דער פולווער-טורעם דאָס קריגס־מוזעאום פון דער נייער מלוכה לעטלאַנד.

און אָט פירט אונדז דער וועג צו אַ קליינעם מאַרק, וואו עס שטייט נאָך אַ פּלומפּ, איבערגעמאַכט פון יופּיטערס דענקמאָל. דער טריט דאָ אַהער פון די מענטשן, וואָס קומען שעפּן וואַסער אין זייערע עמערס, איז אַזאַ שלאַבעריקער, די אייזערנע האַנט פון פּלומפּ הויבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ מיט אַ פאַרזשאַווערטן קרעכץ. און ווי פאַמעלעך מען איז געקומען, אַזוי פאַמעלעך שלייכט מען זיך אַוועק. דאָ לעבט דער מיטל־עלטער אין שאָטן פון די צוויי מערקווירדיקע הייזער, פון די „שוואַרצע קעפּ", די ריטער־איינגנטימער פון דער שטאָט ריגע.

דאָס הויז פון די „שוואַרצע קעפּ" איז ווי אַ לוסטיקע פּאַראָדיע אויף דעם שווערן, אומהיימלעכן גאָטיק-סטיל, געבויט אין זעלביקן, צום הימל-רייסנדיקן און אין די וואָלקנס־טייטלענדיקן אָרט, מיט די לאַנגע און אויבן-פאַרקיילעכדיקע פענצטער, מיט די פינצטערע און אָפּשרעקנדיקע קאָנטורן. דאָס האָט דער אַרכיטעקטאָר אַרויסגעבראַכט אַ פיינעם הומאָר, וואָס לאַכט נאָך היינט אַראָפּ פון די ווענט, פון דאָזיקן מיטל-עלטערלעכן בנין. די אָרנאַמענטן און פיגורן, וואָס דינען אַלס צירונג-שטיקער אויף דער שוואַרצער מויער, זענען אילוסטרירטע בלעטלעך פון דער לעטישער געשיכטע.

# קאַרפּאַטן־רוסלאַנד

## יידישע פּויערים

צופוסנס פון די קאַרפּאַטן־בערג, צווישן די גרענעצן — אונגערן, פּוילן, רומעניע און טשעכאָ־סלאָוואַקיי ליגט אַ „יידישע מלוכה", אַן אייגנאַרטיק יידיש שטיק שטייגער־לעבן, מיט איר באַזונדערער סביבה, וואָס איז אונדז ווייט און נאָענט, אייגן און פרעמד.

אין פלוג דוכט זיך, אַז אין אָט דעם „ווינקל פון דער וועלט" איז פאַראַן אַ שארית הפּלטה פון אַ מענטשהייט, ר ע ש ט ל ע ך פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אַ געמיש פון לשונות.

קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז קאָסמאָפּאָליטיש און אָפּגעשלאָסן. קאַרפּאַטן־רוס־לאַנד איז באמת „עק וועלט". פּראָג איז אַ ווייטער חלום, וואָס דרימלט אין די אויגן פון יידישע טעכטער.

אונטער בערג און צווישן גרענעצן זענען די פעלדער אויך באַאַרבעט פון יידישע פּויערים. יידישע דערפער זענען קיין בן־יחידימלעך ניט, יידישע פּויערים־זין און פּויערים־טעכטער האָבן די זעלביקע צעאַקערטע הענט ווי די אוקראַינישע זין און טעכטער פון די אוקראַינישע פּויערים. פרייד גייט אויף איבער די יידישע פעלדער — ווי אויף די אוקראַינישע. נאָר נויט, הונגער זענען אין יידישע כאַטקעס שטאַרקער ווי אין ניט־יידישע.

איך בין געפאָרן איבער יידישע דערפער און זיך צוגעקוקט צום לעבן, און צוגעהערט צו זייערע רייד. לייט הויכע, ווי — דעמבעס, ווי ביימער, וואָס וואַקסן איינגעוואָרצלט דאָ שוין פון דורות. פון קיין אַנדער לעבן, פון קיין שטאָטיש און באַקוועמס האָבן זיי ניט געוואוסט, קיינמאָל ניט געוואוסט, און דערוואַרטן אויך ניט קיין אַנדערס. נאָר די לאַגע איז שלעכט, אַזוי שלעכט ווי ביי אַלע פּויערים פון אַ סך לענדער. זיי ווייסן ניט פון קיין אויסוועג און האָבן ניט אויף קיין פאַרלייכטערונג. זיי זענען פרום. שטאַרק פרום — די יידישע פּויערים אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. אָבער די נויט האָט זיי געלערנט קאָמוניסטיש טראַכטן. עס האָט זיך שוין אפילו אויסגעאַרבעט אַן אייגנאַרטיקע קאָנצעפּציע, אויף זייער פּרימיטיוון שטייגער־דענקען: אַז קאָמוניזם איז יושרדיק, און אַז דאָס שטימט מיט דער תורה, און מיט אירע הייליקע געבאָטן.

איבעריקנס, איז דאָס ניט קיין יידישע „קאָנצעפּציע". דאָס איז אַ איבער־

גענומענע פון די שכנים אַרום. יידישע פויערים האָבן עס פּאַרטיפּט. עס איז געוואָרן אַ שיטה. מען רעדט וועגן דעם ביים רבינס טיש, אין בית המדרש. עס איז אַ לאָזונג אַזאַ: „אַז וואָס צו גאָט איז צו גאָט — און אַז גאָט אַליין הייסט לעבן דעם מענטשן לויט די פּרינציפּן פון קאָמוניזם..."

מונקאַטש

די שילדלעך און שילדן אויף די מונקאַטשער גאַסן זענען אין דריי שפּראַכן: טשעכיש, אונגעריש און אוקראַיניש. אָבער רעדן רעדט מען אַ סך אויף אַ סך מער לשונות, אפשר אויף אַ פינף, זעקס. צו דער גערעדטער שפּראַך קומט שוין צו יידיש, און „יידיש-דייטש" און אפילו העברעאיש. פון די צופיל שפּראַכן קומט אַרויס אַ פּלאָנטער אויף דער צונג, וואָס נאָר יידן קענען עס אויספּלאָנטערן און — פאַרפּלאָנטערן.

איבער די בלאָטיקע וועגן פון געמישטע דערפער שלעפּן זיך אַרום אַלערליי, „אייניקלעך"-רבילעך, און סתם גוטע יידן. דאָס גלייבן אין אַ צדיק, איז דאָרט פאַרשפּרייט. דאָרפס-יידן שפּאַנען איין די מאָגערע פערדלעך און מען זעצט זיך אויף די הארטע געזעסן און מען פאָרט צו די רביים. מען פאָרט נאָענט און ווייט. מען ציט קיין מונקאַטש. דער רבי איז זייער שטיק יום טוב, דער רבי איז זייער פּייער-זייל, זייער לייכט-טורעם.

מונקאַטש איז איינע פון די הויפּט-שטעט אין קאַרפּאַטן-רוסלאַנד. די שטאָט ציילט אַרום און אַרום עטלעכע און צוואַנציק טויזנט איינוואוינער. דריי פערטל זענען יידן, און פון די דריי פערטל זענען פינף און ניינציק פּראָצענט חסידים. דער רבי, אָדער ווי מען רופט אים דאָרט דער רב, איז דער איינציקער הערשער און מושל. אַלע זענען אים אונטערטעניק און געהאָרכזאַם. דער מונקאַטשער רבי האָט שוין אַ וועלט-רענאָמע. זיין בילד איז דאָך שוין „ביים לעבן" פאַראייביקט געוואָרן פון דער „פאָקס פילם-פּראָדוקציע", ווען ער האָט געפּראַוועט די באַרימטע חתונה פון זיין טאָכטער. מונקאַטש איז נאָך איינע פון די שטאַרקסטע רבישע, היפּישע פעסטונגען, וואָס זענען געבליבן אין דער וועלט. אַ פעסטונג, וואָס זעט ניט אויס, אַז אַזוי גיך וועט זי געבראָכן ווערן.

איך בין טאַקע זייער און זייער נייגיריק געווען צו זען דעם „הויף" און באַנעמען דעם סוד פון זיין שטאַרקייט. איך האָב אים מיר פאַרגעשטעלט פיל אימפּאָזאַנטער אין מיין פאַנטאַזיע, ווי ער איז אין דער ווירקלעכקייט. דער מונקאַטשער „הויף" זעט אויס ווי אַן „אַריינפאָר הויז", אַ מין קליינשטעטלדיקע אַכסניה אין וועלכער עס „שטייען איין" בעל עגלות. דער אַרום און אַרום בלאָטיק און אָפּגעריסן, ביים אַריינגיין הערט מען קולות, שטאַרקע

ווייבערישע קולות, זידלערייען און קללות. איך בלייב שטיין, הער זיך איין: די קללות לויטן נוסח פונעם לעמבעריקער פיש-מאַרק. די קולות קומען פון די קעלער-שטובן. פון די קיך־פענצטער, און דאָס „רייסעניש" ווערט באַלד אויפגעקלערט: דאָס קריגט זיך די רביצן מיט די קעבינס, מיט די דינסטן, דאָס זענען די ערשטע „הימלישע" טענער, וואָס מען פאַרנעמט ביים אַרי־בערטרעטן די שוועל פונעם „הויף".

די גרויסע „קאַרפּן-קעפּ", די רייכע חסידים, וואָס וואוינען אין די ווייטע שטעט זעט מען ניט. מען קומט נאָר אויף אַ יום טוב, אָבער זייער השפּעה פילט מען אין הויף, אין בית המדרש זעט מען נאָר די בטלנים, וואָס שאַפן „שטימונג" אַרום דעם רבין, וואָס כאַפּן אויף זיין וואָרט און צעטראָגן עס.

•

איך בין גראָד געווען אין זיין „שטיבל" בעת ער איז אָנגעקומען. מען האָט מיך געוואָרנט, מיך דעם „דייטש", אַז איך זאָל אָפּטרעטן. נאָר כ'בין געווען פאַרנומען מיט באַטראַכטן די שאַבלאָנע „געמעלן" אויף די ווענט: דער שור הבור מיטן לויתן, וואָס ליגט איינגעדרייט ווי אַ בייגל. מען האָט מיין ניט-ענטפערן און ניט־אָפּרוקן זיך אָנגענומען פאַר „אַפּיקורסות". אפשר צוואַנציק אויפגעשוואָלענע הענט, מיט ברודיקע פינגער, האָבן מיך אויפ-אַמאָל גענומען וואַרגן, און מיט עטלעכע טרוקענע קלעפּ, האָט מען מיך אַ וואָרף געטון אַרויס... פאַלנדיק האָב איך מיטגעריסן אַ שטיק אָנלען פון די הילצערנע טרעפּלעך.

•

דאָס איז געווען שבת.

דער רבי איז נאָך ניט געווען אינעווייניק. ער האָט זיך נאָך אַרומגעדרייט הין און צוריק אויף דעם באַלקאָנדל פון זיין חדר־מיוחד. נאָר משער גע־ווען האָט מען זיך, אַז „ער" גייט שוין צום טיש. דער רבי האָט זיך געלאָזט צום טיש, דורכשפּאַצירנדיק דעם גאַנצן הויף. אין דער מיט איז ער פּלוצעם שטיין געבליבן, ער איז געווען אָפּגערוקט פון פּאַרקן אפשר דריי מעטער, אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט צוטין אַ מענטשלעכע זאַך; נאָך וועל־כע ער וועט זיך וואַשן די הענט און זאָגן אשר־יצר...

די תורה פון רבין איז ניט געווען אַזוי „טיף", וואָס זאָל צעגלידערן די געדאַנקען. די בטלנים האָבן צוגענענט זייערע אויערן, געקניפּט די בולקעס, וואָס זיי האָבן געהאַט אין די בוזעם-קעשענעס פון זייערע צעצויטעטע, אַטלעסנע זשופּיצעס... יונגעלייטלעך, „וואויל-לערנערס", מיט לאַנגע פּאות, לאַנג, ביז איבער די אַקסלען, האָבן זיך געלאָזט אויף מסירות נפש, כדי

צו כאַפּן שריים. דער גבאי האָט געטיילט שריים, שפּאַנענדיק מיט די פּאַר־בלאָטיקטע „לאַטשן“ און שמוציקע ווייסע זאָקן, אויפן טיש. ער האָט מיר אויך דערלאַנגט שריים — איז אָבער געשען אַ „נס“: ווען ער האָט אויסגעשטרעקט צו מיר זיין האַנט מיט דעם שטיקל קיגל איז אַ יונגטלעכער, מיט אַ ברייט שטריימל, וואָס האָט זיך אַראָפּגערוקט איבער זיינע אויגן, אונטערגעלאָפן מיטן מויל, און איידער וואָס־ווען עס אויסגעכאַפּט — איבערלאָזנדיק פאַר מיר בלויז די פעטע פינגער פון גבאים ניט־ריינער האַנט...

•

דער מונקאַטשער האָט אַן אויג אויף דער אויסערלעכער וועלט. אָבער ער פילט, אַז עפּעס האָט זיך דערזעען אַ שפּאַלט אין זיינע פעסטונגס־ווענט. עס איז ניט לאַנג נאָך געווען די צייט, ווען דער רב האָט געמסרט יידיש טעאַטער. בכלל, איז צו זיין אַ מזרחיסט אין מונקאַטש — אַ געפאַר. מזרחיזם איז שוין אַ סימפּטאָם פון וועלטלעכקייט, פון אַפּיקורסות. דאָס יידישע לעבן אין גאַנץ קאַרפּאַטן־רוסלאַנד וואָלט געהאַט אַן אַנדער אויסזען, ווען ניט אָט־דער שוואַרצער שטער־גייסט. דער ייד פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז אַן אינטערעסאַנטער טיפּ מענטש: דאָרף און פעלד. אַ קולטורעלע אויטאָנאָמיע וואָלט געווען ווי אויף דער האַנט. דער מאַגיסטראַט אין מונקאַטש גיט אַוועק זיין שטאָטישן זאַל פריי פאַר אַ יידישער טרופּע, וואָס קומט אַמאָל אַהין, און דערצו נאָך אַ יאָרלעכע סובסידיע פון פינף טויזנט קראָן, און באַפרייט פון לאָקאַלע שטייערן — דאָס איז ניט קיין מתנה דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אַ חוב, וואָס ווערט פונעם מאַגיסטראַט דערפילט צו די יידישע שטייער־צאָלער. נאָר ווען קומט אַ יידיש טעאַטער? ווען עס איז דאָ אַן אויסזיכט, אַז מען וועט ניט שטערן פון „הויף“, אַז מען וועט ניט מסרן, אַז מען וועט צורו לאָזן.

און אַקטיאָרן דערציילן, אַז נאָך אַזאַ לאַנד פאַר יידיש טעאַטער ווי קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז נאָך אויף דער וועלט ניטאָ. מען גיט אַוועק דאָס לעצטע און מען גייט אין יידישן טעאַטער. אַז מען שטערט צו שפּילן אין די שטעט, לאָזן זיך די וואַנדער־טרופּעס איבער די דערפער. מאַכט מען טעאַטער אין אַ סטאָדעלע אָדער אפילו אין אַ זומער־אָוונט, אונטערן פרייען הימל. דעמאָלט קומען ניט נאָר יידן פון די אַרומיקע דערפער, נאָר אויך ניט־יידן און אַלע נעמען אויף דאָס שפּילן, אין אַ זער פּרימיטיווער פאָרעם. דאָס יידישע לעבן איז שיין אין איר פּרימיטיווקייט, אָבער גלייכצייטיק איז פאַראַן אַ מאָדנע פאַרקריפּלטקייט אין אויף דער באַזע אַנטשטייען קאָנפליקטן: עס איז דאָס שפּראַכן־פּראָבלעם אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד.

די מאַכט בעט זיך ביי די יידן, אַז זיי זאָלן רעדן יידיש. די מאַכט איז גרייט אויסצוהאַלטן אויף איר חשבון, אויפן חשבון פון די קאָמונאַלע און מלוכהשע פאָנדן, יידישע שולן, יידישע ביבליאָטעקן, טעאַטער און בכלל קולטור־אינסטיטוציעס נאָר פאַר איין זאַך — פאַר רעדן יידיש. נאָר די באַפעלקערונג וויל ניט. זי רעדט — אונגעריש. זי לייענט אונגערישע צייטונגען, שיקט די קינדער אין די אונגערישע שולן. די יידן אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד אַסימילירן זיך ניט צו דער לאַנד־שפּראַך, טשעכיש, נאָר צום לשון פון אַ נאָענטן שכן — אונגעריש. פאַר דעם שכן האָט עס טשעכאָסלאָוואַקיי מורא, זי האָט מורא פאַר אַ מערהייט אין יענער געגנט. זי ציטערט, און די יידן, וואָס דאַרפן צום ווייניקסטן זיין פאַרינטערעסירט אין אַן אונגערישער מערהייט, שוין דערפאַר, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם בושעוועט אין אונגערן, און ס'איז דאָ ניטאָ קיין שום סיבה צו אָריענטירן זיך אויף אונגערן, ווילן פונדעסטוועגן ניט אָפּלאָזן, ניט נאָכגעבן.

אַוודאי איז דאָס אַ פיינלעכער אינצידענט. קאַרפּאַטן-רוסלאַנד איז אַן אינטערעסאַנטער ווינקל, עס האָט אין זיך עפּעס קערנדיקס, עפּעס געזונטס. עס שמעקט מיט ערד און מיט פאָלקלאָר. עס איז דאָרט די סימפּאָניע פון רויען־מענטש, פון פשטות. אויף יענע בערג איז נתגלה געוואָרן דער בעל שם טוב, ניט נאָר דער בעל שם טוב, וואָס האָט געשאַפן דעם חסידיזם, די חסידישע התלהבות, נאָר דער בעל שם טוב, וואָס איז געווען ערדיש, צווישן יידישע פויערים און געזונטע פאָלקס־מענטשן. מען באַגעגנט זיי, די סביבה־מענטשן פון בעל שם טוב, די שניידערם און קאָוואַלעס, מיט די אַטלעסנע קאַפּאָטעס, מיט די שטריימלען און לאַנגע פאות. מען באַגעגנט זיי ניט נאָר ביים כאַפּן שריים, נאָר ביי שווערער, פיזישער אַרבעט. מען זעט זיי, די יינגלעך, מיט די צעפלויגענע פאות, פאָרנדיק שנעל אויף רייטוועגעלעך, אָדער מען זעט אַ ייד אין אַ קאָלפּיק, מיט אַ ברייטן טלית־קטן, נאָכגיין דעם אַקער. מען זעט די יידישע טעכטער, פרום פאַרנומען די האָר מיט שטערן-טיכלעך, ניט נאָר ביים ליכט־צינדן און תחינות-זאָגן, נאָר ביים מעלקן קי און אויסרייניקן שטאַלן. מען טרעפט זיי ביי פאַרשידענע, שווערע מלאכות און נאָך דער אַרבעט — ביי זייערע שפּילן. איך האָב געזען זיי „פאַרשטעלען" זיך אין די גאָר פיצעלעך שטעטלעך און אימפּראָוויזירן פאַרשידענע „שפּילן".

עכטע פאָלקסטימלעכקייט, באַזוימט מיט פינצטערניש. קאָוואַדלע, נייימאַשין, אַקער-אייזן, זאַפּטיק, יידיש לשון, אונגערישע שולן, פינצטערער אָבערגלויבן און קאָמוניסטישע שיטה — דאָס איז נאָר מעגלעך אין אַזאַ פאַרוואָרפן ווינקל ווי קאַרפּאַטן־רוסלאַנד.

# בוקאַרעשט

פּאַריז פון מזרח — קליין פּאַריז

„פּאַריז פון מזרח" — דאָס איז דער נאָמען מיט וועלכן עמעץ האָט מזכּה געווען בוקאַרעשט. עס איז ניט קיין געלונגענער נאָמען. אַ נאָמען, וואָס דערמאָנט אין עפּעס אַנדערש איז אַ נאָכמאַכונג. בוקאַרעשט מיט איר צויבער, מיט איר טעמפּאָ, מיט איר עלעגאַנץ, רויש, טומל איז טאַקע אַ נאָכמאַכונג. אַ גוטע, געלונגענע קאָפּיע פון אַ גרויס קונסט־ווערק — די קאָפּיע, די רעפּראָדוקציע איז געלונגען. דאָס איז אַליין אַ באַדייטיק ווערק, אין געוויסע פּרטים, נאָך אָריגינעל און אייגנאַרטיק, און אָפט פּאַר־דריסט, למאי מען האָט בוקאַרעשט צוגעטשעפּעט צו אַ פרעמדן וואָגן פון ערגעץ אַ פּאַריז... בוקאַרעשט וואָלט געקאָנט זיין — בוקאַרעשט.

דער פרעמדער רופט עס: „קליין פּאַריז". דאָס דאָזיקע וואָרט „פּאַריז" ווייזט אויס, שטעקט גאַנץ גוט אין האַלדז די בוקאַרעשטער גופא און אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן איבערבייט אין אויסזעען, וועגן אָננע־מען אַ וועלטלעכן כאַראַקטער, וועגן דערנעענטערן זיך צו מיטל־אייראָפּע און צו דער גרויסער וועלט, האָט מען אָנגענומען דעם אַמערי־קאַנער מאָדעל און — מען אַמעריקאַניזירט זיך.

•

פאַר אַ פרעמדן, פאַר אַן אויסלענדער מאַכט בוקאַרעשט אַן איינדרוק, ווי די שטאָט וואָלט אָפּגעברענט געוואָרן און איצט — בויט מען זיך איבער.

אַזוי האָט מען פיבערהאַפט געבויט קאַליפאָרניע און אַזוי האָט זיך גע־הויבן אין די וואָלקנס אַריין ניו־יאָרק און אַזוי האָט זיך דורכגעריסן דורך בערג און פעלדזן ריאָ דע זשאַניירא און אַזוי זענען שטעט אויסגע־וואַקסן אויף די פאַרשיטע ים־שטחים אין האָלאַנד.

עס האָבן זיך אויסגעצויגן אין פּראַכט־רחבות ריזיקע בולוואַרן, מאַסיוו ווי אַ פאַבריקס־געגנט און עלעגאַנט ווי אַ גאָרטן־טעראַסע. הייזער, וואָס שרייען קאַפּריזער צו די וואָלקנס: ווייסער בעטאָן, פלאַך, איינפאַך, אַמע־ריקאַניש, מאָדערן, אַלטערטימלעך.

די הויפּט־גאַס, דער באַוועגלעכסטער שטאָט־טייל, איז אַלץ די וויקטאָריע־

גאַס, וואָס יהוסט זיך און הנדלט זיך מיט דעם קיניגלעכן פּאַלאַץ, אַ שמאָלע גאַס, ענג פון די גרויסע מענטשן-שטראָמען, וואָס טראָגן זיך אומאויפהערלעך פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, אין צומאָל — ביז פּאַרטאָג, חוץ אין די צוויי מיטאָג-שעהן, פון איינס ביז דריי. דען די גאַס איז, ווי די אַנדערע האַנדלס-גאַסן פון אַרום, געגליכן צו אַ פּוריטאַ-נישע, ענגלישע שטאָט אין אַ בלויען-זונטאָג, וואו די איינוואוינערשאַפט זיצט פאַרשטעקט אויף די ווערענדעס ביי קאַלטן געטראַנק, מיט לאַנג-ווייליקע צייטונגס-וויצן און טריקענער ביבל...

די דאָזיקע צוויי מיטאָג-שעהן זאָגן אָן דער שטאָט, אַז זי איז מיט איר גאַנצער אייראָפּעאישקייט — נאָענטער צום מזרח ווי צום מערב, און דער אָריענט גליט אויף די גלאַנציקע אַספאַלטן.

פון פּאַריז אָן, האָב איך אויף מיין וועג אין אייראָפּע ניט געזען אַזוי פיל אויטאָמאָבילן און ניט געזען אַזאַ גרויסשטאָטישן טעמפּאָ ווי אין בוקאַ-רעשט. נאָר דער טעמפּאָ, וואָס טראָגט זיך פון ערגעץ אויבן, פון דעם וועלט-באַרימטן קיסעלעף-שאָסיי און פאַרשטאַרקט זיך אין רעש פון קוואַרטאַל צו קוואַרטאַל, בלייבט שטיין ביי דעם עליזאַבעט-בולוואַר און שאַפט אַ מאָדנע געדראַנג, אַן אומגעהויערן, שטייענדיקן מענטשן-שטראָם. די בוקאַרעשטער יוגנט בלייבט שטיין אויף אַלע פיר ווינקלען פון דעם דאָזיקן ברייטן בולוואַר, וואָס רייסט זיך צו זיין ענלעך צום בראָדוויי, מיט זיינע לאַנגע שורות טעאַטערן, קינאָס, מוזיק-רעסטאָראַנען און טעראַסע-קאַפע-הייזער.

די רומענישע יוגנט בלייבט דאָ שטיין. פרישע שטראָמען טראָגן זיך אָן. דאַמען אין זייער גאַנצער עלעגאַנץ שאַרן זיך פאַרביי, בעטן זיך, מען זאָל באַטראַכטן זייער שיק. אין די פרייע אָוונט-שעהן ווערט אַ שטאַרק עלעק-טריש ליכט אַרויסגעוואָרפן אויף די גאַסן-לאָמפּן — און די אויסשטעל-פענצטער-פייערן פאַרשטאַרקן נאָך די העלקייט. עס שאַפט זיך אַ מין גע-זאַנג, אַ געזאַנג פון אויגן אויף טריט, פון טריט אויף טרוטואַר, פון טרו-טואַר צום אויער.

°

דעם אָריענט דערפילט מען אין פרי- און אין שפּעט-אָוונט. אין זומער און נאָך מער אין האַרבסט. אייגנטלעך איז בוקאַרעשט ניט אָריענט, עס פירט נאָר דער וועג צום אָריענט. נאָר ער איז שוין דער אָריענט אויפן וועג, מען דערקענט אים שוין נאָך פריער, אין טשערנאָוויץ. דער ערשטער סימן : די טעאַטערס אונטערן פרייען הימל. עס איז האַרבסט, עס איז שוין קילער, נאָר דער עולם זיצט אין די אָפענע טעאַטערס ביי לייכטע, אַמו-

זירנדיקע פֿאַרשטעלונגען, רעוויסטעס־רעוויען, „מען האַלט זיך אונטער״. מחוץ די הויפּט־גאַסן, אין די זייטיקע געסלעך, אין יידישן געטאָ, איז טעאַטער פֿאַרבונדן מיט רעסטאָראַן, געזאַנג, מיט אויף קוילן געבראָטן פֿלייש. אַ פֿאָרשטעלונג, וואָס ציט זיך פֿון דער בינע ביז צו דער קיך דורך הילף פֿון קעלנער. גאָפּל־מעסער זענען אַפּלאָדיר־אינסטרומענטן...

„באַקשיש״ איז אַן אָריענטאַלישע וואָרט און דאָ איז עס אַ טייער הילפּס־וואָרט. „באַקשיש״ איז דאָס זעלביקע וואָס אין פֿראַנקרייך „פּור־בואַר״. נאָר דאָרט איז עס אויסגעאיידלטער, דאָ איז עס אַ פּלאָג. מען ציט ממש פֿון די קעשענעס דעם „באַקשיש״. דאָס איז דאָס שרעק־וואָרט פֿאַר דעם פֿרעמדן, און דער פֿרעמדער לויפֿט דערפֿון ווי פֿון אַ רוח...

בוקאַרעשט האָט זיך אָן אַ שיעור יום־טובדיקייט. דאָס איז אַ מעלה פֿאַר אַ שטאָט. בוקאַרעשט האָט אין זיך חן פֿון אַ גאַלאַנטער דאַמע און איי־גנאַרטיקייט פֿון אַ כאַראַקטער־אַרטיסט. אַ שאָד נאָר, וואָס דאָס אייגנאַר־טיקע ווערט פֿאַרווישט. גראָד דאָס איז אַ חסרון, וואָס דאָס אַמעריקאַנישע רייסט זיך אַריין. די וואָלקנקראַצערס מאַכן בוקאַרעשט פֿאַר אַ גרויס־שטאָט, ציען זי ממש ביי די אויערן אויס. די בולוואַרן און גאַסן טומלען אַזוי פֿיל, אַ סך מער ווי די צאָל פֿון אירע איינוואוינער זענען: קיין זיבן הונ־דערט טויזנט איינוואוינער ניט און דער איינדרוק איז פֿון אַ מיליאָנען־שטאָט, אַ מעטראָפּאָליע, אַ גיגאַנט.

נאָר דאָס, וואָס איז אייגנס און אייגנטימלעך פֿאַר בוקאַרעשט אַלס שטאָט, וואָס שטייט אויפֿן וועג צום מזרח, ביי די טויערן פֿון אָריענט, דאָס ווערט פֿאַרווישט. דאָס איז דער אייגנאַרטיקער רומענישער סטיל. איך האָב געזען בנינים פֿון רומענישן סטיל און בין פֿאַרגאַפֿט געבליבן. דאָס זענען די אַזוי גערופֿענע „וויליעס״, ברייט, מאַסיוו, אַראָפּהענגנדיקע, טונקעלע דעכער, אַרמענישע, פֿאַרקיילעכדיקע אויבער־פֿענצטער, אָרנאַמענ־טן־פּאַסן ווי קאַווקאַזער זילבערנע גאַרטלען. האַלב־שלאָס און האַלב־צערקווע. געמעל־ציר און פֿרעסקן־שטיקער. פֿאַנטאַזיע־אָרנאַמענטיק און אָן אַ שיעור מעשהלע, לעגענדע. עס דערמאָנט פּערסיען, טעפּיכער, פֿאַרשלייערטע פּנימער פֿון פֿרויען, פֿאַרכישופֿטע האַרעם־נעסטן, שייכן, קינדזשאַלן, מעטשעט־קופּאָלן, מאָשעען און טעמפּלען.

און איבער דעם אַלעם גיסט זיך דאָס געבראַזג פֿון צעהאַקטע לבנה־טעלער — דזשאַז אין דעם פֿריילעכן באַסיין־קאַבאַרעט „לידאָ״ (וואָס איז אַ קאָפּיע סיי לויטן נאָמען און סיי לויטן כאַראַקטער פֿון פֿאַריזער „לידאָ״ אויף די עליזעאישע פֿעלדער) און צעשמעטערט די שטילסטע מאָטיוון, וואָס טראָגן זיך פֿון שטילע געסלעך, וואו עס שטייען אין פֿאַרפֿרעסטן שווייגן די אַרמעניש־רומענישע „וויליעס״.

בוקאַרעשט וויל רויש. זי וויל דזשאַז, זי וויל פרייליעכקייט און קאָך, ווי דער פּאַריזער פּלאַץ דע לאַ אָפּערא. זי וויל דאָס העלע שטראָמענדיקע ליכט אַ לאַ בראָדוויי — זי וויל זיין אַ טייל פון לאָנדאָנער פּיקאַדילי — און האָבן אַ חלק פון בערלינער קורפירסטענדאַם.
איז עס אַ געמיש פון אַמעריקע און אָריענט. פון מערב־אייראָפּע און אַזיע. ווי אַ גרענעץ צווישן פּאַריז און קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט זיך אויפגעשטעלט בוקאַרעשט און ווערט פון ביידע רעפלעקטירט.

## דאָס יידישע געטאָ

„וואקארעשט", „דודעשט", דאָס זענען צוויי נעמען — אַ שם דבר ניט נאָר אין בוקאַרעשט, נאָר אין גאַנץ „רעגאַט" — אין דעם אַלטן, אייגנט-לעבן רומעניע. קאַליע וואקארעשט און קאַליע דודעשט זענען ניט נאָר צוויי פּאָפּולערע גאַסן — דער סימבאָל פון יידישן געטאָ, נאָר ווי דער סימבאָל פון גאַנצן רומענישן יידנטום. קאַלע וואקארעשט און דודעשט זע-נען אייגנאַרטיק ניט נאָר ווי גאַסן, ניט נאָר ווי די קנופּ-ליניעס צו דער גאַנצער יידישער אָרעמקייט פון בוקאַרעשט, נאָר עס שלאָגט פון זיי מיט אַ לעבעדיקן אָטעם, עס ברויזט מיט ווילן צו לעבן, צו עקזיסטענץ.
„וואקארעשט" און „דודעשט" זענען ניט איינמאָל, און ניט פון איין יידישן אָדער רומענישן דיכטער באַשריבן געוואָרן. דאָס איז דער בוקאַרעשטער „איסט סייד", די רומענישע יאַטקע-גאַס. דאָ ברויזט אַ יידיש לעבן נאָר — אָן יידיש. דאָ ווערט גערעדט דער אמתדיקער, קמצדיקער, קערנ־דיק־זאַפטיקער יידיש. אָבער יידיש ווערט ניט געלייענט. עס איז אויפ־געשטאַנען אַ דור „בעל פּהניקעס", וואָס קענען זיך ניט אויס אויף דער פּירעקיקער שריפט... במילא לייענען זיי ניט, און במילא איז זיי אַלץ פרעמד, וואָס ס'ווערט אין יידיש געשריבן. די סדורימלעך זענען מיט לאַטיינישער שריפט. (ווי ערשט ניט לאַנג די רומענישע געבעט-ביכער מיטן גריכישן אַלפאַבעט). די יידישע טעאַטער פּלאַקאַטירן זיך אויף די וואַ-קאַרעשטער אָדער דודעשטער גאַסן מיט לאַטיינישע אותיות. אפילו אַזעל-כע יידישיסטן ווי דער דיכטער יעקב שטערנבערג און מ. אַלטמאַן, וואָס האָבן געשטעלט אַ יידישע רעוויסטאַ, האָבן אויך ניט אַפּישירט אויף יידיש. די סיבה:
„ניטאָ אין בוקארעשט קיין יידישע דרוקעריי, וואָס זאָל האָבן אַ גרויסע יידישע שריפט".
נאָר דאָס איז אַ תירוץ. מען האָט די יידישע מאַסע אין רומעניע אנט-וויינט פון יידיש. עס איז אַ יידיש לעבן, אַ ברויזנדיקס, אפילו מיט נשמה.

מיט האַרץ, נאָר עפּעס אָן אַ ספּרינדזענע, עס דערהערט ניט די אייגענע טריט, עס פילט ניט דעם אייגענעם פּולס.
גאַס־איין, גאַס-אויס : אַ לאַבירינט אַ גאַנצער, פאַרפּלאָנטערט און פאַרדרייט, יידישע גאַסן און געסלעך. דורכגענג און שפּאַרעס, הייזער שיינע, נייע, מאָדערנע און הייזער-חורבות, הייזער איינגעפּאַלענע, אַלט-סטיליקע, וואָס שטייען נאָך, הויכט זיך, פון דער צייט, ווען דער פּאַסטעך בוקער האָט אויפן אָרט פון דער היינטיקער מעטראָפּאָליע בוקאַרעשט אַוועקגעשטעלט זיין אָרעם הייזל נעבן דעם שפּיגלדיקן טייך דאָמבראָוויצע.
דאָס גאַנצע ביסל יידישקייט איז אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס, פּינקט ווי דאָס גאַנצע רומעניע, דאָס ערב אָריענט־לאַנד, פאַר די שולן און טעמפּלען, פאַר די קראָמען און קאַפע־הייזער.

•

אין געטאָ איז דיזעלביקע באַוועגונג ווי אין „אויבערשטן“ טייל. די טראַם־באַנען שניידן זיך דורך, ווי זיי וואָלטן זיך אין די זייטן פון די געסלעך געריבן. די יידישע גאַסן האָבן זיך זייערע אייגענע געשעפטס-דיסטריקטן, מיט גרויסע קראָמען, וואָס בלענדן דורך די אויסשטעל-פענצטער מיט אויס-געלייגטע סחורות פון לוקסוסדיקן באַדייט. און דאָ, אין דערזעלביקער געטאָ זענען די „קראָמען“ ביי טישלעך און שטעלן. דאָ, ציט מען פאַר די פּאָלעס און מען שלעפּט ביי די אַרבל. עס זענען דיזעלביקע יידן ווי פון דער ניו-יאָרקער קאַנאַל-סטריט, פון דער וואַרשעווער סמאָטשע-גאַס, פון דער בוע-נאָס איירעסער לאַוואַזשע און ווילנער זאַוואַלנע. מען רופט, מען פאַר-קויפט, מען שעלט און מען זידלט, נאָר — אויף רומעניש. דאָס זענען ניט די יידן פון די „הויכע פענצטער“ (כאָטש זיי רעדן רומעניש) דאָס זענען יידן פון דחקות. דאָס רומעניש איז דורכגעפלאָכטן מיט מאָלדאַ-וואַנישן יידיש, זאַפטיקע ווערטער-פאַרגלייכונגען. אין דעם פּרט זענען זיי ענלעך צו די האָלענדישע יידן, צו דער געמישטער, האָלענדישער, יידישער פאָלקס-מאַסע.

•

יידישקייט אין געטאָ זעט זיך אָן צום שטאַרקסטן אין די „פרעס“־יום טובים, אין די יום טובים, וואָס זענען געבויט אויף — עסן. ערב יום כפור איז אַ מצוה צו עסן. פאַרקויפט מען עסן אין די גאַסן. צום מיינסטנס גרויסע, אומגעהייער גרויסע, מעטערדיק־געפלאָכטענע קוילעטשן. דער גע-דראַנג נאָך די קוילעטשן איז גרויס אָן אַן ערך. די שמאָלע טראָטואַרן ווערן פאַרשטעלט מיט טישלעך און גאַנצע פּיראַמידן פון די קוילעטשן

ווערן אויפגעבויט. דער מסחר מיט די קוילעטשן האַלט אָן העט, העט ביז נאָך כּל נדרי. ווען יידן און יידענעס גייען פֿון די שולן און טעמפּלען, האַלט מען נאָך אַלץ אין קויפֿן.

און נאָך שטאַרקער זעט זיך אָן דער פּרעס־יום טוב חמשה עשר. דאָס געטאָ ווערט פֿאַרלייגט מיט ארץ ישראל־אויפּס: פֿייגן און באָקסערן, טייטלען און מאַנדלען, ראָזשינקעס און נים און צו דעם צו, עכטע, היימישע „קאַנאַצלעך" און צוקערוואַרג און צו דעם נאָך דאָס ספּעציפֿישע איינגעמאַכטס. אין די העכער הונדערט טויזנט יידן גיבן זיך אַ לאָז אַרויס איינקויפֿן, און די פֿאַרקייפֿערקעס מיטן רומעניש־ן אַקצענט רופֿן אויס, שרייען:

„כ א מ ש א ס ע ר ־ ר!"

דוכט זיך, אַז דאָס אַמאָליקע הדר פֿון דער גאַנצער וועלט איז דאָ אַהער מגולגל געוואָרן אין דער רומעניש־ער הויפּט־שטאָט, נאָר אָן דער אַמאָליקער, באַטעמטער פֿאַלקסטימלעכקייט, אָן דער פּרימיטיווער שיינקייט. דאָ האָט עס אַזאַ זינען ווי אין אַמעריקע די „קריסמעס"־מתנות, וואָס יידן גיבן זיך איינער דעם אַנדערן מיט אַזאַ ברייטער האַנט...

•

אָבער נאָך אימפּאָזאַנטער זעט אויס אין „וואַקאַרעשטער ראַיאָן" דער גרעסטער פּרעס־יום טוב — פּורים.

פּורים איז שוין באַרימט אַפֿילו אין דער ניט־יידישער גאַס. סיי די רומענער און סיי אַלע אַנדערע פֿעלקער, וואָס באַוואוינען די הויפּט־שטאָט — אַפֿילו טערקן, אַרמענער און ציגיינער — גיבן זיך אַ לאָז אַראָפּ טועם־טעם זיין פֿון יום טוב פּורים. פּורים, דערציילט מען, איז אין רומעניע צו עסן. מיט דער מצווה סאָלידאַריזירט זיך די גאַנצע באַפֿעלקערונג, אַפֿילו די קוזיסטן... ניט נאָר אין דער גאַס, נאָר די גאַס קומט אַהיים צו יעדן אין הויז אַריין, פּורים מאַכט מען סעודות ביי די קריסטן. פּורים קומען פֿאַר די מערסטע בעלער. פּורים איז ניט מעגלעך צו קריגן קיין זאַל, קיין לאָקאַל, די רעסטאָראַנען, גרויסע ווי קליינע, „פּיקאַדילי", ווי די ציגיינערישע באַרס, אַלץ איז באַזעצט. אַלץ איז פֿאַרנומען, באַשטעלט נאָך פֿון פֿאָרויס. דאָס געטאָ פּלייצט דאַן אַריבער אירע גרענעצן, גיסט זיך אַריבער איבער אירע ברעגן, טאַנצט אַריין אין דער קאַליע וויקטאָריע, שמעלצט זיך צונויף מיט דעם עליזאַבעט־בולוואַר, דרינגט אַריבער דער בריטאַניע און יאַנעסקו־פּראָספּעקט — עס איז דער יום טוב פֿונעם געטאָ. די גאַלוואוקע פֿון דער אכילה!...

און אַז איך קרייץ איבער די גאַסן און געסלעך פֿונעם געטאָ, דוכט זיך מיר,

אַז איך פּלאָנטער זיך אין אַ לאַבירינט פון אַמאָל, איבער שמות, אויס־געריסענע בלעטלעך פון אַ מעשה־ביכל וועגן יידיש טעאַטער, יידישן פאָלקס־ליד.

•

„איר זעט דאָס גערטנדל? היינט איז דאָ אַ זומער־טעאַטער. דאָ אויף דער בינע האָט געשפּילט אברהם גאָלדפאַדן."

עס גיט אַ צוויק ביים האַרצן, מען דערפילט ווי אָט די נאָענטקייט איז אָפּגערוקט אויף אַזויפיל ווייטקייטן. דאָס געסל אַזוי נעבעכדיק. דער הויף — אָפּגעשיילט. עס זעט אויס גיכער ווי אַ פּלאַץ, וואו מען האַלט מילך־קי, שטאַלעכלעך אַרום און אַרום. נאָר דאָס זענען קיין שטאַלעכלעך ניט, דאָס זענען וואוינונגען. דאָרט וואוינט דער איצטיקער דירעקטאָר הער גאָלד־בערג. אין מיטן הויף — מיט אַ באַריער אַרומגענומען — איז דער „פּאַרטער" פאַרן פּובליקום. די גאַלעריע איז — די אָן אַ צאָל פענצטער פון די פּריוואַטע וואוינונגען אַרום. די גאַלאָרטשיקעס האָבן דאָ די פּרי־ווילעגיע, וואָס זיי זעען די פאָרשטעלונג אומזיסט. דאָך איז זיי ניטאָ וואָס מקנא צו זיין.

•

יידיש לעבן איז פאַראַן אינעם געטאָ, אין כמעט אַלע פאַלדן פונעם מערק־ווירדיקן פאָרהאַנג. אָט, ווייזט מען מיר נאָך אַ „הויף" און אויך דאָרט שפּילט מען „טעאַטער", יידיש טעאַטער. ווער איז די טרופּע? ווייסט מען ניט. זי איז געקומען פון דער פּראָווינץ, פון בוקאָווינע צי פון בעסאַראַביע, געדונגען ביים רעסטאָראַטאָר דאָס גערטנדל. אַ בינע איז סיי ווי פאַראַן. ווער ווייסט, אפשר האָט שוין דאָרט אַמאָל געשפּילט אַ גרויסער אַר־טיסט? געזונגען האָט זיכער איינער פון די פאַרבלאָנדזשעטע „בראָדער". איצט שפּילט מען דאָרט טעאַטער. דאָס פּובליקום טראָגט זיך אַליין צו די שטולן (די, וואָס זיצן ניט ביי די טישלעך) און אויב דער „אַרטיסט" דערזעט פון דער בינע, אַז אַ צווייטער האָט ניט קיין בענקל, פּוילט ער זיך ניט, נעמט זיין בענקל און דערלאַנגט עס אין מיטן זינגען אָדער שפּילן, איבער די קעפּ פון די אַנדערע צווייטער.

און עס טרעפט אויך, אַז אין מיטן שפּילן, גיט דער אַרטיסט אַ געשריי צום קעלנער:

„וואָס לאָזטו דאָרט זיצן אַ גאַסט אַזוי לאַנג? דערלאַנג אַ פּיפּיקל מיט „אַ האַלבן" (אַ האַלבן ליטער ווייַן)!"

און דאָס געבראָטענע פלייש, פון געפּעפּערטע „מוסקים" אויף ברעטלעך

אָנשטאָט טעלערס און די געוויקלטע „קאַרנאַצלעך" קיצלען אין דער נאָז, רייסן אין האַלדז. גאָפּל מעסער קלינגען צו צום טאַקט פון דעם „האַרצרייסנדיקן" לידל פון דער פּרימאַדאָנע אויף דער בינע...

געסל־איין, געסל־אויס. מען דרייט זיך ווי אין א כישוף־קרייז אַרום דעם געטאָ. אָט איז מען אין דרויסן, אַרום די „האַלעס". עס זעט אויס, ווי דער פּערסישער מאַרק. טעפּיך־פּאַרקויפער וויקלען אויס זייערע קאָלירטע טעפּיכער, צעהענגען זיי איבער די פּלויטן און שטאַכעטן. „מאַמעליגעס" ווערן געקאָכט, געבראָטן און אַרום זיי שטייען מענגעס מיט מענטשן, מענער און פרויען, עפּעס ציגיינערישעס קוקט אַרויס פון זייערע שוואַרצע אויגן און ווייסע ציין. מען עסט די מאַמעליגעס, זיי רופן עס „קוקורוזעס" און באַלעקן זיך. עלטערע פרויען זיצן ביי די ריוועס און דרייען פּאַפּיראָסלעך אין זייד־פּאַפּיר. די גרימפּלערייען פון שפּיל־קאַסטנס און ציגיינערישע קאַפּעלעס אין די אָפּענע רעסטאָראַנען ביי די אַרמענער, שרייען איבער די אויסרופן פון די האַלע־פּאַרקויפערינס, צייטונג־שרייער, טראַמבאַן־געקלאַנג און אויטאָמאָביל טרובעס.

בוקאַרעשט טומלט. טומלט מער ווי זי קאָן טומלען.

•

און אָט, אין מיטן, דאָ וואו מען ווייסט ניט, ווען געטאָ ענדיקט זיך און וואו די „האַלעס" הייבן אָן, גיט זיך אַ שנייד אויס דער בולוואַר מעטראָפּאָליט, וואָס הויבט זיך פון איין זייט מיט שטיגן און פון דער אַנדערער — מיט אַ טעראַסע און גיט אַזאַ גיס אַריין אין אויג אַן עמער מיט צויבער, אַז מען בלייבט שטיין פאַר דער ווירקלעכקייט ווי פאַר אַ מאָלעריש בילד. פון דאַנען הויבן זיך קופּאָלן, מעטשעטן. און אין מאַטן אָפּשיין פון די לאָמפּן־גרופּעס שלאָגט זיך אָפּ דער פּאַרלאַמענט־בנין. פון דאָרט — ווייזט זיך די באַרימטע מעטראָפּאָליע־קירך, וואָס צויבערט די שטאָט נאָך זינט טויזנט זעקס הונדערט עטלעכע און פופציק יאָרן. זי מאַכט פון ווייטן אַן איינדרוק ווי אַ זעלטענער בשמים־ביקס.

און דער בולוואַר מעטראָפּאָליט כשופט און ציט מיט זיך באַרג אַרויף. עס קומט פון ערגעץ אָן אַ וויזיע, אַז דאָ וואַקסן פּאַלמעס, כאָטש עס זענען קיין פּאַלמעס ניטאָ. עס איז דורכויס עקסאָטיש, מיזרחדיק. עס איז אַ שפּאַציר ווי אין טויזנט און איין נאַכט.

און אָט ווידער דריי שפּאַן און ווידער אין געטאָ. עס דוכט, אַז אַלץ וואַקסט אַרויס פון געטאָ און אַז געטאָ איז דער צענטער פון די אַלע מערקווירדיקייטן.

קרום און געבויגן ציען זיך אַוועק גאַס נאָך גאַס און טאָל־געסל נאָך טאָל־

געסל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָרט הויזט די אָרעמקייט, יידישע און ניט-יידישע. פון יענע געבויגענע שטיבעלעך, גייט אַרויס פאַרטאָג די קראַפט פון בוקאַרעשטער אַרבעטס-כוח און אַרבעטס־הענט. פון דאָרט צעשפּרייט מען זיך איבער די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, צו הייזער־בוי און גאַסן-ברוק, אין קראָם און אין ביוראָ.

גיטאָ — יידישער און ניט-יידישער — איז דער מאַרך, וואָס באַוועגט דעם נערוו פון דער טומלדיקער שטאָט — בוקאַרעשט.

אונטערן שטיינערנעם צלם

און גיטאָ איז באַשערט צו זיין דאָס שאַנד־ווינקל פאַר דער צעהוליעטער, אָריענטאַליש-ברויזנדיקער און לאַטייניש-אומריינער שטאָט בוקאַרעשט.

דער שטיינערנער צלם!

עמעץ אַ ליץ האָט אָפּגעטון אַזאַ שפּיצל, און דאָס שפּיצל איז געוואָרן צו אַ סימבאָל.

אין מיטן פונעם גיטאָ ביי אַ ראָג גאַס, געפינט זיך אַ שטיינערנער צלם און דאָרט איז דער סימן, אַז עס הויבט זיך אָן.

וואָס הויבט זיך אָן? דער דיסטריקט פון רויטן לאַמטערל.

דאָס זענען די געסלעך, איבער וועלכע עס ציט זיך דער געלער שאָטן.

עכט אָריענטאַלישער „סטיל". הויז ביי הויז. צוויי הייזער צונויפגעבונדן, פאַרייניקט מיט אַ שמאָל הויפעלע. אַ טונקל, יאַפּאַניש לאַמטערל. פאָרנט, פאַר דעם טויערל — אַ גרופּע יוגנט, וואָס קומט אַראָפּ אין גיטאָ זיך „פאַרווײַלן".

אין אָוונט איז אַ „חוב" צו באַזוכן, סתם אַזוי, נייגיריקייטס-וועגן „דעם שטיינערנעם צלם" — מאַכן אַ וויזיט די שוועסטערלעך פון אייגענעם פאָטערלאַנד... קיין פרעמדע לאָזט מען דאָ ניט צו. נאָר זינט רומעניע באַשטייט פון פיר פּראָווינצן, מיט פיר שפּראַכן, זענען די מענטשן אויך פאַרשידן. דאָס זעט זיך צום שטאַרקסטן אָן אין די „געסלעך". אַמאָל זענען עס געווען בלויז „רעגאַטער". היינט זענען שוין אויך דאָ מאַדיאַרערינס פון טראַנסילוואַניע, דייטשקעס פון בוקאָווינע און עכטע „רוסאַלקעס" פון בעסאַראַביע.

פון איין זייט די סאָציאַלע נויט, און פון דער צווייטער זייט דער רייץ פון בוקאַרעשט, זענען די בעסטע צושטעלער פון פרויען און מיידלעך פאַר די געסלעך פון „שטיינערנעם צלם"...

•

נעבן די „בעסערע“ הייזער ווי די „קאַסאַנאָוואַ“, לויטן נאָמען פון אַ באַרימטן, איטאַליענישן פרויען-העלד, און אין דער אמתן איז דער טייטש „דאָס נייע הויז“, וואָס איז טאַקע ניי און מען האָט ערשט ניט לאַנג געמאַכט אַ גרויסע צערעמאָניע ביי דער באַנייאונג — גלחים האָבן געשפריצט מיט הייליקן וואַסער — שטייען אַ ריי פריוואַטע אויטאָמאָבילן, וואָס וואַרטן אויף זייערע באַלעבאַטים... און אין די הייזער פון די געסלעך איז לעבעדיק. אין יעדן פאָדערסאַלאָן זיצן ווי מאַנעקינס בעת אַן אויסשטעלונג צו צוואַנציק מיידלעך און מער, יונגע רומענערינס מיטן געמיש פון ראָמאַנישן און סלאַווישן אויף זייערע פנימער. ברייטע, פאַררונדיקטע פנימער און אויגן קויל-שוואַרצע און נאָך שוואַרצער זענען די האָר. זיי זיצן אַרום די פענצטער אין פאַרשידנפאַרביקע קליידער און איינהילעכצן, זיי זיצן אַזוי, אַז איינע זאָל ניט פאַרשטעלן די אַנדערע. ראַדיאָ שפּילט און זיי? —

זיי נייען און שטריקן.

אַנדערע שרייבן בריוו, טייל טאַנצן און גאָר ווייניקע — לייענען.

## יידישע ליטעראַטן

אין קאַפע „אַליטאַ“, וואָס ווערט גערעכנט פאַר איינע פון די גרעסטע קאַפעהייזער אין בוקאַרעשט, האָט זיך באַזעצט די יידישע באָהעמיע.

דאָרט איז דער מקום-מקלט פאַר די עטלעכע קרעכצנדיקע יידישיסטן, וואָס פילן זיך אַזוי גרויס אין רומעניע, אַז זיי ווייסן ניט וואו צו דערשווימען.

דאָ טרעפט מען זשורנאַליסטן-יידן און יידישע זשורנאַליסטן: יעקב שטערנבערג, משה אַלטמאַן און שלמה ביקל — דאָס איז די טרילאָגיע.

פון „אַליטאַ“-קאַפע ביז שלמה ביקלס הויז איז אַ היפשער מהלך, נאָר די פיס זענען שוין אַליין צוגעוואוינט. מען גייט אַהין פון איין אָרט צום אַנדערן. מען פלאַנט, מען טראַכט, מען קאָמבינירט. אָט ווערט אויפגעבליצט אין געדאַנק אַ „צייטשריפט“, אַ טאָג-צייטונג, אַ בוך. און אָט האָט זיך דער בליץ פאַרלאָשן. די אַפּאַטיע איז אַריינגעטרעטן. מען לאָזט אַראָפּ די הענט. דערווייל איז געבוירן געוואָרן אַ רעוויסטע פון יעקב שטערנבערג, טאַלענטפול (כאָטש פּראָווינציעל) געשריבן. אויף אַ גאָר גרויסן שטייגער אויפגעפירט, איז עס ניט מער ווי אַן אָפּשטראַל פון אַ גרויסן פּלאַן. מען קרעכצט, מען זיפצט און מען שלינגט די לאַנגווייליקייט צוזאַמען מיט טערקישער קאַווע.

און אַז עס איז דאָ אַ פּלאַץ פאַר עפּעס אויפצוטון אין בוקאַרעשט, ווי אין גאַנץ רומעניע, איז קיין ספק ניט. עס איז פאָרט פאַראַן אַ קערן, אַ קרעפּטיק,

יידיש-פאָלקסטימלעך לעבן. מעגן די בוקאַרעשטער יידן ניט לייענען קיין יידיש. רעדן רעדן זיי. שפּאַנט מען אין געטאָ דורך פאַרשידענע פּאַריינס-קאַפּעען און האַנטווערקער-טיי-הייזער, שטויסט מען זיך אָן אויף גאָר, גאָר אָן אינטערעסאַנטן עלעמענט. דער דאָזיקער עלעמענט וואָלט זיך געלאָזט דערציען. מען מוז דאָס יידישע לעבן אין אָפּגעשטאַנענע לענדער דערציען. איבעריקנס, עס איז פאַראַן אַ באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריאַט אויך. וואָס וועגן פאַרשטענדלעכע טעמים, זעט מען אים ניט אַרויס. אָבער ער איז דאָ, ער לאָזט זיך דערפילן און ווייס צו וואָס ער צילט און וואָס ער פאָדערט. מען דאַרף אים אויפזוכן, דערקענען, זיך דערנעענטערן צו אים — און בוקאַרעשט קען ווערן גאָר אינטערעסאַנט.

•

נאָר אַזוי ווי עס איז היינט, איצט, גלוסט זיך אפילו קיין איבעריקן מעת-לעת ניט צו בלייבן. גלוסט זיך ניט אַרומשפּאַנען איבער די אויסגעשפּיגלטע גאַסן פונעם גלאַנציקן אספּאַלט, איבער די אַמעריקאַנער בולוואַרן און קוויקן דאָס אויג מיט דעם אייגנאַרטיקן סטיל, וואָס איז געוואָרן רומעניש.

די מיניסטעריומס...

קיין בוקאַרעשט פליסן אַריין טאָג־טעגלעך טויזנטער מענער פון גאַנצן לאַנד. מען קומט אין געשעפט-אָנגעלעגנהייטן און מען קומט אין די מיניסטעריומס... וועגן דעם זאָרגט מען שוין, אַז די באַנען, וואָס קומען אָן פון זיבן־בירגן, פון בעסאַראַביע, פון בוקאָווינע און רעגאַט, זאָלן ניט זיין ליידיק. ניטאָ קיין מענטש אין לאַנד, וואָס זאָל ניט האָבן עפּעס אַן „ענין" אין אַ מיניסטעריום. די שטאָט פּראָפּיטירט דערפון. די האָטעלן זענען געפּאַקט. די רעסטאָראַנען זענען פול, די בולוואַרן און גאַסן — ענג.
מיינע טעג און נעכט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין בוקאַרעשט, זענען געווען אי אָנגענעמע, אי ווייטאָגדיקע.
איך האָב געקוקט מיט דער פּראָווינציאָנעלער פאַרגאַפטקייט אויף אַלץ, וואָס איז דאָ געשאַפן געוואָרן.
זינט קאַרל I האָט גענומען איינשטעלן זיין רעזידענץ ביז צו קאַרל II, דעם איצטיקן מלך פון רומעניע, וואָס האָט גענומען איבערבויען זיין פּאַלאַץ אין האַרץ פון דער שטאָט, אויף וויקטאָריע-גאַס, איז אַ גרויסער שפּרונג. איך האָב געשפּאַנט דורך קאַפּיטלען אַטעמדיק לעבן און פאַר זיך געזען פאַרגליווערטע אָפּגעשטאָרבנקייט. בוקאַרעשט איז דער פּאַראַזיט, וואָס נאָגט און זויגט און ציט און שלעפּט דאָס לעבן פון די עצמות אַרויס. אַלץ איז דאָ

טייער, אַ יקרות ממש אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע שטעט. צו דירות איז ניט צוצוטרעטן, הגם עס גייט דאָ אָן אַ פּיבערהאַפטיקע בויאונג. און נייע הייזער, וואוינונגען קומען אויף, וואַקסן אַרויס איבער לייידיקע פּלעצער, אָדער הויבן זיך איבער נידעריקע הייזלעך. דער יקרות איז אַלץ איינס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט: אין קיין שום לאַנד, דאַרף דער בירגער ניט אַזוי אָנקומען צו דער רעגירונג ווי דאָ, אין רומעניע. ערגעץ אַנדערש וואָלט מען אַזעלכע אַדמיניסטראַטיווע זאַכן מסתמא דערליידיקט אין יעדן קלענסטן שטעטל, דאָ אין רומעניע, מוז מען אַליין און פּערזענלעך דערשיינען אין באַטרעפנדיקן מיניסטעריום. זענען טאַקע די מיניסטעריום-בנינים באַלאַגערט, די טרעפּ — באַלייגט. עס דערציילן מענטשן, אַז עס קומט זיי אויס וואָכן-לאַנג צו וואַרטן, זיי קומען יעדן טאָג צו די מיניסטעריום-טירן און וואַרטן. עס קומט דער גרויסער סוחר און דער אָרעמער פּויער. מען קומט און מען ווערט פאַרשלונגען אין די אָפענע רעסטאָראַנען, טעראַסע-קאַפעען און טיי-הייזער, וואו מען פאַרברענגט אַ נאַכט דרעמלענדיק ביי די טישלעך, און ווי פאַר אַ באַשייניקונג, אַז מען מעג דעם מידן קאָפּ לאָזן פאַלן אויפן האַרטן ברעטל, שטייט אַ ניט-אָנגערירט גלעזל וויין.

אַנדערע שפּילן דורך די נאַכט אין פאַרשידענע האַזאַרד-שפּילן, אין קאָרטן. אַז עס גייט ניט אין מיניסטעריום, אפשר וועט דאָס מזל פאַרלויפן אָט-דאָ, ביי די שפּיל-טישלעך . . .

און דאָס מאַטע ליכט פון די פאַנאַרן רייסט זיך דורך די גרינע בלעטער פון די הערלעכע פּאַרקן, סטאַטועז לייכטן זיך דורך אין שאָטנדיקע אַלייען. אויף די בענק שלאָפן געשטאַלטן, וואָס גייען אויס פאַר ליבשאַפט צו זייער הויפּט-שטאָט, וואָס זינגען לידער פאַר איר און וואָס האַסן זי און פאַראַכטן — בוקאַרעשט . . . די שטאָט.

---

## יאַם

### ד י  ק ו ז י ס ט ן

גלייך דערקענט מען זיי — די קוזיסטן!

שטעלסט דעם טריט אַראָפּ אויף יאַסער באָדן און זיי קומען דיר אַקעגן: שוואַרץ-האָריקע, באַזונדערס מאַלדאַוואַניש-כאַראַקטעריסטישער געמיש פון לאַטייניש-סלאַוויש, פאַרביסן, ציגיינעריש אין די אויגן. זיי גנבענען מיט די

בליקן, פאָרשן. ווי א קאַץ פאַר דער יאַטע, אַזוי שמעקן זיי מיט די אויגן צי ביזטו ניט קיין ייד.

געקליידט: היפּער-נאַציאָנאַליסטיש. א טראַכט, וואָס איז א ביסל געגאַשט פון די אוקראַינער און א ביסל געלקחנט פון די בוקאָווינער און גאַליציאַנישע פּאָליאַקן: אָנשטאָט הויזן, ווייסע גאַטקעס, שמאָל געוויקלט אויף די פּיס ביז צו די שנור-בענדלעך. א לאַנג העמד ביז איבער די קני פּאַלט אַריבער די גאַטקעס און מאַכט דעם איינדרוק פון א קורץ קלייד. דאָס העמד איז קאָלירִיק געהאַפטן ביי דער ברוסט. אויף דעם — א קורץ פּיטערל ביז אין גאַרטל אַריין אויך אַזוי קאָלירִיק ווי דאָס העמד, מיט ציר-שנורן און העפּ-טערייען. צו דעם — א שוואַרץ-ראַנדיקער קאַפּעלוש, און אויב עס איז נאָך ניט גענוג וואַרעם — טראָגט מען אויף דעם א ברוינעם, פון ליאַנע אויסגעקלאַפּטן און אַליין געוועבטן וואָל-מאַנטל — ענלעך צו א פּוילישער „סוקמאַנע״ — דאָס איז דער רומעניש-נאַציאָנאַלער טראַכט און דער „מונדיר״ פאַר די קוזיסטישע סטודענטן.

וואָס מיר איירָאָפּעאישקייט, ווער מיר מאָדערניזם, ציוויליזאַציע. דער מונ-דיר איז דער סימבאָל פון צוריקגעשטאַנענקייט, און פאַר דעם „טראַכט״ שרעקן זיך יידן.

דער ערשטער קוזיסט, וואָס איך האָב באַגעגנט ביים אַראָפּקומען פון דער באַן, איז ניט געווען קיין געוויינלעכער. דאָס איז געווען דער באַרימטער „נאַציאָנאַלער העלד״ טאָדו, וואָס האָט אויפגעטון א גרויסע זאַך פאַר זיין פאָטערלאַנד, דערמיט, וואָס ער האָט דערשאָסן א יידישן סטודענט אין טשערנאָוויץ אָן שום סיבה. איצט גייט ער אַרום פריי און הפקרדיק. מען באַגריסט אים מיט גרויס יראת הכבוד, און ער אַליין, לויט דער מינע אויף זיין פּנים, באַטראַכט זיך פאַר דער גרעסטער פּערזענלעכקייט אין דער קוזיסטישער רעזידענץ — אין יאַס.

### קלויסטער-טורעמס, יידישע הערבן, לעגענדע

יאַס, די הויפּט-שטאָט פון מאָלדאַוויע און די כאַראַקטעריסטישע, רומענישע שטאָט, שיקט פון ווייטנס נאָך אירע גרוסן.

די אָן א שיער קלויסטער-טורעמס, קופּאָלן און גאָטישע שפּיז-שפּיצן פון געריכט-בנין, דאָס רעגירונגס-הויז, זאָגט אָן, אַז דאָ פאָרט מען אַריין אין עפּעס א שטאָט, וואָס איז געבליבן קאָנסערווירט לויט איר כאַראַקטער און אויסזעען פון מיטלעלטער. גייסט אַרום און וואַרפסט א בליק צוריק אויפן באַנהויף-בנין און עס דוכט זיך דיר, אַז דאָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פון א קירכע; און אַזוי פירן דיך די שמאָלע גאַסן ניט נאָר צום צענטער-סקווער,

וואו אונטער קאָלומנעס געפינען זיך די קאַפּעען, נאָר פירן דיך צו פאַרנעפּל־טע בלעטלעך געשיכטע און ספּעציעל — צו בלעטלעך יידישע געשיכטע. יאַס, די שטאָט פון קלויסטערס, פירשטן און קיניגן, האָט אויך אירע אַלטע מויערן איינגעקריצט דאַטעס פון וויכטיקע עפּאָכעס אין יידישן לעבן. אָנ־הויבנדיק פון די צייטן, ווען עס איז געבויט געוואָרן דאָס אָפיציעלע געטאָ, וואו די דיקע מויער און דער הויכער טורעם שטייען נאָך ווי עדות ביז צום היינטיקן טאָג, פון יאָר 1866, ווען דאָס ערשטע יידישע טעאַטער, אויך אַ גאָר פּרימיטיוון אופן, איז געשאַפן געוואָרן, ביז צו דער אויפפירונג פון שטערנבערגס „סקאַצל קומט".

•

איך גיי איבער גאַס און געסל, איבער שטאָט־טייל און דאָרפישע וועגן אַרום דער שטאָט. יעדעס הויז שווימט אַקעגן מיט אַ הערלעכן יידישן „הערב", אַ ניט־אויסגעקריצטער, אַ ניט־געמאָלענער, וואָס מען דאַרף זיך מאַטערן דעם הערב איבערצולייענען. ניין. מען זעט גאָרניט. נאָר די לעגענדע דרייט זיך אַליין אַרום פאַר טיר און טויער, און דערציילט אייך.

אַ יונגערמאַן, וואָס הייסט ראַבינזאָן, און וואָס איז אַ זון פון יאַסער רב, איז מיין באַגלייטער און ער זאָגט מיר:

„אויף יעדן בוידעם אין יאַס וואַלגערן זיך נאָך אין שמות קאַפּיטלען פון ניט־באַקאַנטער, יידישער געשיכטע."

און ער האָט עס טאַקע גענומען פאַר אַן עובדה די בוידעמער דורכצוזופן. ייווא האָט ניט איין ווינקל פון די בוידעמער שוין אַדורכגעזופט און ניט איין זעלטענעם דאָקומענט באַקומען.

מיר גייען דורך דער מעטראָפּאָליע, דער הויפּט־קירכע. און די לעגענדע הויבט זיך אָן צו וועבן: „געווען אַ יידישער יונגערמאַן, אַן עלוי. אַ גרויסער מה. זיך געשמדט, געוואָרן אַזוי גרויס, אַז ער איז געוואָרן דער מעטראָפּאָליט. זיין מאַכט האָט געשטיגן — ער איז דאָך עפּעס געווען גאָטס פאַרטרעטער אויף דער הייליקער, יאַסער ערד! . . . מאַכט זיך אַ פּאָגראָם מען קוילעט יידן . . . מען רייסט זיך אַריין אין די יידישע הייזער . . . הפקר! יידן לויפן זיך באַהאַלטן . . . ניטאָ וואו . . . די רוצחישע הענט שטרעקן זיך נאָך . . . נאָך אַ רגע און יאַסער יידן קומען אום. גייען אָפּ אין בלוט. און דאָ געשעט אַ נס! דער מעטראָפּאָליט יוסף, דער געוועזענער ישיבה־בחור, עפנט די טויערן פון דער מעטראָפּאָליטע. ער רופט אַריין אַלע יידן זיך דאָרט צו באַהאַלטן. דער גרויסער הויף ווערט אָנגעפילט מיט יידן, ער אַליין שטייט מיט אַ צלם אין האַנט נעבן טויער. די רוצחים קומען אָן, נאָר זיי וואַגן ניט אַריינ־צורייסן זיך".

פון יענער לעגענדע ביז צו דער איצטיקערווירקלעכקייט איז אַ מהלך. איצט וועבן זיך דאָ נייע לעגענדעס, וואָס זענען דערוויילי ווירקלעכקייט, וואָס וועט אפשר פאַר די קומענדיקע דורות זיין אַזוי אומגלויבלעך, ווי דאָס שיינע, אויסגעטראַכטע, און אפשר אַ ניצוץ־אמתדיקע מעשהלע, ווי וועגן מעטראָ־פּאָליט יוסף און די יידן.

די נייע לעגענדע הויבט זיך אָן אין סאַמער לעצטער צייט, בימי קוזע אין תרפ״צ אצל דער „רויטער בריק"...

## די „רויטע בריק" — דער יידישער געטאָ אין יאַס

די „רויטע בריק" — דאָס איז דער נאָמען פון איינעם פון די צוויי יידישע געטאָס אין יאַס.

פאַקטיש זענען פאַראַן צוויי געטאָס: די „רויטע בריק" און דער „שול־הויף", די גאַס אין וועלכער עס געפינען זיך עטלעכע צענדלינג שולן, צווישן זיי — די גרויסע, געמויערטע שול, וואָס זעט אויס ווי אַ פעסטונג, און איז טאַקע געבויט געוואָרן פון קיניג סטעפאַן דעם גרויסן, אַלס ספּע־ציעלע באַווייליקונג פאַר דער יידישער קהלה, וואָס האָט ארויסגעוויזן גרוי־סע העלדנטאַטן אין די פאַרשידענע מלחמות, וואָס ער האָט געפירט. די דאָזיקע שול איז געבויט געוואָרן מיטן צוועק, זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די אָפטע אָנפאַלן מצד דער ניט־יידישער באַפעלקערונג.

אָנפאַלן אויף יידן און פּאָגראָמען, ראַבירן, שלאָגן, מאָרדן — דאָס איז שוין אַן אַלט לידל אין יאַס. יעדער שטיין און יעדע מויער דערציילט מעשיות וועגן שחיטות אויף יידן. אפילו דער הויף פון דער קאַטעדראַלע — די באַרימטע מעטראָפּאָליטע — שמט אין דער לעגענדע, אַז דאָרט איז געווען אַ באַהעלטעניש פאַר די יידן בשעת פּאָגראָמען.

נאָר די היינטיקע יידן, וואָס וואוינען אין אַ צאָל פון עטלעכע צענדלינג טויזנט אין דער שטאָט יאַס, באַהאַלטן זיך ניט מער אין די „הייף" אונטער די ווענט פון קלויסטערס, דערבאַרעמט פון גוטע גלחים און פאַרשליסן זיך ניט אין די דיקע מויערן פון די שול־פעסטונגען...

•

דאָס יאַסער יידנטום, וואָס האָט זיך הויפּטזאַכלעך קאָנצענטרירט אין די צוויי געטאָס, איז תמיד גרייט צו אַ פאַרטיידיקונג. די יידן ווייסן פון דער סכנה, וואָס שוועבט איבער זייערע קעפּ. זיי ווייסן, אַז דער בלוטיקער אַנטיסעמיטיזם פון איצטיקן רומעניע שטאַמט פון זייער שטאָט — פון יאַס. יאַס, איז די שטאָט פון דעם צורר קוזאַ. און קוזאַ איז ניט סתם

עפּעס אַ פּאָליטיקער, אָדער פּאָגראָמשטשיק. ער איז פּראָפעסאָר פון יאַסער אוניווערסיטעט. ער האָט אַ לייכטע אַרבעט אויסצולערנען זיינע תלמידים די גרויסע לערע פון שלאָגן יידן — און די קוזיסטן, די סטודענטן צעטראָגן זיין „תורה" אין אַלע אַנדערע שטעט פון רומעניע. אומעטום זענען זיי דער־פאָלגרייך: אין בוקאַרעשט און אין טשערנאָוויץ, אין קעשענעוו און אין סיגעט־מאַרמאַרעש, אומעטום נאָר ניט אין יאַס, אין זייער שטאָט.
אמת טאַקע, אַז יידן אין יאַס לעקן ניט קיין האָניק ביי די קוזיסטן; אמת טאַקע, אַז קיין ייד וועט זיך ניט דערוועגן פאַרבייצוגיין די אוניווערסיטעט. קיין יידיש עפנטלעך לעבן קאָן ניט זיין, יידישע פּלאַקאַטן האָט מען מורא אַרויסצוהענגען.

•

אין קיין שטאָט אין רומעניע זעט מען ניט אַזאַ זיכערקייט אין די אייגענע כוחות, ווי מען זעט דאָס ביי די יידן אין יאַס.
און וועלכע יידן? פאַרשטייט זיך, אַז די — אָרעמע. וואָרעם די רייכע וואוינען דאָך ניט אין „שול־הויף", ניט אויף דער „רויטער בריק" — זיי וואוינען אין שטאָט־צענטער, אין די אַלייען און אויף די בולוואַרן. נאַ־טירלעך, טרעפט דער אויסברוך פון „קוזיסטישן צאָרן" אויך זיי.
די יידן פון דער „רויטער בריק" אָבער, דאָס זענען די אמתע פאָלקס־מאַסן. דאָרט וואוינט די געדיכטעניש פון יידישן האָרעפּאַשניק. מערסטנ־טיילס — דראָזשקאַזשעס, בעלי־עגלות, טרעגערס און בעלי־מלאכות. קליינ־הענדלער וואוינען שוין אויפן „שול־הויף", און כאָטש דער „שול־הויף" איז טיפּיש יידיש, רעכנט זיך אָבער די געגנט פון דער „רויטער בריק" פאַר דער יידישער פעסטונג.

•

די „רויטע בריק" איז תמיד גרייט. זי האָט אַן אייגענעם, פעסט־אָרגאַ־ניזירטן זעלבסט־שוץ. די זעלבסט־שוץ באַשטייט פון אינסטינקט. אַ קינד פון אַכט יאָר ביז אַ זקן פון ניינציק יאָר וועט זיך קעגנשטעלן די קו־זיסטישע מחנות, וועט פאַרטיידיקן זיין פּאָזיציע און אָפּשלאָגן די פּאָגראָם־אַטאַקע.
די קוזיסטן און די „אייזערנע גוואַרדיע" ווייסן דאָס, און די אַלע אַנטי־יידישע דעמאָנסטראַציעס, וואָס זיי אָרדענען־איין יעדן מאָנטאָג און דאָ־נערשטאָג פירן זיי דורך נאָר אינעם צענטער פון דער שטאָט, דאָרט, וואו עס וואוינען די רומענער. קומט זיי אָבער אויס דורכצוגיין די „רויטע בריק", מיידן זיי זי אויס און מאַכן אַן אומוועג . . .

די יידן פון יאַס האָבן ניט איין נצחון צו פאַרצייכענען פון צעמיתטע און צעשלאָגענע קוזיסטישע סטודענטן.

אָט איז געווען אַזאַ פאַל:

די קוזיסטישע סטודענטן האָבן באַשלאָסן צו „דעמאָנסטרירן" — און אַ ריזיקע מחנה, באַוואָפנט מיט שטעקנס און אייזנס, האָט זיך אַ לאָז געטון מיט „שטורעם" איינצונעמען די „רויטע בריק"... די „רויטע בריק" האָט זיך גלייך וועגן דעם דערוואוסט. מען האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז די סטודענטן וועלן צוקומען טאַקע נאָר ביז — דער בריק, די גרענעץ צווישן יאַס און דעם יידישן געטאָ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצונאַרן די קוזיסטן אין געטאָ אַריין. מען האָט אַרויסגעשיקט צו דער בריק עלטערע יידן און זיי געזאָגט, אַז ווען זיי וועלן זען אָנקומען די קוזיסטן — זאָלן זיי אָנהייבן צוריקלויפן צו דער „רויטער בריק" — און אַזוי אַרום צוגעבן „מוט" די כוליגאַנעס, אַז זיי זאָלן די אַנטלויפנדיקע, אַלטע יידן נאָכיאָגן. אַזוי איז טאַקע געווען, קוים האָט זיך די כוליגאַנישע דעמאָנסטראַציע אַריינגעריסן אויף דער „טעריטאָריע" פון געטאָ, האָט פון אַלע זייטן זיך געגעבן אַ שאָט מיט יידן — דראָזשקאָזשעס, טרעגערס, שוסטערס, און בכלל „עמך". אפילו פרויען זענען אַרויסגעלאָפן פון די נידעריקע הייז־קעס מיט טעפּ קאָכעדיק וואַסער און מען האָט „מכבד" געווען די אומגעבעטענע „געסט"...

בעתן שטורעם־מאַרש אויף די יאַסער יידן, האָט זיך זיי אויך ניט איינגעגעבן בייצוקומען די „רויטע בריק", וואָס שטעקט ווי אַ ביין אין האַלדז די קוזיסטן. אויב זיי האָבן געראַבעוועט אין יידישע הייזער, איז עס געווען אַ ביסל אין „שול־הויף" און אַ ביסל איז די זייטיקע געסלעך, וואו עס וואוינען שוין יידן, געמישט מיט די רומענער.

דערנאָך האָבן זיי אויסגעלאָזט דעם כעס צו דעם אינערן־מיניסטערס פּרי־וואַט־הויז אין יאַס. אַ נקמה דערפאַר, וואָס דער קיניג האָט באַזוכט דעם קאַלעקציאָנער פון ביכער, דעם ייד שאַפּיראָ, און אויסגעדרוקט זיין באַוואונדערונג פאַר דער אומגעהויערער צאָל ביכער־אוניקומס. און לויט דעם קיניג קאַרלס רייד, וואָלט דאָס געווען אַן אוצר פאַרן רומענישן נאַציאָנאַלן מוזעאום. די קוזיסטן האָבן זיך אייך נוקם געווען פאַר דער באַליידיקונג מצד דעם קיניג, בשעת זיין זיין אין יאַס, ווען ער האָט ניט באַזוכט זייער סטודענטישע היים — דעם צענטער פון אַלדאָס בייז אין רומעניע, הגם זיי האָבן אים, דעם קיניג פאַרבעטן.

די יאַסער יידן זענען טרויעריק פון די געשעענישן, אָבער ניט מוטלאָז, הלוואי וואָלטן זיי געקאָנט אַזוי זיך עקאָנאָמיש פאַרטיידיקן, ווי זיי קאָנען

זיך פּיזיש אָן עצה געבן מיט דער סטודענטיש-קוזיסטישער „אייזערנער גוואַרדיע".

•

דער „רויטער בריק"־דיסטריקט איז איינער פון די פאָלקסטימלעכסטע און קאָלירדרייכסטע ווינקעלעך ניט נאָר פון רומעניע, נאָר פון דער יידישער וועלט בכלל.
פאַרוואָס הייסט עס „רויטע בריק"? אַמאָל איז דאָרט געווען אַ בריקל, וואָס איז געווען אָנגעפאַרבט אויף רויט. נאָר קיינער געדענקט ניט יענע רויטע קאָליר, דער נאָמען איז אָבער געבליבן. אָט ווי עס איז געבליבן דער נאָמען... „טויטע בריק", מחמת פון גאַנץ אַלטע צייטן האָט מען דאָרט דורכגעפירט, אָדער דורכגעטראָגן די יידישע מתים. די „רויטע בריק" האָט זיך איר פירונג, איר טראַדיציע — אַ רעפּובליק, אָדער אַ מאָנאַרכיע.
ווער איז דער מאָנאַרך? ניט וויכטיק. קיינער ניט. כמעט יעדער. פאַראַן מענטשן, וואָס זענען נאָך די גרענעץ פון דער „רויטער בריק" ניט אַרי־בערגעטרעטן.
„וואו וועלן מיר גיין", פרעגט אַ זקנה, „צו די קוזיסטן?"
ביי דער זקנה איז גאַנץ יאַס קוזיסטיש, ביי איר איז איינגערעדט, אַז נאָר דאָ, אויף דעם שטח, אין די שמאָלע, האַלב־צעקרימטע, און צעדרייטע געסלעך, איז זי זיכער — אוי אַז דאָרט, איבער דעם יוסטיץ־פּאַלאַץ, אין די אַספּאַלטירטע גאַסן, וועגן וואָס זי האָט געהערט דערציילן, דאָרט איז מאָרד, איז טויט, איז פאַרניכטונג.

•

עס איז אַ מנהג אין יאַס: ווען עס קומט אַ פרעמדער דאַרף מען אים פירן צו דער „רויטער בריק" אַכט אַ זייגער אינדערפרי.
פאַרוואָס אַכט אַ זייגער אינדערפרי? ווייל דעמאָלט פראַוועט מען אַ מאָל־צייט. אַ מאָלצייט מיט געבראָטנס און מיט וויין. איך האָב זיך גערן גע־לאָזט פירן צו דער „רויטער בריק" אַכט אַ זייגער אינדערפרי. עס איז געווען אַ פיינע גרופּע. פון מיין צד — דער דיכטער יעקב שטערנבערג, דער שרייבער משה אַלטמאַן און דער טעאַטער־דירעקטאָר ה. זיגלער.
עס איז אָבער געווען אויך אַ צווייטער צד. דער צד פון די „רויטע בריק"־בירגער, אָדער ווי זיי אַליין רופן זיך אָן: אונטערטאַנער. עטלעכע מינוט נאָך אַכט, און דאָס פרישע פלייש איז געלעגן אויף די בראָט-פאַנען אויף פייער-שטאַנגען און דאָס בלוט האָט אַראָפּגעטריפט אין די הייסע קוילן

אַריין. געזאַלצן וואַסער און געקנאָבלטע געווירצן האָבן געררייצט אין האַלדז און געקיצלט אין די נעזער. עס זענען געזעסן אַ מנין מענטשן, וואָס האָבן שוין געוואָרט אויף דעם טשיקאַוון באַזוך פון די אויסטערלישע געסט. איבערהויפּט האָט עס גערייצט זייער נייגיר, וואָס מיר אַלע פיר האָבן אַ שייכות צום טעאַטער!

עס איז דאָ אָנגענעם אין דער געזעלשאַפט פון איינפאַכע, פרעמדע און פאַר מיר נאָענט-געוואָרענע יידן. איך לייג אויף זיי קיין שום האָפענונג ניט, אַז זיי וועלן ווען אַמאָל מיינס אַ ביכל דורכלייענען. פשוט: ווייל זיי קאָנען ניט. דאָס איינציקע, וואָס זיי קאָנען יאָ, איז, מיך „עקספּלואַטירן" ווען כ'וועל פאַר זיי אָנשרייבן עפּעס אַ „גוט שטיקעלע" אין עטלעכע אַקטעלעך... אָט אַ שטייגער ווי די צוויי דאָ, שטערנבערג און אַלטמאַן.

אין אַ דערבייאיק צימערל זיצן זעקס מענטשן. זעקס יונגע לייט. ביי זיי איז שוין נאָך אָנבייסן, דאָס הייסט נאָכן „געבראָטנס". זיי האָבן שוין אויסגעטרונקען עטלעכע קילאָס „רויטן" און „ווייסן". איצט שווייגן זיי, הערן זיך צו צום שמועס פון די געסט, צו אונדז, און שיילן באַניע-קערן. וואָס הייסט זיי שיילן? זיי קנאַקן — און אַזוי שנעל, אַזוי פלינק, אַזוי געשיקט, ווי עס וואָלטן מאַשינדעלעך אַ זעלכע געזעסן ביי זיי אין מויל. די קערלעך־שאָלן שיסן זיך אַרויס פון זייערע מיילער, סווישטשען זיך קאַפּויער אין אַ האַלבן בויגן... ווען מען זעט ניט דאָס — נאָר מען הערט, דוכט זיך ווי צענדלינגער מייז, וואָלטן אין עפּעס געגראַבלט...

פאַרשידענע מענטשן זיצן מיט אונדז. די עלטערע געדענקען נאָך גוט וועלוול זבאַרזשערן און ניט נאָר אים, נאָר אויך זיינע לידלעך. עס זיצט אַ שוסטער, דאָס איז דער באַרימטער שוסטער פון דער „רויטער בריק", וואָס מוז יעדן טאָג „אָפּזאָגן" אַ לידל מיטן ניגון און תניעה ווי אברהמל עליו השלום האָט געזאָגט נאָך דעמאָלט אין „פּאָמול ווערדי", אינעם גערטנדל, אונטער דעם גרינעם בוים, וואו ער, אברהם גאָלדפאַדן, האָט דאָס ערשטע מאָל ברעטלעך אויפגעשלאָגן פאַר דעם גרויסן, יידישן קולטור־בנין, וואָס הייסט — יידיש טעאַטער . . .

די יאַסער יידן האָבן שטאַרק ליב דאָס יידישע וואָרט, דאָס יידישע ליד, דאָס יידישע טעאַטער — ניט אומזיסט האָט אין דער שטאָט אברהם גאָלדפאַדן געגרינדעט אונדזער טעאַטער — און ווען עס שפּילט אַ יידישע טעאַטער־טרופּע, מוז זי זיין באַשיצט פון דער פּאָליציי...

# בעסאַראַביע

בעסאַראַבער באַן

דאָס אַמאָליקע רוסלאַנד האָט באַטראַכט בעסאַראַביע פאַר אַ שטיף־קינד. און די איצטיקע רומענישע רעגירונג, באַטראַכט זי פאַר אַ נאָך ניט־זיכע־רע פּראָווינץ.
שוין אויף דער סטאַציע אין טשערנאָוויץ, באַמערקט מען די בטול-באַציאונג צו די, וואָס פאָרן קיין בעסאַראַביע. די באַן, וואָס גייט צוויי מאָל אַ טאָג קיין בעלדז, זעט אויס פאַרוויסט, נעבעכדיק און הינטערשטעליק.
מחמת דעם, וואָס די „בעסאַראַבער שטרעקע" איז נאָך אַן איבערבליי־בעכץ פון די רוסישע, ברייטע באַן־שינעס, מוז מען די וואַגאָנעס און לאָ־קאָמאָטיוון האַלטן אויף עקסטרע, ברייטע שינעס, וואָס ליגן אין דער זייט ביים באַן־פּלאַנט, מחוץ למחנה, ווי אַ קבר פון אַ זעלבסטמערדער אויף אַ יידישן בית עולם... אַן אַלט, הינקנדיק לאָקאָמאָטיוול, קורצע, אָפּגע־ריבענע, לייכטע וואַגאָנדעלעך — דאָס איז די בעסאַראַבער באַן.

מען רעדט יידיש

הגם מען איז נאָך אויף בוקאָווינער באָדן, פון טשערנאָוויץ ביז נאָוואָ־סעליץ, אַ שטרעקע פון אַרום דרייסיק קילאָמעטער, פילט מען זיך שוין ווי אויף דער ערד פון בעסאַראַביע. דאָ וואַרגט שוין אין האַלדז דער רויך פון מאַכאָרקע, געוויקלט צומאָל ניט אין פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר, נאָר אין פּשוטע שטיקלעך צייטונגען. דאָ הערט מען שוין דעם ברייטן רוסיש און דעם כאַראַקטעריסטישן יידיש מיט די קמצן אָנשטאָט די פּתחן. דאָ הערט מען: טאָטע, מאָמע, קאָץ... און די דרייפאַכע ריש רוישט אַזוי שאַרף אַראָפּ פונעם גומען — און לגבי דעם בוקאָווינער, דייטשמעריש יידיש, קומט עס דאָ, אויף דער בעסאַראַבער באַן, אַרויס אַזוי קאָלירפול, קלינגנ־דיק־זאַפטיק, פּאַלקסטימלעך־עכט.
בוקאָווינע איז נאָכקרימעריש — און באַזונדערס די בוקאָווינער יידן. עפּעס אַ קאָלירלאָזער באַפעלקערונגס־טייל. דאָס אויער, וואָס האָט כסדר געליטן פונעם זשאַרגאָן, וואָס הייסט: בוקאָווינער יידיש־דייטש, לעבט אויף, ווערט גענעזן אין וואַגאָן, כאַפּט מען אויף די קלאַנגען פון עכטן, היימישן, שפּרו־דלדיקן און ניט-געקינסטלטן וואָרט. טיילמאָל איז עס פאַרבראָקט מיט אַ רוסיש ווערטל, וואָס קומט צו-הילף ווען ס'פעלט אוים אַן אויסדרוק. דאָס אָבער שאָדט ניט.

פֿאַרקערט, עס גיט נאָך צו אַ שטיקל קאָליר, עס גיט איבער די פֿאַרב פֿון אַ באַשטימטן ווינקל. אויך ניט-יידן רעדן רוסיש.

קעגנאיבער מיר זיצט אַ בעסאַראַבער ייִד, מיט וועמען איך בין גלייך היימיש געוואָרן נאָך איידער דער צוג האָט געריקט פֿון דער טשערנאָוויצער סטאַציע. נעבן מיר זיצט עמעץ, אין אַ שטאַרק פֿאַרלאַטעוועטן וואַטע־רעקל. עס איז לייכט צו דערקענען, אַז דאָס רעקל איז אָנגעשטאָפּט מיט וואַטע, מחמת פֿון איין לאַטע צו דער אַנדערער איז צעריסן און פֿון דאָרטן דרייוולען זיך אַרויס וואַטע־צויטן. דער דאָזיקער פֿאַרשוין האָט געהאַלטן אין איין רייכערן — און ניט קיין טיטון, ניט קיין מאַכאָרקע, ניט קיין פּאַפּיראָסן און אויך ניט קיין ציגאַרן, נאָר איינפֿאַכע שטרוי, און דער שטרוי־ריח האָט זיך צעלייגט אין נידעריקן, ניט-אויסגעקערטן וואַגאָן, ווי דער ריח, וואָס צעטראָגט זיך, ווען מען זענגט אָפּ פֿעדערן פֿון אַ גאַנדז. אָט דער פֿאַרשוין האָט זיך אַריינגעמישט אין אונדזער שמועס מיט אַ גאַנץ קערנ־דיקן יידיש.

אַזוי לאַנג ווי אונדזער שמועס האָט זיך געדרייט אַרום היימישע, בעסאַ־ראַבער, שטעטלדיקע, יידישע עסקים האָט דער קעגנאיבערזיצנדיקער שכן אָנטייל גענומען אינעם שמועס. קוים איז מען אַריין אין העכערע ענינים האָב איך באַמערקט, אַז מיין קעגנאיבערזיצנדיקער שכן ווערט קאַרג אויף אַ וואָרט. ענדלעך ווערט ער גאָר אַנטשוויגן. עס האָט ניט לאַנג געדויערט צו דערגיין דעם סוד: מיין שכן איז אַ גוי. ער רעדט יידיש, אָט ווי אַלע אין זיין שטעטל. יידן רעדן יידיש, רעדט ער אויך. אַליין איז ער אַ גוי גמור...

## בלאָטעס, בלאָטעס...

איך פֿאָר אויף בעסאַראַבער ערד...

באַוואָפּנט מיט גרויסע שטיוול־קאַלאָשן און אַ רעגנמאַנטל, מיט געדולד פֿאַר לאַנגע רייזעס אין באַנען, אין פֿירן אויף בלאָטיקע וועגן, מיט פֿאַר־שטעלונגען וועגן גוטן ווייַן, מאַמעליגע, שווערע, געזונטע זקנים, קיילעכ־דיקע און אויסגערויטלטע מיידן, פֿאַרבענקטע, ניט־אַנטדעקטע דיכטער, רויע, הילכיקע, גוט-מוטיקע לייט, וואָס האָבן ניט קיין דרך־ארץ פֿאַר אַ תּלמיד־חכם, נאָר זענען מקרב אַן „איידל מענטשל" — האָב איך זיך גע־לאָזט קיין בעסאַראַביע.

אויף די פּאַסאַזשירן דאָ איז לייכט צו דערקענען, אַז זיי שטאַמען פֿון אַ „צוויימראַנגיק" לאַנד — בעסאַראַביע, די שטיוואַלעס זענען פֿאַרשמירט מיט פֿעטער בלאָטע. די בלאָטע קלעבט אין די קליידער, אין די האָר, אין די קוטשמעס. און אַ שטיק בלאָטע איז אויך דער דיל פֿון וואַגאָן. אַ בלאָטע

איז אין דרויסן. עס זענען די אייביק־באַזונגענע אָדער ריכטיקער: באַ־ווײַנטע בעסאַראַבער בלאָטעס.

אײן באַן־ליניע ציט זיך איבער דער מיט פון בעסאַראַביע: טשערנאָוויץ־קעשענעוו און אַרום — בלאָטעס. שטעטל נאָך שטעטל ליגט פאַרזונקען אין בלאָטעס. בלאָטעס, בלאָטעס . . . עס דוכט זיך ווי דאָס זינגען אויס די רעדער, ווי דאָס קרעכצן אויס די סקריפּנדיקע וואַגאָנעס, ווי דאָס קלינגען אויס די לויזע שויבן פון די קליינע וואַגאָן־פענצטער: בלאָטעס! בלאָטעס!...

דער שפּעט-זומער שטייט נאָך אויף די פעלדער. די אויסגעליידיקטע, פאַרברענטע לאַבוזן קוקורוזעס ליגן קופּעסווייז. און דער ווינט רייסט פון זיי אַרויס גאַנצע הויפנס רויט־גאָלד, צעיאָגט זיי אויף אַלע זייטן. די קוקורוזעס פאַלן אַריין אין די ריטשקעס, וואָס האָבן זיך שוין אָנגעשטעלט פון ערשטן האַרבסט-רעגן אָן און וועלן שוין ניט אָפּגיין ביז שפּעט אין פרילינג. צי וואָס זיך אויסטריקענען און נאָכאַמאָל זיך אָנגיסן? גלייכער שוין אַזוי בלייבן. סײַ־ווי איז באַשערט זיך צו שווענקען אויף בעסאַראַבער, ליימיקע, פעטע, שוואַרץ־ערדיקע וועגן...

•

אַ לאַנד, אַן אָרעמס, נאָר אַ פעטס, אַ מזל־ברכהדיקס. דאָרף, ענג ביי דאָרף. כאַטעס ווי אין פוילן און גאַליציע, נאָר אַנדערש. וואָס אַזוינס עס איז אַנדערש קאָן דאָס אויג ניט באַשיידן, נאָר אַ געפיל אַזאַ איז דאָ. די בוימער, די צווייגן־פאַרקאַנעס, די שטאַלן — אַלץ טראָגט אויף זיך לאַסט פון שפע. די שוואַרץ-ערד קאַרגט ניט, נאָר דער מענטש, וואָס זיצט אויף דער שוואַרצער פעט-ערד, איז נעבעכדיק און פאַרלוירן. ער קומט אַקעגן און באַגריסט אונטערטעניק יעדן שטאָטישן דורכפאָרער. וואָרעם ווי באַלד אַ מענטש אין אַ קאַפּעלוש, אין אַ פּאָר קאַלאָשן, אין אַ רעגנמאַנטל — איז ער זיכער אַ פּריץ — און אַ פּריץ מוז זיין אַ באַאַמטער, אַן אַדוואָקאַט, אַ שליח פון ריכטער, אָדער אויפקוקער...

ענלעך ווי אין בוקאָווינע איז די הלבשה פון דעם בעסאַראַבער פּויער, נאָר דאָך אַנדערש; זומער און ווינטער שיידט ער זיך ניט מיט דער קוטשמע. דאָס רויע פוטערל לאָזט ווינטער ניט צו דעם פראָסט צו זיין לייב, און זומער — די שטראַלן צו זיין הויט.

אָט אַזוי האָט די צייט, די איבערגעענדערטע מלוכה ניט דערלאָזט, אַז דער בעסאַראַבער זאָל זיך צונויפשמעלצן פּסיכאָלאָגיש, קולטורעל, שפּראַכלעך מיטן איצטיקן פאָטערלאַנד — רומעניע.

און אָט איז נאָוואָסעליץ, אַ שעה פאָרן פון טשערנאָוויץ. ס׳איז אַ „גליק־לעך" שטעטל: ס׳האָט אַ באַן־סטאַציע. עס מילדערט אָבער ניט דעם כאַ־ראַקטער און אויסזעען. ס׳איז אַ געשפּאָלטן שטעטל: האַלב בוקאָווינע, האַלב בעסאַראַביע. אַמאָל איז די „קירישע" גרענעץ געווען אין מיטן שטעטל. האַלב נאָוואָסעליץ האָט געהערט צו עסטרייך, די אַנדערע העלפט צו רוסלאַנד. די באַפעלקערונג האָט גענייגט צו עסטרייך, וואָס דאָס האָט געהייסן: צו דער „מערב־קולטור". דאָס „קולטורעלע" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט גערעדט „דייטשמעריש", נאָכגעטון טשערנאָוויץ, געוואָלט זיין „מענטשלעך", גרויסשטאָטיש...

יענע צייט איז שוין לאַנג פאַרביי. צוויי צענדלינג יאָרן מעקן אָפּ אַ סך. אויפן אָרט פון דער אַמאָליקער גרענעץ שטייען נאָך אַלס זכר — צוויי גרענעץ־ביידלעך. אויף ביידע זייטן זענען נאָך דאָ שוואַכע פאַרבן און שפּורן פון אָדלערס פון דער רוסישער אימפּעריע און פון דער עסטרייך־אונגערישער מאָנאַרכיע. רומעניע באַמיט זיך צו ראָמאַניזירן דעם יונגן דור. אַלע שטייגערס און באַדינגונגען האָבן זיך געביטן, נאָר איינס — ניט: דאָס „רעדן דייטש" ביי די „בעסערע לייטע" און די נייגונג צו טשערנאָוויץ.

•

ביי די הילצערנע ווענט שטייט די יוגנט אונטערן רעגן, קוקט, שווייגט און וואַרט. די שורה פאַרגרעסערט זיך. יינגלעך, מיידלעך אין טיפּע קאַ־לאָשן און רעגן־מאַנטלען. יעדער האָלט אָנגעגרייט אַביסל קליינגעלד פאַר דעם בריוו־טרעגער. דער בריוו־טרעגער איז דער מלאך־הגואל, ער דאַרף זיך באַווייזן מיט דער גוטער בשורה — מיט אַ בריוו.

און דער בריוו־טרעגער ווייסט זיין ווערט. ער שאַצט אַליין אָפּ זיין באַ־דייט, ער ווייסט, אַז עס איז ניטאָ, וואָס צו איילן זיך, ער קאָן איבער־וואַרטן דעם רעגן, דער עולם וועט וואַרטן. ער ווייסט שוין פון פריער, ווע־מען ער ברענגט פרייד — און וועמען — גאָרניט.

„וואָס קוקט אַזוי אויס אַ שטעטל אויפן בריוו־טרעגער?" פרעג איך.

„ס׳איז היינט מיט־חודש, די קרובים אין אַמעריקע שיקן געלט יעדן ערשטן פון חודש. דויערט עס פופצן, זעכצן טעג ביז עס קומט אָן. שטייט מען היינט און מען קוקט אויס דעם בריוו־טרעגער."

„פון וואַנען ווייסט מען גענוי דעם טאָג, ווען עס קומט אָן דאָס געלט?"

„ווער זאָגט דען, אַז מען ווייסט! מען שטעלט זיך אַוועק וואַרטן דעם

צוועלפטן, ווארט מען אזוי ביזן צוואנציקסטן, און אמאל ביזן צוויי, דריי און צוואנציקסטן... ניטא קיין געדולד אויסצואווארטן, ביז דער בריוו־טרעגער וועט קומען אין הויז אריין. מען גייט אים א קעגן. טאג נאך טאג, שטייט מען אזוי אין גאס־רעגן, אין שניי־שטורעם און אין המימה־היצן. ס'איז דען דא עפעס אנדערש צו טון?"

ווען דער פאסט־טרעגער באווייזט זיך, מאכט מען א ווארע. מען טראגט אים אקעגן אין פארערגנטן פנים אריין:

„זדראסטוואוויטיע!"

„גוט מארגן!"

ווייטער פרעגט מען ניט, מען האט מורא... לעצטנס טרעפט, אז דעם בריוו־טרעגערס טאש איז פארשלאסן... מען ציטערט און מען טרייסט זיך:

„די רומענישע פאסט האט א טבע צו פארשפעטיקן..."

און מארגן ווארט מען ווידער אויפן פאסט־טרעגער. און איבערמארגן ווידער.

און עס רוקט זיך צו דער ערשטער — הויבט מען שוין אן ווארטן און האפן אויפן פערצנטן.

און אזוי פארגייען די וואכן, די חדשים און די יארן.

•

ווי א טשאטע פייגל האט זיך אמאל די יוגנט פון דאנען אוועקגעלאזט „איבערווינטערן".

אוועק קיין בראזיל, פערו, טשילי, אורוגוואי און ארגענטינע. יעדער איינער פון די אין די בלאטעס טאפטשענדיקע שאטנס — איז שוין אויסגעוואוען א וועלט...

מען איז געפארן מיט ברען, מיט חשק, מיט ענערגיע.

אז דער און יענער איז דארט געווארן רייך — וועט מען אויך פרואוון מזל.

די עטלעכע קרובים צי שכנים האבן געשיקט שיפס־קארטן און פאטא־גראפיעס, ווי זיי גייען דארט אין ווייסע קאסטיומלעך און אין שטרויע־נע הוטן.

זענען די יינגערע געפארן, זיך דארט אין דרום־אמעריקע געבויגן אונטער דער לאסט פון „פעקל". געשפארט און געזאמלט, אבי צו קומען צו „עפעס" און — דערנאך צוריקפארן קיין נאוואסעליץ און ערשט באווייזן, וואס מען דארף טון, ברענגען הייסט עס, א שטיק בראזיל אין נאוואסעליץ, מיטנעמען א טייל ארגענטינע קיין נאוואסעליץ און צוזאמען מיט דעם

אַן „אַפּויטיקע"... די „אַפּויטיקע" האָט מען געבראַכט. דער רומענישער ליי איז אַ קליינע מטבע. ווען מען טוישט אויס איין פּעזאָ, זענען דאָ אַ סך לייען... טויזנט פּעזאָס זענען דאָ אַ פֿאַרמעגן, איז מען טאַקע געקומען מיט די פּעזאָס און געטוישט אויף לייען. און ס'איז פֿון דעם גאָרניט געוואָרן. ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, און צוריקפֿאָרן קאָן מען ניט. ס'איז ניטאָ מיט וואָס. די דאָרטיקע נעמען שוין מער ניט אַריבער, זיי האָבן דאָך שוין איינמאָל געטון...

טאָפּטשען שאָטנס פֿון געוועזענע „וועלט-מענטשן" אין די היימישע, פּעטע בלאָטעס פֿון דעם בלאָטע-לאַנד בעסאַראַביע.

## דאָס שטעטל האָטין

האָטין ליגט ווי אין אַ ווינקל פֿון אַ דלת. פֿון איין זייט — די פּוילישע גרענעץ און נעבן דעם — די אוקראַינער.

עס איז אייגנטלעך ניט קיין שטעטל נאָר אַ שטאָט מיט — פֿופֿצן טויזנט איינוואוינער, אַ קרייז-שטאָט. און ווייל עס ליגט ביי אַ טאָפּעלער גרענעץ — לעבט מען דאָרט ווי אונטער אַ וואַכנדיק אויג...

אַ שטאָט, וואָס ציילט איר יחוס פֿון אַמאָל, ווען פּוילישע פֿירשטן האָבן זי געבויט און אין פֿערצנטן יאָרהונדערט, איז זי דורך די מאָלדאָוואַנער באַזעצט געוואָרן. און ווייל זי ליגט צווישן טאָל און בערג און צופֿוסנס דעם דניעסטער, האָט זיך ניט איין בלוטיקער שטורעם געהויבן איבער אירע אויסגעקרומטע הייזלעך און משופּעדיקע דעבער. ניט איינמאָל האָט זיך דאָ די לבנה געשפּיגלט אינעם בלוט-רויטן טייך — דעם דניעסטער.

אין האָטין געפֿינט זיך נאָך די חורבה פֿון דער באַרימטער פֿעסטונג, וואָס איז פֿון די מאָלדאָוואַנער אויפֿגעבויט געוואָרן אין פֿופֿצנטן יאָרהונדערט אונטער אַלעקסאַנדער, „דעם גוטן" מיט זיינס אַ פֿאַרבינדעטן, אַ פֿירשט פֿון ליטע.

און איצט פֿירט מיך אַ רומענישער פּאַטרול-זעלנער אַרום די חורבות, וואָס שטאַרען אַרויס פֿון טאָלן און רייסן זיך אויף בערג.

אין דער פֿעסטונג האָט זיך אויך געפֿונען אַ פּאַלאַץ פֿון אַ פֿירשט, אַ קירכע, וואָס איז אין די צייטן ווען די טערקן האָבן זיך באַזעצט ביי די דניעסטער-ברעגעס און אַריינגעטראָגן דאָרט זייער אָריענטאַלישע קאָלירקייט און מזרח-סטיל. שריים פֿון דעם מאָשעע-סקעלעט שטאַרצן נאָך קאַפּויער. איבערבלייבעכצן פֿון הערלעכע געמעלן, פֿון פֿאַנטאַסטישע פֿרעסקן הענגען אַראָפּ, ווי צייטן פֿון די ווענט.

איצט איז די פֿעסטונג פֿאַרלאָזט, האַלב צעוואָרפֿן. די ווענט זענען פֿעלדזיק,

פעסט און דיק. די אונטערערדישע אַריינגענג, הייל און טורעמס זענען נאָך מאַסיוו און ווידערשטאַנדס־פעאיק. נאָר וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבן אַ פעסטונג, געבויט אין פיפצנטן יאָרהונדערט, קעגן דער מלחמה, וואָס וועט זיך אָנצינדן אין יאָר טויזנט נײַן הונדערט און...?

•

אַמאָל האָט זיך דאָס שטעטל געבויט האַרט ביי דער פעסטונג. איצט איז האָטין אויסגעוואַקסן און זיך צעלייגט ווי אַ לאַנגע שלאַנג מיט עטלעכע איינקאָרבונגען. אַ ריזיקע, לאַנגע גאַס, אַ ברייטע, ממש אַ „בולוואַר" פון בײדע זײַטן — הילצערנע און פּראַנט־ציגל געמויערטע הייזלעך. קראָמען און קלייטלעך, און ווי אומעטום, אין אַלע קליינע שטעטלעך, הענגט אַ גרויסער געגעץ אונטערן הימל, וואָס איז אַזוי גרוי, אַזוי לאַנגווייליק ווי דאָס שטעטל, ווי די שטעטלדיקע מענטשן.

„די „שטאָט" האָטין האָט געביטן עטלעכע מאָל איר כאַראַקטער", דערציילט מען מיר, „נאָר דאָס שטעטל — ניט."

דאָס שטעטל מיינט מען: אונטן, וואו די פעסטינג, הויבט זיך אָן אין טאָל, ביים דניעסטער.

די גאַס פון די „גאָניקעס" איז אַ שמאָל שטשאָנקע־געסל, מיט בלויז באַל־קאָנדלעך, צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן ווי אַלטע לייט אין מושב־זקנים. אַמאָל האָבן זיך דאָ, אויף די גאַניקלעך, פון מיטלעלטער ביז האַרט פאַר דער מלחמה, שמחות, חתונות און פייערונגען אָפּגעשפּילט. נאָר זינט מען האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן, „וואו די וועלט האָט אַן עק", איז פּוסט און וויסט אין די שטיבלעך, ליידיק און פאַרשעמט שטייען די גאַניקלעך און הושכדיק איז אין די געסלעך.

אַלטע טאַטעס קוקן זיך אויס די אויגן נאָכן בריוו־טרעגער. ער דאַרף ברענגען אַ דערמאָנונג פון זייערע קינדער. די דערמאָנונג באַשטייט פון עטלעכע דאָלאַר, וואָס גוטע, בעסאַראַבער קינדער שיקן אַהיים: ווער פון אַמעריקע און ווער פון בראַזיל און נאָך ווער פון אַרגענטינע. אַ האַלב שטעטל האָט זיך איבערגעפלאַנצט אין פערו. שבטים־ווייז האָט מען אויס־געוואַנדערט פון בעסאַראַביע. יעדעס שטעטל האָט זיך אָפּגעזוכט ערגעץ אַן „אָפּלאָג".

•

אַמאָליקע צייטן האָט דאָס שטעטל, געלעבט פון אָט די ווייטע לענדער. די העק האָבן זיך געשיקט אַראָפּגעלאָזט איבער די זייטלעך פלייש אין

די כשרע יאַטקעס. עלטערע האָבן געהאַט אַ גוטע עלטער און יונגערע האָבן זיך צוגעגרייט אין ווייטן וועג.
נאָר יענע צייטן זענען מער ניטאָ. דער בריוו־טרעגער איז אָנגעכמורעט און בייז. ווייל, וואָס ווינציקער בריוו ער ברענגט — ווינציקער טרינק־געלר קריגט ער, און ברענגט ער שוין יאָ אַ בריוו — איז ער ליידיק, אָן אַ טשעק, אָן אַ געלט־פּאַפּירל. דער בריוו קומט, ווי אַן אָרעמאַן אין שטעטל, „צופוס", ניט רעקאָמענדירט... מען דאַרף זיך ניט אונטערשרייבן ביים אָרויסנעמען, ווייבער לויפן זיך ניט אָן און זענען ניט מקנה...
און דער בריוו־טרעגער באַווייזט זיך טאַקע אַלץ זעלטענער אין דער גאַניק־גאַס, אויפן שול־פּלאַץ, פאַר די כשרע יאַטקעס, פאַר די לאָדן־קלייטלעך, פאַר די שוסטער־ווערקשטאַטלעך און פאַר די שניידער־טישלעך. און באַ־ווייזט ער זיך יאָ, גיט ער אַ וואָרף־אַריין אַ בריוו, ווי מען וואַרפט אונטער אַן אומווירדיקע זאַך, אַ ממזר...
ניטאָ מער יענע צייטן. די קינדער אין אַמעריקע שיקן ניט. טייל ווילן ניט פאַרשטיין, אַנדערע קאָנען ניט פאַרשטיין, און טייל — פאַרשטייען און קאָנען ניט שיקן.
וואַקסט די יוגנט דערווייל דאָ אונטער. איצט איז פאַראַן אַ רעזערוואואַר פון יונגע כוחות, ניטאָ וואוהין פאָרן. מען צעלויפט זיך אין די גרויסע שטעט: בוקאַרעשט, קעשענעוו, טשערנאָוויץ. נאָר מען קומט פון דאָרט צוריק אַנטוישטע, פאַרהונגערטע און מען וועבט זיך דאָ אַרום מיט פאַרצווייפלונג־שפּינוועבס. ניטאָ וואו אַ הינצוטון זיך, ניטאָ וואו זיך אויסצולעבן...
מען איז אַ שניידער און קירזשנער. מען נייט איינס פאַרן אַנדערן. מען מאַכט פעלצלעך פאַר די פּויערים. מען אַרבעט לאַנגע שעהן, מוראדיק לאַנגע שעהן. דאָס ביסל פרייע צייט, וואָס מען האָט — שבת, לאָזט מען דורך מיט — באַניקערלעך, וואָס מען קנאַקט אויס חבריתהווייז...

•

גייסטיק לעבן? ניטאָ. מען ווערט געשטערט. מען לאָזט ניט. דאָס שאַרפע אויג פון דער מאַכט — וואַכט. דאָס שטעטל איז פול מיט אַגענטן און פּראָוואָקאַטאָרן. אויף בעסאַראַביע האַלט מען אַן אויג. ס'איז ראַטן־פאַר־באַנדישע גרענעץ. די פעלדער פון יענער זייט, איבערן דניעסטער, ציען... מען מוז אונטערשלאָגן יצר הרעשע באַגערן...
די גאַנצע יוגנט לאָזט זיך אַראָפּ אין די רו־טעג צום דניעסטער.
אויף יענער זייט, סך־הכל עטלעכע שפּאַן, הויבט זיך אויף אַ באַרגיקע געגנט, ליגן פעלדער לאַנגע, אָן אָפּצוימונגען, אָן אָפּגרענעצונגען, אָן

„דיינס-מיינס" און עס וויקלט זיך אַזוי ברייט אויס פאַרן אויג, אַזוי ווייט אָן אַ שיעור, אָן אַ ברעג, און ווערט פאַרלוירן אין די רויטקייטן פון די פאַרבן-צעשפּילטע האָריזאָנטן.

---

## נויט

### דער הונגער קיניגט

מיר קאָנען זיך ניט פאָרשטעלן, קיין גרעסערע איראָניע פון דער צייט, ווי די צוויי ווערטער:

„בעסאַראַביע הונגערט!"

יאָ, בעסאַראַביע הונגערט. אין די קלענערע שטעטלעך פון דרום-בעסאַראַביע ליגט מען מיט געשוואָלענע בייכער, מען לאָזט זיך אַרויס אויף די ליידיקע פעלדער: אפשר האָט זיך פאַרוואַלגערט אַביסל קוקורוזע? מען נישטערט אין די מיסטן: טאָמער געפינט מען עפּעס, וואָס עמעצער האָט אַוועקגעוואָרפן, איז אַ גרויסע פרייד.

בעסאַראַביע הונגערט! צוערשט האָט דער „קיניג הונגער" געשיקט זיינע אַמבאַסאַדאָרן אין געשטאַלט פון שטייערן-באַאַמטע, עקזעקוטאָרן. דאָס „מלכות" האָט געריסן דעם ביסן פון מויל, אַרויסגעצויגן די אַזוי אויך שוואַכע אינדוסטריע און זי „איבערגעטראָגן" צו זיך קיין יאַס, קיין בוקאַרעשט, אוממעגלעך געמאַכט, וועגן דעוויזן-פאַרוועער און באַגרענעצונג פון אַריינגעפירטן רוי-שטאָף, יעדע אויסאַרבעטונג. איצט איז געקומען דאָס טרוקעניש, דאָס אומגערעטעניש און „קיניג הונגער" שניידט מיט דער קאָסע דאָס, וואָס זיינע אַמבאַסאַדאָרן האָבן געזייעט: טויט.

מען שטאַרבט פאַר הונגער אין בעסאַראַביע. בעסאַראַביע מיט איר פעטער, שפּעדיקער שוואַרץ-ערד, מיט אירע פרוכטבאַרע ווייץ- און קוקורוזע-פעלדער. מיט אירע אָנגעלאָדענע ווייַן-גערטנער. דאָס ברייטהאַרציקע בעסאַראַביע, מיט איר אָפענער האַנט שטרעקט איר האַנט צו דער וועלט און שרייט — שטילערהייט, פאַרשעמט, געשטיקט:

„שענקט אַ נדבה! שענקט אַ ביסן ברויט, שענקט אַ קלייד, דאָס לייב צוצודעקן! שענקט אַ שייטל האָלץ, די קעלט אין די שטיבלעך צו דערוואַרעמען."

•

פּונוואַנען נעמט זיך די גרויסע נויט, וואָס טראָגט זיך איבער בעסאַראַבער שטעט, שטעטלעך און דערפער? וואָרעם ברויט, נאַפט, צוקער, האָלץ, זאַלץ און וואָל איז דאָ גענוג אויף דער וועלט, און אין רומעניע גופא איז עס אויך דאָ לרוב. אין די לאַגערן ליגט דאָס אַלץ און פוילט און מיט דער צייט וועט מען עס ארויסוואַרפן. אָט אַזוי ווי מען ברענט קאַווע אין בראַזיליע, צי ווי מען דערטרינקט פּאָמעראַנצן אין קאַליפאָרניע, אָדער ווי מען גיט פּרייזן פאַר ניט פאַרזייען אין קאַנאַדע. „געוויסע פאַקטאָרן" נוצן אויס די גרויסע נויט פון בעסאַראַבער פּויער און שיטן אויף אים מיט... מיליאָנען. יאָ, מיט מיליאָנען, אָבער ניט מיליאָנען, וואָס זאָלן לינדערן די נויט, נאָר וואָס זאָלן אויפהעצן און אויפרייצן.

מען העצט

ניט, חלילה, אויפרייצן קעגן דער רומענישער רעגירונג, וואָס איז גורם די נויט, נאָר קעגן יידן. יאָ, עס איז זייער לייכטער ברען־שטאָף, דער יידן־האָס. דער תמימותדיקער פּויער מיינט טאַקע ערנצט, אַז אַלע צרות שטאַמען פון יידן. ווייל גאָט איז אין כעס אויף די יידן, לאָזט ער אויס צו אים, דעם פּויער, זיין צאָרן, און דעריבער — דעריבער איז דער פּויער אַזאַ דאַנקבאַר מאַטעריאַל אויפגעהעצט צו ווערן. די העצערס זענען די רומענישע אַנטיסעמיטן אונטער דער דייטשער אָנפירונג. דער דייטשער קאַפּיטאַל־האַרמאַט טרעפט אין ציל... דאָס בעסאַראַבער דאָרף איז ממש פאַרפלייצט פון היטלעריסטישע אַגענטן. די נאַציס האָבן אין רומעניע אַ געטרייע אַרמיי — די קוזיסטן. מען אַרבעט בשותפות. עס אַרבעטן מעשים די דייטשן פון דער בוקאָווינע, פון דרום־בעסאַראַביע. מען נוצט אויס יעדן אומבאַרייטיקן פאַקט, יעדן אומזין, כדי צו העצן. אָט האָט מען אָפיציעל רעגיסטרירט די יידישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט ייק"א אַלס יידישע אָרגאַניזאַציע אין בעסאַראַביע, און שוין האָט מען אָנגעהויבן אַ געשריי, אַז דאָס איז די גרויסע יידישע מלוכה, וואָס וויל צונעמען די ערד ביי בעסאַראַבער פּויערים. און דערפאַר — אַ דאַנק אָט דער ווילדער יידן־העצע — איז געווען לייכט צונויפצוברענגען צו אַ „קאָנפערענץ" אַוש 20.000 פּויערים פון בעסאַראַביע און פון דער בוקאָווינע. אויף אַ פרייען פעלד איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אָט די דאָזיקע „קאָנפערענץ". ניט נאָר פון דעם נאָענטסטן טייל צו בוקאָווינע פון בעסאַראַביע, נאָר אויך פון צענטראַל־ און צפון־בעסאַראַביע איז מען צונויפגעפאָרן. די רעגירונג איז אַקעגנגעקומען דעם „ווילן פון פאָלק" און האָט געמאַכט אַלערליי פאַרלייכטערונגען. אויף די באַנען — גרויסע הנחות, כמעט אומזיסטע רייזעס. די זעלבע רעגירונג,

וואָס האָט וועגן אויסנאַם־צושטאַנד איינגעפירט די שטרענגסטע צענזור אויפן גערעדטן און געדרוקטן וואָרט, האָט גאָרניט געטון אָפּצושטעלן די אַנטיסעמיטישע העצע פון די דייטשע עמיסאַרן ביי זיך אין לאַנד. די דאָ־זיקע נאַצי־אַגענטן טוען אפשר אַ גרויסע „פּאַטריאָטישע", רומענישע אַר־בעט. זיי קערעווען דעם אויפברויז פון די הונגעריקע, דאָרפישע מאַסן אין אַן אַנדערער ריכטונג. עס איז געזונטער אויסצולאָזן דעם כעס צו די יידן, איידער צו די מאַכטהאָבער.

איז טאַקע דער „אויפמאַרש" געווען אַן „אימפּאָזאַנטער". עס האָבן אַריינ-געבוואַליעט דורך אַלע וועגן און זייטן קיין טשערנאָוויץ, די הויפּט-שטאָט פון בוקאָווינע, די טויזנטער בעסאַראַבער פּויערים, טראָגנדיק ספּעציעלע פענער און הויכע האָקנקרייצן...

איינגערעדט האָט מען זיי, די פּויערים, אַז דאָס ברענגט מען זיי קיין טשערנאָוויץ, כדי — צו צעטיילן דאָס יידישע פאַרמעגן. מען האָט זיי טאַקע געפירט, די פּויערים, איבער די טשערנאָוויצער גאַסן, זיי געוויזן די גרויסע מויערן, און געזאָגט, אַז דאָס אַלץ זענען יידישע הייזער און נאָך דער „קאָנפערענץ" וועט פאַרקומען די איבערקערעניש און מען וועט זיי, די פּויערים, אַוועקגעבן די יידישע הייזער...



אַן אינערלעכן דראַנג פון אַ הונגעריקער מאַסע צוימט מען אויף אַזאַ אופן... עס איז אַן אַלט, אויסגעפּרוּווט מיטל. די זעלבע „מעטאָדן" האָט אויך אָנגעווענדט די צאַרישע מאַכט אַמאָל אין רוסלאַנד. דורך פּאָג־ראָמען, ראַבירן, אויפרייצונגען, האָט מען געגעבן דעם אויסדרוק דער אומ־צופרידענער, ניט־אָרגאַניזירטער מאַסע. אַזעלכע „בליץ-אָפּטיילונגען" קאָ-נען זיך אָבער אַמאָל ענדיקן טרויעריק. רומעניע האָט שוין אָבער אויף דעם געביט אַ דערפאַרונג: דער פּויערים־אויפשטאַנד פון 1907 ליגט נאָך אין זכרון, דאָס בלוט פון די 11.000 דערשאָסענע איז נאָך ניט איינגעזאַפּט געוואָרן אין דער שוואַרץ-ערד פון די וויינענדיקע בעסאַראַבער פעלדער.

און אויך פאַר די הונגעריקע פּויערים פון בעסאַראַביע, זיבן-בירגן און בוקאָווינע איז דאָ אַ — הימלעריסטישע עמיסיע, געלט פון דייטשן פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטעריום, אַנטי-יידן-אַגיטאַציע און ליגנערישע צוזאָגן. די אייגענע, היימישע פּויערים און קליין-קרעמער פון רעגאַט — אַלט־רו-מעניע מוז מען אויך מיט עפּעס בלאָפן. אויך דאָרט שפּרייט אויס „קיניג הונ-גער" זיינע שוואַרצע פענער. קנעכטונג, אונטערדריקונג (וואָרעם די באָ-יאַרן פאַרמאָגן דעם גרעסטן טייל פון דער רומענישער פעטער ערד) און דערצו שטייערן — האָט מען אויסגעפונען אַן אַנדער מיטל.

מיטלעלטער, אבערגלויבן, דאָס אויסקוקן דעם נס — הימלישע וואונדער. און אָט איז עס געקומען: אין דער געגנט פון סאַגלאָוויט. ביים דונאַי האָט אַ פּאַסטעך מיטן נאָמען פּעטראַקי לופּו — געהאַט אַ „זעאונג". אפשר איז דאָס געווען גאָט אַליין? כאָטש ער, דער פּאַסטעך פאַרזיכערט, אַז עס איז געווען אַ מאַן מיט אַ „ווייסער באָרד". קאָן זיין, אַז עס איז געווען אַזאַ זעאונג. דער „געזעענער" איז אָבער אַ פּאָליטישער זשוליק — און ער האָט עס אים, דעם פּאַסטעך לופּו, געהייסען זאָגן: הימלישע זאַכען... קורץ, אין משך פון עטלעכע טעג איז דער פּאַסטעך, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „הייליקן" און דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געלאָזט קיין סאַגלאָוויט, כדי געגעזן צו ווערן. די צייטונגען האָבן דאָס צעשמירט. די קונסט־זשורנאַלן דרוקן לופּוסעס בילד, רעפּראָדוקציעס אין אַלערליי פאַרבן און פּאָזעס. מען גיט רעדוקציעס אויף די באַנען. מען ברענגט מיט קראַנקע און קרעציקע. אויף פעלדער פון סאַגלאָוויט איז שוין אַ גאַנץ שטעטל אויס־געבויט געוואָרן.

דער קולטוס-מיניסטער אַליין האָט אפילו עפנטלעך געזאָגט:

„ניט קיין נייעס. זשאַן ד'אַרק האָט זיך אויך באַוויזן אַלס נביאיטע אין קריטישן מאָמענט פאַרן לאַנד. דאָס פאָלק מוז האָבן אַזאַ שפּיל —"

יאָ, אַזאַ שפּיל איז זייער געזונט פאַר דער מלוכה, וואָס האָט גורם געווען, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך אָנכאַפּן אין אַ נביאישער שטרוי.

# אַטען

מיר דוכט, אַז עס איז ניט קיין שטאַרקער יחוס, אָט דאָס מין „וויגעלע“. וויפֿיל מיר איז אויסגעקומען צו זעען די „וויגעלעך“, שטעט אָדער לענדער, האָב איך דעם איינדרוק, אַז דאָס זענען צעשאָטענע שמות־בלעטלעך ערגעץ אונטער אַ דאַך, אויף אַ געלעכערטן בוידעם, וואָס קיינער קוקט זיך שוין דערויף ניט אום.

ניט וויכטיק איז דאָס „וויגעלע“, נאָר דאָס, וואָס איז „אויסגעוויגט“ געוואָרן. ירושלים האָט „אויסגעוויגט“ דריי רעליגיעס און אַטען — אַ ציוויליזאַציע.

שטאַרט איצטער דאָס „וויגעלע“ אַרויס דורכן זוניקן נעפּל, וואָס הענגט ווי אַ גאָלדן געוועב איבער די הימלען פֿון גריכנלאַנד. פֿון וועלכע זייטן די שיף זאָל זיך ניט דרייען, זוכנדיק אַ וועג דורכצושפּאַרן זיך צום ברעג פֿון פּירוס־פּאָרט, שווימען אַקעגן די רואינען פֿון אַקראָפּאָלים, אַ סקעלעט פֿון אַמאָליקער מאַכט, דער שאָטן פֿון אַמאָליקער גרויסקייט.

דער עולם גיט זיך אַ שיט־אַרויס אויפֿן דעק פֿון דער שיף. גאַנצע שטיקער פֿון די שול־ביכער שווימען דאָ אַקעגן, ווי אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע. ניט איינער ווערט אַנטוישט. דאָס איז די אַנטוישונג, וואָס מען פֿילט אַמאָל, בעת מען באַגעגנט זיך אין יאָרן אַרום מיט איינער, וואָס מען האָט לעבן־לאַנג — געחלומט זי צו זעען. די פֿאַנטאַזיע אין די יונגע, צעגליטע גימנאַזיע־יאָרן האָט זיך געמאָלן אַקראָפּאָלים הערלעכער און צויבערנדיקער. איצט זעט מען פֿאַר זיך אַן איינגעפֿאַלענע, האַלב־צעשאָטענע זקנה.

דאָך, דער עולם פֿיבערט פֿון אומגעדולד, וואָס פֿריִער אַראָפּצושטעלן די פֿיס אויף דער געגאַרטער ערד — גריכנלאַנד! די ערד, וואָס האָט פֿאַרשלונגען די טריט פֿון סאָקראַטעסן — די אַלייען פֿון אַלערליי געטער, די טעמפּלען פֿון יופּיטער! די סטאַטועס פֿון ווענוס, פֿון אַפּאָלאָ. אַך, גריכנלאַנד! פּיאָלעטער חלום פֿון איזידאָראַ דונקאַן!

יעדער איינער דערמאָנט זיך עפּעס אַן עפּיזאָד, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דעם אַלטן, רומפֿולן גריכנלאַנד. אַ פֿערז פֿון דער אָדיסייע, אָדער אַ סצענע פֿון עדיפּוס און אפֿשר צינדט זיך אין דער פֿאַנטאַזיע יענער ספּעקטאַקל, וואָס דאַרף זיך נאָך היינטיקן אָונט אָפּשפּילן אין דעם דיאָניסאָס־טעאַטער אָדער אין דעם סטאַדיאָן?

גיבער, קאַפּיטאַן! יעדער איז איצטער באַוואָפֿנט מיט האַנט־ביכלעך, וואָס



ד ע ר  אַ ק ר אָ פּ אָ ל י ס

דערציילן די אַמאָליקע גרויסקייט. דעם אַלטן רום פֿון אָט דעם לאַנד. דער עולם וויל אַרויסרייטן אין די מאָדערנע „ניקערס“, מיט די פֿאָטאָגראַפֿישע אַפּאַראַטן, אויף די געלעכערטע ווינטמיל־פֿליגלען פֿון דער געשיכטע.

●

פֿאַר מיר איז פּירעאוס, דער פּאָרט אין גריכנלאַנד, דערוויילן אינטערעסאַנטער, ווי די אַרויסשטאַרצנדיקע חורבות פֿון אַקראָפּאָליס. דאָ טרעף איך אָן דעם גריך פֿון היינט, פֿון איצט, מיט זיין טיפֿן, ברייט־טונקעלן פּנים און קלאַסיש־געשניצטער, לאַנגער, גלייכער נאָז. איך האָב זיך מיטן גריך באַגעגנט אין פֿאַרשידענע לענדער פֿון מיינע וואַנדערונגען. איצטער בין איך ביים גריך אין דער היים...

פּירעאוס איז אַ שטאָט פֿאַר זיך. אַ גרויסע שטאָט, נאָר זי איז פֿאַרשאָלטן צו ליגן נאָענט, עטלעכע קילאָמעטער פֿון אַטען. פּירעאוס, וואָס אָטעמט מיט פּאָרט, מיט געזאַלצענער לופֿט, מיט הייסן מאַטראָסן־אָטעם. פּירעאוס מיט די לאַנגע און ברייטע גאַסן, מיט די קראָמען און פֿאַבריקן, פּירעאוס מיטן גרויסן, ניט־געצוימטן ים־ברעג. פּירעאוס, וואָס האָט זיך כמעט ערשט נאָך דער מלחמה אויפֿגעבויט, ווערנדיק אַ היים פֿאַר הונדערטער טויזנטער גריכן פֿון דער טערקיי און אַ מקום־מקלט פֿאַר דעם רעשט פֿון

די אויסגעשאָכטענע אַרמענער — אָט די פּירעאוס שפּילט גאָר קיין ראָלע
ניט, עס איז אַ צוטשעפּעניש צו אַטען. פּונקט ווי דאָס היינטיקע אַטען איז
אַ צוטשעפּעניש צום אַטען פון אַמאָל.
אַן אונטערגרונד-באַן, לייכט און באַקוועם, אַמעריקאַניש, פאַרבינדט פּירע־
אוס מיט אַטען. געציילטע מינוטן — און פאַר דיר דערשיינט אַטען. ווערסט
אַרויסגעוואָרפן פון ערדס בויך אין אַ קאָכעדיקן קעסל, אין אַ באַוועגלעכן
אינדזל. לאָנדאָן? פּאַריז? בערלין? ניו-יאָרק? ניין, עס זענען אַלע צוזאַ־
מען. עס זידט מיט גליענדיק לעבן. עס קאָכט מיט גרויס-שטאָט און פון
אומעטום שטראַלט אַרויס עפּעס אַ באַהאַלטענע יום טובדיקייט.
ווייזט אויס, אַז די גריכן האָבן עפּעס אין זייער טאָג־טעגלעכקייט באַ־
האַלטן גאָר אַ פאַרבאָרגענע פייערלעכקייט. די דאָזיקע פייערלעכקייט דער-
פילט מען גלייך ביים באַטרעטן די אַטענער גאַסן. עס איז עפּעס ניט דער
גרויער אינדערוואָכן, וואו ערגעץ אַנדערש אין די גרויסע שטעט. די פאַר־
ביקע טאָגע, אין וועלכער דאָס אַלטע גריכנלאַנד האָט זיך אַזוי ליב געהאַט
צו הילן, איז נאָך ניט פאַרוואָרפן געוואָרן. איצטער וויקעלן זיך אין דעם
איין די גאַסן, די פּלאַזשעס פון דער שטאָט.
אַטען איז אַ מאָדערנע שטאָט, אַ לוקסוסאַרטיקע שטאָט. פול מיט געשמאַק
אין פיינעם סטיל. איך האָב אָבער איבער די גאַסן פון דער וועלט געזען

פיל מער גריכישע בנינים ווי אין אַטען גופא. אומגעקערט, זער אַ סך האָבן זיי, די ניי־גריכן, גענומען פון דער אַמעריקאַנער איינפאַכקייט. אָבער ניט די הוילע, נאַקעטע, ברוטאַלע איינפאַכקייט. פירטויזנט־יאָריקע קולטור קאָן ניט פאַרווישט ווערן.
די גאַסן זענען גלייך, ברייט, אַספאַלטירט. זיי גיסן זיך אַריין אין פּלאַזשעס. די פלאַזשעס זענען קאָלומנירט. די קאָלומנעס שרייען מיט עלעקטריש ליכט, וואָס באַהאַלט זיך אין זייערע „אָדערן". עס איז אַ ביסל ביליק, נאָר איידל אַראַנזשירט. דאָס אַלטע אַטען גיסט זיך צונויף מיטן נייעם, עס שאַפט זיך אַ וואונדערבאַרער סינטעז. מער ווי די פרעמדע, די אויסלענדער, פילן דאָס די גריכן די אַטענער, וואָס זענען פאַרליבט אין זייער הויפּט־שטאָט.

•

דער עולם לאָזט זיך צו די אַנטיק־געגנטן, צום מיינסטן אין אַקראָפּאָליס, צום שלאָס, צו די טעמפּלען. די רואינען פון אַקראָפּאָליס זענען פיל שענער פון דערווייטנס.
דער אַקראָפּאָליס הענגט ווי אַ פאַרכישופטער פּאַלאַץ איבער דער שטאָט ווי אַ קרוין אויף דעם קאָפּ פון אַטען. פון דער נאָענט אָבער צערינט אַ הערלעך מעשהלע פון אַמאָליקער גרויסקייט. אַפילו די תפיסה פון סאָקראַטעסן, נאָגט אויס דעם גאַנצן זאַפט פון דער פאַנטאַזיע, לאָזט איבער אין געמיט אַ שטיק גרויקייט פון אַ מצבה. איז שוין פיל גלייכער צו שפּאַצירן איבער דער אוניווערסיטעט־גאַס. די ברייטע, לוסטיקע גאַס, מיטן געקלאַנג פון די טראַמווייען און אויטאָבוסן, פיאַקערס און אויטאָמאָבילן. איך האָב נאָך אין קיין שום שטאָט, אויף קיין שום גאַס, ניט געפילט אַזאַ פרייד פון שפּאַצירן, ווי איבער די גאַסן פון אַטען. ניט די טעראַסע־קאַפעען און דער בקוואר־געדראַנג, די ערשט־קלאַסיק געפּוצטע אויסשטעלפענצטער און איידל־אויסגעאַרבעטע ליכט־רעקלאַמע־שילדן, ניט די אויסגעפּוצטע פרויען, וואָס מען וואָלט געקאָנט אָנרופן קלאַסישע שיינהייטן — ניין. עס איז מיר אַליין ניט קלאָר פאַרוואָס... אפשר די שורה אוניווערסיטעט־בנינים, וואָס שטייען אַזוי אין דעם חן פון זייער אַמאָליקער פראַכט, די ביבליאָטעק — דאָס איז דער איינציקער ווינקל, וואָס האָט צו טון מיט אַלט־גריכנלאַנד אין אַ נייער אַריינפאַסונג.
אַטען ווינקט שטענדיק מיט אַן אייגל צו דער וועלט. זי האָט צו פאַרקויפן „אַלט־וואַרג", געשיכטע־שטימונג, זי פּוצט אירע פראָנט־גאַסן. צווישן די טוריסטן געפינט מען אַפילו ניט אַ קליינעם טייל פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

•

די זייטיקע געסלעך, וואָס הויבן זיך אָן, ווי פליגל, גלייך ביי די הויפּט־גאַסן, שלעפּן אַוועק מיט זייער הושך און שוואַרצקייט אין אומהיימלעכע אָפּגרונטן.

דאָרט לעבט ער, דער אַרבעטער פון אַטען. ער איז פאַררוקט פון דעם הויפּט-שליאַך, אַט ווי דאָס גאַנצע לאַנד איז עפּעס אָפּגערוקט, אָפּגעשטופּט. ער קרעכצט אין זיין איינזאַמקייט און אין דער איינזאַמקייט וועבט ער אויס זיין פּראָטעסט און וואַרט אויף זיין טאָג.

איך האָב שעהן לאַנג מיט זיי פאַרבראַכט. געווען אַזעלכע, וואָס זענען צו-ריקגעקומען פון אַלע וועלט-עקן : פון אַרגענטינע און אַמעריקע, פון פראַנק-רייך און ענגלאַנד. דאָרט איז ניטאָ וואָס צו טון. אינדערהיים איז מען כאָטש ניט עלנט. פאַראַן אַ געפיל אַזאַ ביי די גריכן — אַ גוואַלדיקע ליבע צו זייער היים. עס איז ניט קיין ביליקער פּאַטריאָטיזם, נאָר אַן איינגעבוירענער סענטימענט. וואָס מען קאָן עס ניט אויסוואָרצלען. אויב קעמפן — וועט ער בעסער אין זיין היימלאַנד.

•

און אין שכינות פון אַרבעטער־קוואַרטאַלן מיט די ניט-געטישטעכטע טיש־לעך, פון די ביליקע קאַפע-שטיבלעך, שלייכט זיך אַרום אַ מאַסע, וואָס האַלט זיך אין אייביקן לעשן . . . דאָס זענען אויסגעשפּיגענע פון פאַרשי-דענע שיפן, דאָס זענען די, וואָס מען האָט ניט צוגעלאָזט צו די פּאַלעס־טינע ברעגעס. די אייביקע וואַנדערער, די פאַרצווייפלטע, יידישע מאַ-סע . . . יונגע-לייט, מיידלעך, עלטערע און יונגערע. בלייך און בלאַס, פאַר־צווייפלט און דערשלאָגן . . .

וואָס ווילן זיי דאָ, וואָס טוען זיי דאָ, וואָס שלייכן זיי זיך דאָ אַרום ? זיי אַליין ענטפערן ניט. מען ציטערט פאַר יעדן שאָרך. אַפילו דאָס היימישע יידישע וואָרט רופט אין זיי אַרויס אַ שרעק און אַ חשד.

אָפּגענאַרטע און פאַרפירטע, שפּאַנען שאָטנס פון אייביקן פאָלק איבער די גאַסן פון אַטען. איבער זייערע קעפּ טורעמט זיך דער פיל-טויזנט־יאָריקער אַקראָפּאָליס און ביי זייערע פיס זיצט אַ באַיונגטע, צעזונגענע שטאָט. פאַר־צווייפלונג שלאָגט זיך שוין אָן אין די צעפּאַלענע ווענט. רואינען פאַלן אויף רואינען . . .

# קאָנסטאַנטינאָפּאָל

איך ווייס ניט, וועלכע נעמען דאָ צו באַנוצן: קאָנסטאַנטינאָפּאָל אָדער איסטאַמבול. דאָס צווייטע וואָרט, וואָס איז דורך קעמאַל פּאַשאַ באַנייט געוואָרן אַלס נאָמען פאַר דער מעטראָפּאָליע, איז טערקישער ווי דאָס ערשטע. און כאָטש אויף דער מאַפּע און אין דער רייזע־ליטעראַטור ווערט דאָס וואָרט איסטאַמביל שוין שטאַרק גענוצט, געפינען זיך נאָך אָבער אַזעלכע, וואָס מיינען אַלץ, אַז דאָס זענען צוויי באַזונדערע שטעט.

נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, ביידע ווערטער האָבן דאָ, ביי די גרענעצן פון די צוויי וועלט־טיילן, אייראָפּע און אַזיע, אַ באַזונדערן רייץ. אפשר פאַלט דער רייץ אין אויג גראָד אין בין השמשות־נעפּל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ ווי אַ דורכזיכטיקער טיול איבער דעם לאַנגן פענצטער — דעם „גאָלדענעם האָרן", אָט דעם געדרייטן שפּיגל־פּאַס, וואָס פליסט אַרויס אָדער אַריין פונעם באָספּאָרוס. די ריזיקע צאָל מינאַרעטן, הויכע און נידעריקע מעטשעט־טורעמס, זעען אויס אין אַזעלכע בין־השמשותן ווי פאַנטאַסטישע וועלדער, ווי די שפּיצן פון ריזן־וועכטער.

עפּעס איז פאַראַן אין דעם בליק אויף קאָנסטאַנטינאָפּאָל, יענער געהיימער ציטער פון נייגיר און אומהיימלעכקייט... איך ווייס ניט, פאַרוואָס די אַלע קופּאָלן דערמאָנען דווקא גראָד האַרעמס, געפאַנגענע פרויען, געהיימענישן.

דאָס אַלץ איז אָן איבערבלייבעכץ פון אַ באַגריף, פון בילדער, וואָס לעבן נאָך בלויז אין זכרון. נאָר פון דער ווירקלעכקייט איז עס שוין פאַרשוואונדן. אָט קומט אַרויף אויף דער שיף די טערקישע פּאָליציי. זיי, די טערקישע פּאָליציאַנטן, זענען ניט עקזאָטישער ווי אין וועלכע עס איז אַנדערן לאַנד פון אייראָפּע. די פעסקעס זענען אויך פאַרשוואונדן. דאָס איז פאַרוועררט אויף דער טעריטאָריע פון דער אַנאַטאָליער רעפּובליק. די שיף איז געאַנקערט ביי די אַזיאַטישע ברעגעס, נאָר פאַר דיר שווימט אַ שטיק אייראָפּע. דיך גריסט אַ מאָדערנע מעטראָפּאָליע, אַ ציוויליזירטע הויפּט־שטאָט, וואָס רייסט זיך דורך דעם וואַלד פון מינאַרעטן דורך אַלטער־טימלעכע קופּאָלן און סודותפולע פּאַלאַצן פון סולטאַנען...

•

דער גאַנצער צויבער פון פאַרנאַכט צעשווימט מיטן פאַרגיין פון דער זון.

דער פּרימאָרגן ברענגט וואַכעדיקייט. זעסט אַ שטאָט, וואָס ליגט ביים וואַ-
סער ווי אַ פערד־פּאָדקאָווע, אויסגעקײַלעכדיקט אין דריי זייטן. איצט זע־
נען מיר פאַראַנקערט ביים אייראָפּעאישן ברעג. נאָר די ווידער-קולות פון
אַזיע שלאָגן זיך אָן אַהער. די פעסקע איז פאַרשוואונדן, נאָר דער נער־
ווערער געשריי פונעם אָריענט איז געבליבן. אַראָפּגייענדיק פון דער שיף,
באַטרעטנדיק די אַטאָמאַנישע ערד, פילט מען זיך ווי אין געשטויס פון
צוויי וועלטן — אַן אויסערלעך־אייראָפּעאישע און אַן אינערלעך-אַזיאַטישע.
אַ שטאָט מיט מעטראָפּאָליע-טומל. איבערהויפּט ביי דער בריק, וואָס פאַריי־
ניקט ביידע וועלט־טיילן, אַזאַ טומל הערט מען אין די אַנדערע וועלט-
שטעט. עס שלאָגן פון דעם טומל דאָ אַרויס טויזנטער עכאָס, וואָס פאַר־
שטאַרקן דעם אָפּהילך. עס איז פּשוט טויב צו ווערן. עס איז אָפּגעשאַפט
געוואָרן די פעסקע און דער שלייער פאַרן פּנים, די הויזן פון די טערקי־
שע פרויען, די טערקיש-אַראַבישע שריפט איז פאַרביטן געוואָרן אויף
דעם לאַטייניִשן אלף בית. אָבער דער כאַראַקטער פון מזרח-טומל איז
אַלץ געבליבן.

•

מיטן אַזיאַטישן שטאָט-טייל קאָן מען זיך אויך ניט שעמען. וויפיל אוצרות
ליגן דאָרט, וויפיל מי, וויפיל קונסט פון בוי און אַרכיטעקטור! וואָס
פאַרא מאָשעען, פּאַלאַצן, דענקמעלער? דער אָריענט ווייסט ניט פון קיין
פּראָפּאָרציע. קעגנאיבער די מאָשעען און פּאַלאַצן שטייען אָרעמע הייזלעך
פון האָלץ. נעבן בלויען מאַרמאָר — האַלב־איינגעפאַלענע חורבות. אין
די פּאַלאַצן וואוינט מען שוין ניט. קעמאַל פּאַשאַ האָט זיי פאַרוואַנדלט
אין מוזעען. אין די איינגעפאַלענע שטיבלעך וואוינט מען נאָך אָבער
יאָ... וואָרעם קעמאַל פּאַשאַ האָט דורכגעפירט אַן אויסערלעכע רעוואָ-
לוציע, אָבער ניט קיין אינערלעכע. ער האָט אָפּגעשאַפט די סאַטראַפּיע,
אָבער ניט אויסגעוואָרצלט די אָרעמקייט. די שאַך-קאַמערן געהערן דער נאַ־
ציע, אָבער די נאַציע אַליין האָט נאָך קיין ברויט ניט.
פונדעסטוועגן זענען די אויסגעליידיקטע פּאַלאַצן פאָרט נאָך לעבעדיקע
מאָנומענטן, וואָס דערציילן פון דער נעכטיקער גרויסקייט, פון דער סול-
טאַנען־הערשאַפט, פון דער מוסולמענישער מאַכט. אָט זענען די מאָשעען
פון סולײמאַן. דער בלויער מעטשעט אין „איאַ־סאָפיאַ". דאָ שטייען נאָך
פאַר דיר אין זייער ווירקלעכקייט די אַלע געמעלן פון די פאַנטאַסטישע
מעשה-ביכלעך. איבערהויפּט צייכנט זיך אויס די „איאַ-סאָפיאַ", וואָס
איז דורך צען טויזנט שקלאַפן אין משך פון פינף יאָר אויפגעבויט גע־
וואָרן. דאָס איז ניט בלויז דער טעמפל פון מחמדס גאָט, נאָר דער טעמפל

פֿון דער מחמדאַנישער סולטאַנען־הערשאַפֿט. דאָס איז אַזוי אָטעם־פֿאַר־כאַפּנדיק געבויט, ס'איז אַזוי גיגאַנטיש אימפּאָזאַנט, אַז דער פּשוטער מענטש מוז צעמישט ווערן ביים באַטרעטן די שוועל. ער מוז אינגאַנצן ווערן איין שטיק אונטערטעניקייט און געהאָרכזאַמקייט. דריי מאָל אין טאָג דאַווענט מען דאָרט. די מעדזונען־פּריסטערס ווייסן נאָך היינט, ווי אָנצוהאַלטן דעם פּרעסטיזש פֿון דער רעליגיע לויט אַלע כּללים און מנהגים. כאָטש אין דרויסן, אויף דער גאַס, פֿאַר דער טיר, פּלאַטערן די אייראָפּעאישע אויפֿשריפֿטן.

מאָשעען, טורעמס, שפּיצן אויף יעדן ווענד און קער. נאָך יעדן זיג — אַ מאָשעע. בלויז דער מאָשעע פֿון סולטאַן אַהאַמעד, ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מוזעאום. די איבעריקע זענען באַשטימט סיי פֿאַר פֿרעמדע טוריסטן און סיי פֿאַר אייגענע גלויביקע.

און ווילסטו וויסן ווי ברוטאַל, אכזריותדיק און פֿאַרשווענדעריש עס האָט געלעבט איינער פֿון די לעצטע סולטאַנען? — פֿאַר צוויי און אַ האַלבן דאָלאַר וועט מען עס דיר ווייזן. עס איז ניט קיין סך. ווען ער, דער סולטאַן, האָט געלעבט און איז געזעסן אויף דעם טראָן פֿון פּערסישע טעפּיד־קישעלעך, האָבן מענטשן זיכער מער געגעבן דערפֿאַר ווי צוויי און אַ האַלבן דאָלאַר. ס'האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע, וואָס וואָלטן געגעבן טויזנט אַבי אַ קוק צו טון, אַבי איבערצוטרעטן די שוועל פֿון סולטאַנס פּאַלאַץ. און ניט נאָר דעם פּאַלאַץ, דאָס איז ניט געווען דער עיקר, דאָס וואָס האָט צוגעצויגן, איז געווען דער — האַרעם. וואָרעם נאָך איצט, ווי נאָר די טוריסטן־גרופּע שפּאַנט אַריבער די שוועל פֿון פּאַלאַץ־מויער, גיט מען זיך דאָס ערשטע אַ לאָז צום האַרעם, נאָר אַ חוץ עטלעכע פֿאַרוויאַנעטע יעוונוכן, וואָס זענען איבערגעבליבן דאָרט, זעט מען גאָרניט. דער עולם, מענער און פֿרויען, לאָזט זיך צו די בעטן, צו די טואַלעט־טישלעך, טאַפּן מיט די בליקן יעדעס ווינקעלע דאָרט, עס איז נאָך איצט אַפֿילו פּיקאַנט...

נאָר דער עיקר איז דער גרויסער אוצר, וואָס ליגט דאָ און וואָס איז געבליבן ביז איצטער אומבאַרירט, ווי פֿאַרגליווערט. זעסט דאָ די גאַנצע געמיינהייט פֿון די טראָנען. דאָ ליגט הניפה פֿון געקרוינטע קעפּ אין פֿאָרעם פֿון — מתנות. אַ וועלט מיט מתנות: רובינען און בריליאַנטן אין דער גרוים פֿון טויבן־אייער. גאָלד און גאָלד. שטיקער גאָלד אין פֿאַרשידענע פֿאָרעמס. קרוינען און שווערדן, מעסערס און ביקסן, באַזעצט מיט פּערל און כלערליי איידלשטיינער, גאָלדענע געבעט־ביכער, גאָלדענע שרייב־קעסטלעך, גאָלדענע שטולן, גאָלדענע שיך, האַלדזבענדער, אַ וואַלד מיט גאָלד...

און נאָכדעם קומען מעדאַלן און אָרדענס פֿון פֿאַרשידענע גרויסע, גרעסערע און קלענערע מלכים. און ניט נאָר פֿון מלכים, נאָר אויך פֿון רע־

פּובליקאַנישע פּרעזידענטן. און די אַלע מעדאַלן זענען ווידער באַזעצט מיט בריליאַנטן, בריליאַנטן און בריליאַנטן; אַ גאַנצער בראַנד ווערט אָנגעצונדן אין אויג פון אָט די אַלע שטיין־פייערן.

פאַרוואָס עס איז געגאַנגען אין לעבן אָט די מעדאַל־שענקערס צו באַערן מיט די קאָסטבאַרסטע מתנות — אויסגעזויגענעם זאַפט פון פאָלק — דעם אַזיאַט, דעם לעצטן סולטאַן, איז קיין סוד ניט: איין האַנט האָט געוואַשן די צווייטע...

•

אימפּאָזאַנט און איינדרוקספול איז דאָ דער אָריענטאַלישער באַזאַר, וואָס איז איינציק אין זיין פאָרעם און פאַרנעם. אָט־אָ־דאָ, דוכט זיך, ליגט דער שליסל צו דער נשמה פון טערקיש־אָריענטאַלישן מענטשן. עס איז מאָדנע, כמעט אומגלויבלעך. נאָר דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך געפילט, גייענדיק אינעם באַזאַר ווי אין עפּעס אַ היכל. עס איז געווען אין דעם עפּעס אַ מיסטיש געפיל.

דער באַזאַר איז געבויט אין ביזאַנטינישן סטיל און עס איז פאַראַן דאָ אַ געמיש פון קריסטלעכקייט און מוסולמענישקייט. דער אַמאָליקער געראַנגל, בעת וועלכן טייכן בלוט האָבן זיך געגאָסן, האָט דאָ איצטער, נאָך הונדערטער, הונדערטער יאָרן, איבערגעלאָזט זיין אָטעם אויף די דיקע ווענט מיט אַרקאַדן און די געמעלן. דער באַזאַר ציט זיך לאַנג און טיף. בריים און וויים. עס דויערט אַ האַלבן טאָג אויסצוגיין דעם באַזאַר. פאַרהעלטנישמעסיק איז דאָרט שטיל. די סוחרים אַליין, ס'רוב פון זיי, עכטע „אָריענטאַלישע“ יידן פון — יאָס און קאָנסטאַנצע, פון גאַלאַץ און בראַאילאַ, טומלען ניט, שלעפּן ניט ביי די פּאָלעס. זיי זינגען נאָר אויס זייערע סחורות אויף אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט — דאָס פאַראינטערעסירט דעם דורכגייער. אָבער — קויפן, קויפט מען ניט.

מיט איינעם כאַפּ איך אַ שמועס אויף יידיש: „מען לייזט ניט?“

„ס'איז קריזיס אויף דער וועלט. אַמאָל, שיפן זענען דורכגעפאָרן, האָט מען געלייזט. יידן זענען געפאָרן קיין ארץ־ישראל און צוריקוועגס, האָט מען אין טערקיי געקויפט ארץ־ישראל־דיוואַנעס, אויסגעאַרבעט אין — פּערסיע. היינט אָבער, אַז מען פאָרט גאָרניט צוריק פון ארץ־ישראל...“

מילא, געקויפט האָב איך טאַקע ניט, אָבער אַ סך זאַכן האָט ער, דער טערקישער ייד פון — רומעניע, וואָס האָ אַמאָל געהאַלטן אַ יידיש טעאַטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זיך דערוואוסט פון מ י ר נייעס. אַ שטייגער, אַז דזשייקאָב פּ. אַדלער איז געשטאָרבן און אַז — דוד קעסלער לעבט שוין אויך ניט...

גאַלאַטאַ־בעראַ איז דער אייראָפּעאישער שטאָט-טייל. טאַקע אייראָפּע גופא. דאָס איז אַן ענגער, צונויפגעדרענגטער שטח. אין אַלע צייטן האָבן דאָרט געוואוינט די אייראָפּעער. דאָס איז געווען אַ מין אייראָפּעאישער אינדזל ביי די ברעגעס פון אַזיע. גאַלאַטאַ-בעראַ האָט אַלע מנהגים, דעם גאַנצן אָנבליק פון אַ גרויסער אייראָפּעאישער שטאָט: געשעפטן און קאַפעען, רעסטאָראַנען און קינאָס, האָטעלן און טעאַטערס.

די גאַסן זענען דאָ פונדעסטוועגן שמאָל, געדרייט, צו קלעטערן אויף טער־ראַסע-טרעפ. גראָד דער עכט־אייראָפּעאישער טייל פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל־איסטאַמבול איז ניט אינטערעסאַנט. עס איז ניט דערגאַנגען צו דער אייגנאַרטיקער שיינהייט פון אַן אַזיאַטישער הויפּט־שטאָט און קומט ניט צו אַן אמתער אייראָפּעאישער מעטראָפּאָליע.

באַדויערן די טוריסטן, וואָס מען האָט דאָ „אַראָפּגענומען“ דעם כאַראַקטער פון אָריענט. אַז מען באַגעגנט זיך מיט די טערקישע פרויען, איז שוין ניט מיט די שלייערן פאַר די פּנימער, אין די ברייטע הויזן, נאָר אָנגעטון איינפאַך, ווי אונדזערס גלייכן, און דערצו זעט מען זיי נאָך, די טערקישע פרויען, ביי פאַרשידענע אַרבעטן: אין געשעפט, אין רעסטאָראַן, אין פאַבריק. האָבן טאַקע די אייראָפּעאישע טוריסטן וואָס צו זיין אומצופרידן . . . די טוריסטן, ווילן נאָר איינס: האַרעמס . . .

אויסערלעך זעט מען די השפעה פון קעמאַל־פּאַשאַ זיכער אויף טריט און שריט. אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט טערקישער טראַדיציע, איז איצט אַ פאַרברעך. אין די דערפער, זאָגט מען, אונטער פאַרהאַקטע לאָדנס, טוט מען זיך אָן אין דער פעסקע און די פרוי פאַרשלייערט זיך דאָס פּנים מיט אַ וואָאַל.

פון דער אַנדערער זייט וואָלט גוט געווען, ווען די אייראָפּעאישע „קולטור און ציוויליזאַציע“ זאָל ניט דאָרטן אַריינרייסן אין אירע „העכסטע“ און „נייעסטע“ פאָרעמס, ווי אַ שטייגער, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ביכער־שׂרפות, צענזור אויפן פרייען וואָרט, באַוואָפענונג-געיעג, רדיפות, תפיסות איבערגעפולטע מיט אַרבעטער.

אין אַ שמועס מיט אַ פאָרט־אַרבעטער דערוויס איך זיך, אַז אָט די דאָזיקע „ציוויליזאַציע“ איז שוין היפּש אַריינגעדרונגען אין דער מאָדערנער טערקיי. קעמאַל פּאַשאַ ווענדט זי שוין אָן. און ניט אומזיסט האָט מען אים אין גאַלאַטאַ-בעראַ אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט אַלס זעלנער און דיפּלאָמאַט, אַלס דיקטאַטאָר און ציוויליזאַטאָר . . .

•
•

## „אַדריאַ"-שמענדריקעס
### (וואַרשעווער רעפּאָרטאַזש)

איך האָב וועגן „אַדריאַ" געהערט נאָך מיט צוויי יאָר צוריק — ווען איך בין געווען אין וואַרשע עטלעכע וואָכן.

איך האָב געהערט וועגן „אַדריאַ" אין וואַרשע פאַראַיאָרן, בעת איך בין דאָרט געווען עטלעכע טעג.

„אַדריאַ" !

וועגן דעם רעדט מען אין די הייזער פון די שמענדריקעס. אין די אַזוי גערופענע „בעסערע הייזער", וואו דער דלות פייפט און דער הונגער טאַנצט אַ טאַנגאָ ווי סאַלאָמעאָ אין די זיבן פאַלעס . . .

עס רעדן די פּאַניעס, די מאַדאַמען, וועמען די עלטערן האָבן נאָכגע־געבן צען און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר נדן און זיך איינגעהאַנדלט אַ שטיקל „צירונג", אַ טיטל אויף צוויי פּיס — אַ דאָקטערל, אָדער אַן אַדוואָקאַטל, — אָדער גאָר אַ „קופּעץ", אַ סוחרל. איצטער רעדוצירט מען די דאָקטוירים פון די שפּיטאָלן און אַנשטאַלטן. די אמתע קראַנקע, די אָרעמקייט פון קראָכמאַלנע און וואָלסקע, קאָנען צו קיין דאָקטער ניט אָנקומען. דאָס לעבן פונם קליינהענדלער איז אַזוי קאָמפּליצירט און פאַרפּלאָנטערט געוואָרן, אַז ער איז זיך שוין מיאש פון אַן אַדוואָקאַט — ער רעזיגנירט. די כראָניק אין די צייטונגען ברענגט אָפט מיט פּעטיט־שריפט, אַז דער און דער סוחר האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דעם און דעם שטאָק. ווער לייגט אַכט דערויף ? נאָר וועגן „אַדריאַ" רעדט מען. הײנטיקן ווינטער האָט זיך די צאָל אַרבעטסלאָזע (די וואָס זענען באַ־רעכטיקט, על פּי געזעץ, צו קריגן שטיצע) פאַרמערט אויף טויזנטער און טויזנטער. נאָר וועגן דעם רעדט מען ניט אין די באַלעבאַטישע הייזער. כאָטש אַליין האָט שוין דער באַלעבאָס אויסגעמאָסטן מיטן אויג די הויך פון פערטן אָדער פינפטן שטאָק, און שוין ניט איינמאָל זיך געזען אין אַ פאַלנדיקער „פּאָזע" פון קאַבינעט־פענצטער ביז דעם שטיין־ברוק אויפן הויף . . . נאָר רעדן רעדט מען אַלץ וועגן „אַדריאַ". עס רעדט

די באַלעבאָסטע, די וואָס קלאַמערט זיך מיט די לעצטע כוחות אין איר לעצט געזעלשאַפטלעך קלייד און פּוטערנעם מאַנטל, עס זאָל קיין חרפּה ניט זיין צו קומען פאַר די אויגן פון די „אַדריאַ"־געסט.

ווען „אַדריאַ" רעדט מען אין די ביוראָ־צימערן פון די נאָך ניט אינגאַנצן געלאָשענע פאַבריקן. מען לייגט אָפּ צענדליקער אַרבעטער, ווען עס ווערט שוואַכער דער נאָכפרעג אויף סחורות, אָבער מען לייגט דאָך ניט אָפּ די דירעקטאָרן, די אייגנטימער. פאַר די אַקציאָנערן בלייבט נאָך אַלץ אַ הוליע צו טון. הוליען! דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט פון „אויבער־וואַרשע". „אַדריאַ" איז דער סימבאָל דערפון.

אַן „אָנשטענדיקער" מענטש, אַ מאַן פון דער געזעלשאַפט, וועט זיך אַנדערש ניט באַגעגענען מיט זיין דאַמע ווי אין „אַדריאַ". פאַראַן נאָך פּלעצער, טייערערע, פאַר די אמתדיקע „אַריסטאָקראַטן", נאָר „אַדריאַ" איז פּאָפּולער און, דער עיקר — באַליבט.

וואָס איז „אַדריאַ"? אַ קאַפע־„דאַנסינג", אַן אָנשטענדיקער קאַבאַרעט. אַן „אויבן" מיט אַן „אונטן". דער עיקר איז דער „אונטן" — דער „קעלער".

אויף מאַניושקאָ־גאַס, צום אָנדענק פונם גרויסן פּוילישן קאָמפּאָזיטאָר מאַניושקאָ, צווישן מאַרשאַלקאָווסקי און יאַסנע, „צוויי טריט צו דער פילהאַרמאָניע", איז פאַראַן אַ קאַפע אַזאַ מיטן עכט־גריכישן נאָמען „אַדריאַ". מיט די פּאָפּולערע „פייפס", דאָס הייסט „פייף אָ קלאָק" טיי־טאַנץ. דער „אָנשטענדיקער" מענטש קומט צו יענער צייט. עס איז באַקוועם אויך. עס קאָסט ביליקער און מען איז אומגעשטערט זיך צו טרעפן מיט אַ פיינער פרוי. ניט אַלע פרויען קאָנען אַוועקגיין פון דער היים אויף גאַנצע נעכט . . . אויף אַ „פייף" צווישן פינף און זיבן איז מען יוצא.

דאָס געדיכטע הויבט זיך ערשט אָן ווי אין אַלע „לייטישע" קאַבערעטן, נאָך האַלבע נאַכט, ווען די שדים דערוואַכן. די „אויבערשטע" קאַפע שליסט זיך. דאָס „ווערטע" פּובליקום קומט אַראָפּ אונטן אין דער „נידער". עס איז אַן „אידעאַל" פון אַ פּלאַץ פאַר שמענדריקעס, וואָס האָבן קיין גרויסאַרטיקערס ניט געזען. מאַרמאָר־ווענט, וואָס טוישן די פאַרבן לויטן ווילן פונם רעפלעקטאָר־מעכאַניקער, עלעגאַנץ אויף דער העכסטער אָקטאַווע. אַ גרויסער זאָל מיט קאָלומנעס. די אָרנאַ־מענטן זענען מאַטע פענצטערלעך, פון וואַנען עס שיסט אַרויס אַ העל־

רייסנדיק ליכט, נאָר עס גייט איבער אין „שטילע טענער" בעת דעם טאַנצן. עס מאַכט אַזאַ שטימונג ביי דער אויסגעטועטער פּלייצע פון דער דאַמע. געדעמטקייט, אָריענט, טויזנט און איין נאַכט . . .

א קליינע, פוטוריסטיש קאָמבינירטע בינע. אַ גרויסער אָרקעסטער, גאַלאַ, פראַק און סמאָקינג.

„אַטראַקציעס". סאָלאָ־טענצערנס, אַקראָבאַטיק פון העכערן טאָן, זינגער פון די נייעסטע „שלאַגערס". גאַלאַנטע קאַוואַלירן מיט שטעקנס אין די העלזער, מיט פּאָמאַדע אויף די האָר און האָניק אויף די ליפּן. פּראָפּעסיאָנעלע „אונטערטענצער". זייער עובדה איז, איינצולאַדן די דאַמען, אַוועקנעמען זיי פון זייערע אייגענע מענער — אַ רחמנות אויף זיי נעבעך . . . .

שלעכטע צייטן אין פּוילן. שאַמפּאַן ווערט ווייניק גענוצט. על כל פּנים ניט פון די וואַרשעווער. עס זיצן די געהיים־אַגענטן פון פינאַנץ־מיניסטעריום. זיי גיבן אַכטונג אויף יעדנס ברייטקייט, מעסטן יעדנס קעשענע. זיי האָבן אויך אַ חלק. דער וואַרשעווער עולם צאָלט ניט גערן די הויכע שטייערן. אַ תירוץ: — קריזיס. קומען די געהיים־בעאַמטע מעסטן דעם קריזיס לויט דער ברייטקייט פון די „אַדריאַ"־אויסגאַבן. מוז מען זיך באַגניגענען מיט וואָסערע נאַרישע צוואַנציק, דרייסיק זלאָטעלעך. איננאַנצן קיין בלאָזן אין דער געזעלשאַפט פון דאַמען קאָן מען זיך דאָך אויך ניט מאַכן. ווי גאָרניט, צו וואָס מען זאָל זיך ניט צורירן, קאָסט שיינע עטלעכע זלאָטעס. ביטערע צייטן, אַז מען מוז זיך היטן אויסצוגעבן אַ גראָשן . . .

דערמאָן איך זיך גראָד, אַז היינט אינדערפרי בין איך געווען אין אַ „וואוינונג" פון אַן אַרבעטער־טוער אין אַ פאָרשטעטל פון וואַרשע. איך האָב אים, מיין חבר, געטראָפן ביי דער אַרבעט. ער האָט געשריבן אַן אַרטיקל. ער האָט אים אָבער געשריבן אויף אַ ברעטל, וואָס איז געלעגן אויף זיינע קני. געזעסן איז ער אויף אַ קעסטל. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט געמוזט זיין ביסל מעבל, דאָס טישל מיט די שטולן, אריינשטעלן צו זיינעם אַ שכן, מחמת מורא פאַרן פינאַנץ־אינ־ספעקטאָר, פאַרן עקזעקוטאָר, וועלכער וויל זיין „מעבל" צונעמען פאַר שטייערן.

ביידע היטן זיך. מיין חבר אין וואַרשעווער פאָרשטעטל און — מיין מיט־גאַסט אין „אַדריאַ" . . .

ווער־זשע איז דאָס פּובליקום?

איך האָב די „ערע" פּאַרצושטעלן:

דער דאָרט מיט דער ברייטער ליסענע, וואָס וויל פאַר קיין פאַל זיך ניט אונטערגעבן דער שליטה פון זקנה, איז אַן אייגנטימער פון צוואַנציק גרויסע הייזער אין װאַרשע. אַלע אין די אָרעמע געגנטן. ער איז באַזונדער אויפגעלייגט היינט. ער האָט אַרויסגעפּאַקט דעם ביטערסטן „קאַמאָרניק" זיינעם, עקספּמיסירט אַ יידישע שול. עטלעכע הונדערט קינדער האָבן דאָרט יעדן טאָג געוואַרעמט זייערע דאַרע גופימלעך אין אַ חברישער סביבה. מאָרגן וועלן זיך שוין די קינדער וואַלגערן אין גאַס. פאַרוואָס זאָל ער, לכבוד דעם, ניט אויסטרינקען אַ פלאַש מיט — — הער אָבער, צוויי פלאַשן שאַמפּאַן און פאַרבעט יענע בלאָנדע דאַמע, וואָס זיצט דאָרט אַליין אין ווינקל, אַהער.

— ביטע, געערטער הער!

דער יונגערמאַן אָט־דאָ הינטער אונז . . . קוקט זיך ניט אום ראַפּטאָם, ער וועט באַמערקן. דער מיט די טשאַרלי טשאַפּלין וואָנסעלעך, ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַמעריקאַנער „ליידי", געבוירן אין פּינטשעוו. זי איז אַן אַלמנה פון דריי מענער און פון אַלעמען געירשנט אַ היבשע ירושה. אפילו אַלס מאַמע איז זי צו־אַלט פאַר אים, נאָר איצט איז דאָס אויך אַן ענין. זי האָט זיך מיט אים באַקענט. ער האָט זיך אין איר „פאַרליבט", איצטער זיצט ער אין דער געזעלשאַפט פון אַן אָפּערע־כאָריסטקע. פאַר איר, דער אָרימער כאָריסטקע, איז עס פּשוט אַ גליק. די אַלטע דאַמע וועט קיינמאָל ניט קאָנען קאָנקורירן מיט איר, ניט מיט איר שייניט און ניט מיט איר יוגנט. וואָס שייך געלט, נו, איר קאַוואַליר האָט שוין אַ היבשע אַפּותיקא אויף זיין נאָמען. פאַרוואָס ניט — — קעלנער, שאַמפּאַן!

— ביטע זייער, געערטע הערשאַפט.

און יענע דריי?

שותפים צו אַ גרויסער, מעכאַניזירטער שיך־פאַבריק. פון די דריי הונדערט אַרבעטער האָט מען רעדוצירט הונדערט און צוואַנציק. די צאָל שיך וועט אָבער אַלץ איינס פּראָדוצירט. עס איז נאָר פאַרשנעלערט געוואָרן דער טעמפּאָ. בלויז די לוינען האָט מען געשניטן. איינמאָל, צווייִמאָל, דרייִמאָל. צום פערטן מאָל — אַ שטרייק. ליגט סחורה אויפן לאַגער. איידער אויסצואַרבעטן אַ סך און וואַרפן די פּרייזן, איז גלייכ־

כער אַ שטרייק און אָנהאַלטן דעם פעסטן מאַרק. האָבן זיך באַרעכנט די שטרייקער, אַז מער קענען זיי ניט אויסהאַלטן, אויסגעהונגערטע גייען זיי מאָרגן צו דער אַרבעט. זיי ווילן כאָטש די אָנפירער זאָלן אַרויסגעלאָזט ווערן פון תפיסה. מילא, ער האָט עס צוגעזאָגט. כאָטש עס ווענדט זיך דען אין אים? עס ווענדט זיך אין דער פּראָקוראַטור. מען וועט זיי אַרויסלאָזן. אין תפיסה דאַרף מען זיי געבן עסן. אָבער צונעמען צו דער אַרבעט . . . זיי זאָלן זיך ווייטער בונטעווען: ניין! נו, גייט מען מאָרגן צו דער אַרבעט, לויט די געשניטענע לוינען. צוויי זלאָטעס מיט 50 גראָשן אַ טאָג. — פּאַרוואָס־זשע זעט מען אים ניט, דעם קעלנער?

— שאַמפּאַן?

— עפּעס טייערערס איז ניטאָ?

— דאָ איז די ליסטע. די וויין־ליסטע, מיינע הערשאַפטן.

מען קאָן מאַכן אַ גאַנצע קאָלעקציע פון זיי.

איצטער, אָט דאָ ביי די ראַנד־טישלעך דאָס זענען די „אַרימע" געסט. די צען־זלאָטעדיקע באַשטעלונגען. דאָס זענען מערסטענטיילס שמענד־ריקעס, יידישע הייזער־אייגנטימער, עקספּאָרטערן, באַנקירן. זיי האָבן דאָ אַ צוטריט. „אַדריאַ" איז ניט אַנטיסעמיטיש. בפרט, אַז די „זשידלאַקעס" האַלטן זיך אָנשטענדיק, צוריקגעצויגן, קאַרגן אַ וואָרט, טאָמער וועט מען ניט אַרויסרעדן קאָרעקט פּויליש. נוצט מען נאָר דאָס נויטיקסטע און דאָס איבעריקע — שושקעט מען אין אויער אַריין, דער שכן זאָל ניט הערן.

די מוזיק רעדט צו אַלע. די אַטראַקציעס ווילן. די דאַמען זענען ליבנס־ווירדיק. דער קעלנער נויגט זיך פאַר דעם טרינק־געלט. דאָס גאַר־דעראָבע־מיידל שענקט אַ שמייכל. דער פּאָרטער עפנט ברייט די טיר. דער אויטאָמאָביל וואַרט קעגנאיבער דער פילהאַרמאָניע. מען פליט מיט אים, מיטן שמענדריק אַהיים, אין „נאַלעווקער ראַיאָן". ער שטייגט אויס פאַר זיין טויער. עס איז שוין פיר פאַרטאָג. אַ פראָסט. נאָר דריי ווייבער, צוויי קינדער צוזאַמען מיט פינף קוישן בייגל באַגעגענען אים:

—פּאַניע, קויפט בייגל, קאָכעדיק, בריעבץ!

## אויפֿן שיף
(סקיצע)

אין די מעלדונג־ביכער און אין געבוירן־שיין איז צווישן דעם וואָרט בצלאל און ליפשיץ אויך געשטאַנען פאַרשריבן צוויי אומבאַקאַנטע ווער־טער, וואָס גאַנץ ווייניקע האָבן פאַרשטאַנען זייער באַטייט. די צוויי ווערטער זיינען געווען „קריסטיאַן ארטים”, וואָס צוזאַמען האָט עס זיך געלייענט : „בצלאל קריסטיאַן ארטים ליפשיץ”.
דער דאָזיקער נאָמען איז פאַרשריבן געוואָרן אין אַ געוויסן פאַרטאָג־דעם 28 מערץ פון יאָר דעם און דעם. דאָס הייסט צוריק מיט דרייסיק יאָר. דורך דעם געהילפס־קאַפּיטאַן אויף אַ שיף טאַקע מיט דעם נאָמען „קריסטיאַן ארטים”, וואָס איז נאָר וואָס געהאַט אַריינגעשוואומען אין רשות פון די אַמעריקאַנער וואַסערן, נאָכדעם ווי דער שיפס־דאָקטער האָט געמאָלדן, אַז ס'איז אַ ייִנגל און די מוטער פילט זיך גוט און גע־פינט זיך אין קליינעם שפּיטעלעכל פון צווישן־דעק קלאַס.
צוזאַמען מיטן דאָקטער האָט זיך אויך מיטגעשאַרט אַ הויכער ייִד מיט אַ ברייט אָפן פּנים, מיט אַ קיילעכדיג פאַרשוירן טונקל־ברוין בערדל. דאָס בערדל איז געווען אין גלייכער סימעטריע מיטן רונדיקן שטערן און כמעט די זעלבע פאַרב פון זיין הויט. דער ייִד האָט געהייסן ברוך ליפשיץ, און האָט זיך געפילט עפּעס שולדיק אין דעם קלאַפּאָט וואָס ער האָט דאָ פאַרשאַפט די שיף־אָפיצירן און באַאַמטע דערמיט, וואָס דאָס באַשעפעניש האָט זיך געפעדערט צו פאַרלאָזן זיין ווייבס טראַכט סך הכל עטלעכע שעה פריער, איידער די שיף האָט געאַנקערט ביי די ניו־יאָרקער ברעגן. נאָך מער האָט עס אים געאַרט, וואָס ווי נאָר עס האָט זיך דערהערט דער ערשטער שוואַכער קוויטש פון דעם עופהלע, האָט זיך גלייך פון דער קאַיוטע מיט דעם רויטן צלם אויף דער טיר באַוויזן די קראַנקן־שוועס־טער און געמאָלדן, אַז דאָס קינד איז געקומען אויף דער ימיקער וועלט, און לכן צי האָט ער צוגעגרייט פון פריער אַ נאָמען.
— אַ נאָמען? צוגעגרייט? — האָט זיך ברוך ליפשיץ געפילט עפּעס פאַרלוירן — און פון פאַרלוירנקייט איז דאָס קיילעכדיקע ברוינע בערדל נאָך ברייטער געוואָרן פון דעם שמייכל וואָס האָט זיך צעשפּרייט אויף

זיין פּנים. — דאָס ערשטע מאָל דען אַזאַ געשיכטע? — ער האָט גע־זוכט מיט די אויגן אין יענעם ווינקל וואו עס איז געווען דער אַריינגאַנג צו דער ברייטער קאַבינע, וואָס צווישן פּופּציק געלעגערס, אייזערנע פּרעגט־בעטן, האָבן זיך אויך געפונען דריי געלעגערס פאַר זיינע דריי יונגען, און אין קעגנאיבערדיקער קאַבינע, אין דער ווייבערישער, האָבן זיך גע־פונען אין שכנות פון זיין ווייב נאָך צוויי געלעגערס פאַר די טעכטער. אַחוץ פאַר דעם יינגסטן, וואָס איז אַלט געווען אַ יאָר מיט אַכט חדשים, און איז איינגאַנצן איבערגעגעבן געוואָרן אין פרעמדע הענט פון גוטע שכנים, שיף־שוועסטער, ביז די מוטער וועט זיך פילן געבעסערט.

ער האָט געשוויגן. ער האָט געטראַכט, אַז פונדעסטוועגן, וואָס איז דער געאייל מיט אַ נאָמען? ס'איז אַ יינגל. מען דאַרף עס נאָך יידישן, אַז גאָט וועט העלפן, מ'וועט טאַקע זיין אויף אַן אָרט. ס'וועט אויספעלן אַ נאָמען? וואָס? אמת, אַז ביידע זיידעס און ביידע באָבעס זיינען שוין פאַרנוצט קיין עין הרע פון זיין קליינוואַרג, יינגלעך און מיידלעך . . . אפילו עלטער־באָבעס און עלטער־זיידעס אויך. נאָר די משפחה אויפן בית עולם אין דעם קליינעם ליטווישן שטעטל איז גרויס. עס וועט קלעקן נעמען. נאָר דאָס געאייל פאַרשטייט ער ניט . . .

די קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָט איצטער אויסגעזען אין אירע אייגענע אויגן וויכטיק און האָט געבלענדט מיט דער וויכטיקייט דורך דער וויס־קייט פון איר פאַרטעך, האָט ממש געברענט אין ברוכס אויגן אַריין מיט דעם אויסגענייטן רויטן־קרייץ אויפן שטערן־טיכל. ליפשיץ האָט זיך געפילט צונויפגעפּרעסט אין דער מאַנונג פון דעם קרייץ. און האָט מיט הילפלאָזע און פאַרלוירענע בליקן געזוכט ביי די שכנים, וואָס האָבן זיך לעבן אים אַרומגעשטעלט און, ווי ער צו זיי, שטום צוריקגעשמייכלט:

— כ'פאַרשטיי טאַקע ניט, וואָס האָט מען קיין צייט ניט מיט אַ נאָמען?

די שוועסטער, מיט אַ מינע גלייך זי וואָלט פאַר אים געהאַט דאָס קינד, ניט זיין ווייב, האָט געמאַכט אַן אומגעדולדיקע גרימאַסע און געפאָדערט:

— מיר האָבן ניט קיין צייט. אויב איר האָט ניט פאַרגרייט, וועלן מיר עס אַליין אַ נאָמען געבן.

די אַרומשטייענדיקע שיף־מיטפאָרער האָבן זיך אַריינגעמישט:

— נו, גיט עס אַ נאָמען, אַז ס'איז אַזאַ גזירה.

דערווייל איז צוגעקומען אַ שיפס־אָפיציר. די שוועסטער האָט זיך מיט אים מישב געווען. דער אָפיציר האָט גערעדט מיט איינעם פון די רייזנ־

דיקע. יענער האָט ווידער ברוכן צו פאַרשטיין געגעבן:

— מען מוז עס פאַרשרייבן, אַניט וועט מען עס ניט אַראָפּלאָזן.

ברוכס קיילעכדיק בערדל האָט זיך אויסגעלענגלעכט, ווי עס וואָלט גרייט געווען צו מאַכן אַ באַקוועם אָרט פאַר די פינגער זיינע, זיי זאָלן האָבן וואָס צו ציען ביים קלערן. גלייכצייטיק האָבן זיך פון ערגעץ אָפּגעזוכט דריי קנייטשן אויף זיין שטערן, וואָס האָבן זיך געפּאָרמט ווי טרעפּלעך צו זיין מח. ער האָט טאַקע זיך געמאָלקן ביי זיין אויסגעשפּיצט געוואָרן בערדל, אַדורכגעזיפּט פאַר די שפּאַרקעלעך פון די צוגעלעגטע אויגן אַלע נאָנטע, געשטאָרבענע קרובים. און פּלוצלינג זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ גאַנץ ווילד־פרעמדן ייד, זייערם אפילו ניט קיין נאָנטער שכן, וואָס איז צופּאַסמעט געוואָרן אויף שטיקער פון אומבאַקאַנטע אָנפאַלער אין ווייטן אורוגוואַי, בעת ער האָט געפּאַשעט זיין סטאַדע שאָף. ברוך האָט איצט דערפילט, אַז ער האָט באַצאָלט אַ חוב. ער האָט ניט־דרייסט געמאָלדן:

— בצלאל. נו, מילא, זאָל מען אים פאַרשרייבן בצלאל.

די קראַנקן־שוועסטער איז געווען אומצופרידן פון דעם נאָמען. זי האָט זיך דאָס ערשטע געפרעגט, ווי אַזוי מען לייגט אויס אַזאַ נאָמען. און נאָכ־דעם גאַנץ דייטלעך געגעבן אָנצוגעהערן:

— אויב ניט דעם נאָמען פון קאַפּיטאַן, איז כאָטש דער נאָמען פון שיף.

נאָר דאָס האָט זי שוין ניט געפרעגט און ניט געפּאָדערט. זי האָט אַליין פאַרשריבן און ווען דער דאָקטער איז אַרויס פון דער געווינעריגס קאַ־בינע, האָט זי אים דעם צעטל דערלאַנגט. דער דאָקטער האָט אַ קוק אַריין געגעבן אין שטיקל פּאַפּיר, אַ רגע נאָכגעטראַכט, זיך צעשמייכלט און ווידער ערנסט געוואָרן און צום סוף געפרעגט:

— ווער איז דער פּאָטער?

— אַז מען האָט אים אָנגעוויזן אויף ברוכן, וואָס האָט פון זיך גע־וויקלט דעם שאַליק פון אָרום האַלדז, גלייך מיט דעם וואָלט ער אויס־געדריקט עפּעס אַ כבוד און באַלוינונג פאַרן דאָקטער, וועמען ער, ברוך, האָט אַזוי פיל מי פאַרשאַפט, האָט דער דאָקטער שטיל און טרוקן באַפוילן ער זאָל מיטגיין.

געגאַנגען איז מען איבער די טרעפּ, וואָס פירן צום אויבערשטן דעק. פון דאָרט, דורך די געקאַלעכטע ווייסע, שמאָלע קאָרידאָרן אויף שטריק־גע־שטריקטע טעפּיכער, אין וועלכע די האַרטע טריט פון ברוכן זיינען פאַר־שלונגען געוואָרן. מען איז צוגעקומען צו דער אָפּיס־קאַבינע און דאָרט האָט עס דער געהילפס־קאַפּיטאַן פאַרשריבן, פּשוט און איינפאַך, ווי מען וואָלט פאַרשריבן אַ נייעם פּאַסאַזשיר, וואָס האָט זיך דאָ אינמיטן ים אויפגעזעצט אויף דער שיף . . .